י ה ו אָ ש

# לידער, מעשהלעך, משלים

מוסטערן פון תנך אין יידיש

ארץ-ישראל אין 1915-1914

יוסף ליפשיץ-פאָנד
פון דער ליטעראַטור-געזעלשאַפט ביים ייווא

יהואש

# לידער, מעשהלעך, משלים

מוסטערן פון תנך אין יידיש

ארץ־ישראל אין 1914 — 1915

מוזיק צו 5 לידער

פראַגמענטן פון פאַרשאַרבעטן

צו דער כאַראַקטעריסטיק

און זכרונות

אַריינפיר און רעדאַקציע

פון

שמואל ראָזשאַנסקי

אַרויסגעגעבן מיט דער ספּעציעלער דערלויבעניש פֿון דער
יהואָש־פֿאַרלאַג־געזעלשאַפֿט און די יורשים פֿון יהואָש אין ניו־יאָרק

25סטער באַנד פֿון ציקל

# מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פֿון

## י ו ס ף  ל י פֿ ש י ץ ־ פֿ אָ נ ד

פון דער

## ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ
## אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע פֿון

שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור און געכתיבהטע נאָטן
יעקבֿ יהושע לערמאַן

טיראַזש: 1.200 עקז׳

יאָר: ה׳תשכ״ו — 1965

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן

זייט



## קומט דער גוטער צויבערמאַן...



## תנך אין יידיש ........ 257



## צו דער כאַראַקטעריסטיק ........ 267



## מוזיק: ........

# ביאָגראַפֿישע שטריכן

יהואָש איז דער פּסעוודאָנים פֿון יהואָש־שלמה בלומגאַרטן. געבוירן 16 סעפּטעמבער 1872 אין ווערזשבאָלאָווע (ווירבאַלן), סוּוואַלקער קאַנט, אין יענער צייט אויף דער גרענעץ פֿון רוסלאַנד און דייטשלאַנד.

דער פֿאָטער, ר׳ כלב (קאָלעוו), אַ למדן, אַ ירא שמימניק, אָבער אויך אַ חובב־ציון און אַ פֿאַרליבטער אין השכלה־ליטעראַטור. די מאַמע, תמיד גרייט צו העלפֿן נויטבאַדאַרפֿטיקע, אין חברות און אויסער זיי.

צו די 4 יאָר אָנגעהויבן גיין אין חדר, פֿון איין מלמד צום צווייטן, אויך געלערנט ביים טאַטן, איז וויניק געווען חומש, גמרא, און זיך צוגעכאַפּט צו השכלה־ליטעראַטור, ספּעציעל צו סמאָלענסקין, גאָטלאָבער א״אַ.

אַז ר׳איז אַלט געוואָרן 13 יאָר, האָט אים דער טאַטע אַוועקגעשיקט אין וואָלאָזשינער ישיבה. ער האָט זיך אָבער דאָרטן נישט לאַנג אויפֿגעהאַלטן. צוריקגעקומען און געזוכט אַ תכלית. דאָ איז ער געוואָרן נידערגעשלאָגן פֿון דער שוועסטערס טויט. שיינע האָט זי געהייסן. האָט ער פֿאַר איר געהייליקט איינס פֿון זיינע ערשטע לידער, וואָס ער האָט אָנגערופֿן „דער בית שני״.

*

צוריקגעקומען אין שטעטל, האָט י. זיך צוגעכאַפּט צום לערנען שפּראַכן, צו קענען זייערע ליטעראַטורן.

קוים 15 יאָר אַלט געווען. גענומען מאַכן אַ לעבן פֿון לערעריי, געבנדיק לעקציעס אין רייכע הייזער. געשריבן לידער אויף העברעיִש (נאָר נישט געדרוקט). קיין תכלית האָט זיך אָבער נישט אַרויסגעזען, האָט ער באַשלאָסן צו עמיגרירן און פֿאַר דעם צוועק געקומען אין וואַרשע.

דאָ האָט אים זיין שוואָגער, דער העברעיִשער שריפֿטשטעלער בן־אַביגדור, געבראַכט צו פּרצן, ווייל ער האָט זיך שוין אַרומגעטראָגן מיט אַ פּעקל כתבים אין יידיש. עס איז אָבער גענוג געווען, ער זאָל איבערלייענען די ערשטע פּערזן, און שוין איז פּרץ געווען אַנטציקט. די דאָזיקע ערשטע לידער זיינען געווען געדרוקט אין 2טן באַנד פֿון די יודישע ביבליאָטעק.

*

אין 1890 איז יהואָש אָנגעקומען אין ניו־יאָרק און באַלד געוואָרן אַ העברעיִשער לערער. די העברעיִשע לידער זיינע האָבן אָבער נישט געפֿונען קיין חן. האָט ער פֿאַרלוירן דעם מוט און באַשלאָסן אָפּצולאָזן זיך פֿון שרייבן.

ער האָט זיך גענומען צו געשעפֿט. געמאַכט שותפֿות מיטן שרייבער יעקב מאַרינאָוו, ביי שניידעריי, „קלאַפּן״ און לסוף ווי אַ בוכהאַלטער אין אַ גלאָזפֿאַבריק.

דערמוטיקט ווייטער צו שרייבן העברעיִש, האָט ער געגרייט אַרויסצוגעבן אַ באַנד שירים. אָבער ער איז קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט און געמוזט אַוועקפֿאָרן אין דענווערער סאַנאַטאָריע פֿאַר טובערקולאָזע. דאָ האָט ער באַנייט זיין שרייבן און ער האָט דאָס געטאָן אויף יידיש. געשיקט זיינע לידער צו די טעגלעכע צייטונגען פֿון

אייראָפּע איז אַמעריקע און — זיי זיינען געדרוקט געוואָרן, ספּעציעל אין פּעטערבורגער פריינד.

*

1908. יהואָש מאַכט אַ טור (פאַר אַ געזעלשאַפט) איבער אַמעריקע און ער קוקט זיך אָן מיט דער אַמעריקאַנער לאַנדשאַפט, בערג, טאָלן און טייכן. ר׳איז פאַרכישופט. אונטער דער ווירקונג הייבט ער אָן באַשרייבן אין לידער די נאַטור. זיין שם וואַקסט. זיין



יהואָש אין ניו־יאָרק אַרום 1920

טאַלאַנט און קולטור ווערט באַלד פון אַלעמען אָנערקענט.

י. באַקענט זיך מיטן מעדיצינער פון דענווער־סאַנאַטאָריע, ד״ר ח. ספּיוואַק, און די קאַנטשאַפט ברענגט קאָלאָסאַלע נוצן פאַר דער ייִדישער שפּראַך. קעגנזייטיק סטימולירן זיי זיך אין זייער טיפן אינטערעס צו העברעיִש און די שפּראַכן, וואָס פון זיי האָט העברעיִש אָנגעזאַמלט אוצרות ווערטער, וועלכע זיינען געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון העברעיִש. אין 1911 איז דערשינען זייער שותפותדיק אידיש ווערטערבוך. דאָס רעגט יהואָשן שטאַרקער אָן איבערצוגעבן זיך זיין פּלאַן איבערצוזעצן גאַנץ תנך אויף ייִדיש, וואָס ווערט זיין לעבנס־אויפגאַבע און איינער פון זיינע גרעסטע אויפטוען.

*

אין 1907 דערשיינט אין נ״י יהואָשעס ערשטער באַנד געזאַמלטע לידער. זיי מאַכן אים אַ גרויסן נאָמען אין דער גאַנצער ייִדישער קולטורוועלט. דער ב׳ ווערט אין 1910 איבערגעדרוקט.

י. האָט חתונה. די פרוי ווערט זיין ווונדערלעכע באַגלייטערין און מיטהעלפערין אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, ווי דאָס איז שפּעטער געוואָרן די איינציקע טאָכטער, חוה, וועלכע האָט ביז גאָר טיכטיק מיטגעאַרבעט ביים אַרויסגעבן דעם תנך אין ייִדיש.

אין 1909 באַזעצט זיך י. אין נ״י. דאָ דערשיינט אין 1910 די ערשטע סעריע איבערזעצונגען פון תנך און אין 1912—1913 זיינע נייע ביכער לידער און פּראָזע, וועלכע גיבן אים נאָך מער אָנזען ווי אַ פּאָעט. די ביכער זיינען: זון און נעבל, פאַבלען, פון דער וועלט און יענער וועלט. יהואָש האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש דאָס אוניווערסאַל באַרימטע ווערק הייאַוואַטאַ פון לאָנגפעלאָ און דאָס בוך פון אָמאַר כאַיאַם — רובאַיאַט.

י. גיט זיך אויך אָפּ צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט (אין נאַצ׳ אַרבעטער־פאַרבאַנד, פּועלי־ציון). אין 1914 פאָרט ער מיט ווייב און קינד קיין ארץ־ישראל: אי ער וויל דאָרטן פאַרבלייבן, אי ער וויל גרינטלעך דערלערנען אַראַביש און אַנדערע מזרח־שפּראַכן, וואָס ער האַלט פאַר אומבאַדינגט נייטיק, אויף פאָרצוזעצן די תנך־אַרבעט. אייבערן מלחמה־אויסבראָך פאָרט ער אָבער אַוועק אין 1915 און קומט נאָך לאַנגע וואַנדערונגען צוריק אין ניו־יאָרק. ער דרוקט 3 בענד זכרונות פון ניו־יאַרק ביז רחובות און צוריק. יהואָש שאַפט אַ ציקל לעגענדעס, מעשיות, שפּליטערן, די פּאָעמע „שלמהס רינג״, אָבער דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן ממש זיך מקריב געווען פאַרן תנך, וואָס ער האָט אַרויסגעענדיקט אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט, דערשינען טיילווייז אין צענדלינגער אויסגאַבעס — אַ מאָנומענטאַל ווערק.

דער קראַנקער דיכטער האָט פון דעסט וועגן באַוויזן וווּנדער אויפצוטאָן, אַרבעטנדיק אָפט מאָל צו צוואַנציק שעה אַ טאָג, ס׳רוב איבערן תנך.

יהואָש איז געשטאָרבן אין נ״י דעם 10טן יאַנואַר 1927.

# יהואָש — דער דיכטער־פילאָסאָף פון זיין, פון ווערט און פון ווערדע

## אַ ביבלישע געשטאַלט

פּונקט ווי זײַן שרײַבער־נאָמען, אַזוי איז יהואָשעס דיכטונג און זײַן ווירקונג אין דער ליטעראַטור באַחנט מיט ביבלישער מיסטעריע. „זײַן געשטאַלט — זאָגט דער קלאַסישער מאָלער — איז בײַ מיר צונויפגעפלאָכטן מיט אונדזער ביבל"[1].

יהואָש האָט געלעבט נישט מער ווי 55 יאָר — דאָך געהערט ער אי צו די ראשונים אי צו די אַחרונים. „יהואָש איז גלײַכצײַטיק אַ פּיאָנער און אַ הײַנטצײַטיקער פּאָעט", ווײַל „צוזאַמען מיט ש. פֿרוגן און י. ל. פּרצן אין דער אַלטער היים און מאָריס ראָזענפֿעלדן און אַבֿרהם וואַלט־ליעסין (אין אַמעריקע) האָט ער געהאָלפֿן אַרײַנפֿירן און אײַנבירגערן פּאָעזיע בײַ ייִדן[2]. שוין אין 1907 הערט ער פֿון נישט קיין אַנדערן ווי פֿון דעם פֿאָטער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור: „מען לעקט פֿון אײַך די פֿינגער"[3]. ער איז אָבער אויך זוכה, אַז די מאָדערניסטן שבמאָדערניסטן זאָלן וועגן אים זאָגן: „לויט אונדזער אויפֿפאַסונג איז ער די באַדײַטנדסטע פֿיגור אין דער גאַנצער ייִדישער דיכטונג הײַנט צו טאָג, אַ פּאָעט וואָס הערט ניט אויף צו זוכן"[4].

---

[1] מאַרק שאַגאַל — „וועגן יהואָשן", ליטעראַרישע בלעטער נ' 143, וואַרשע 1927.

[2] ב. ריווקין — ייִדישע דיכטער אין אַמעריקע, נ"י 1959, ז' 30.

[3] י. ל. פּרץ — (בריוו) „צו יהואָשן", ייִוואָ־בלעטער ב' XII, נג' 1־3, ז' 173, ווילנע 1937.

[4] יעקב גלאַטשטיין, א. לעיעלעס, נ. מינקאָוו — „אינטראָספּעקטיוויזם", אין זיך, נ"י 1920, ז' 23.

דאָך — נאָך אַלע באַצײַטנדיקע אָדער פּריצײַטיקע דערפֿאָלגן — איז יהואָשן גאָר נישט גרינג אָנגעקומען זײַן גאַנג אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור. פֿאַרקערט. די אַמעריקאַנער יונגע חוזקן פֿון זײַן אַלטער סאָלידקייט גלײַך פֿון דעבוט אָן. זייער ערשטער קריטיקער, מער לויבזינגער ווי קריטיקער, דריקט־אויס זייער מיינונג, ווען ער זאָגט: „דער הײַנטיקער פּאָעט רעדט מער ניט צו דער זון, צו דער לבֿנה און צו די שטערן (למשל, אַזוי ווי יהואָש), ער רעדט צו מענטשן״ [5]. אַפֿילו דער וואָס האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין דער ייִדי־שער ליטעראַטור האָט צו אים טענות, פֿריִער פֿאַר ניצן דײַטשמעריז־מען, שפּעטער אַנגליציזמען, און דער עיקר פֿאַר זײַן צו פֿיל אונ־טעריִ הײַנעס השפּעה. „דאַרף איך אײַך באַווײַזן — זאָגט ער — אַז עס איז געווען אַ צײַט, ווען אַלע ייִדישע דיכטער און שרײַבער האָבן נאָכגעמאַכט הײַנע? בין איך דען דערבײַ נישט געווען און אַרום זעלבן עגל גלײַך מיט אַלע, אויב נישט פֿריִער פֿאַר אַלע, געטאַנצט? דאַרף איך אײַך באַווײַזן, אַז איר האָט אין יענער צײַט געשריבן און דערפֿון נישט פֿרײַ געווען?״ [6]. אַפֿילו ווען יהואָש איז שוין פֿאַר אַ סך אַ פֿאַרהייליקטע געשטאַלט, „אַ פּרץ־טיפּ״, און זיי האַלטן אַז „יהו־אָש האָט געקענט און געדאַרפֿט — אין אַמעריקע —אויספֿולן אַזאַ אָרט ווי פּרצעס״ [7]; אַפֿילו ווען אַזאַ נישט נאַיִווער שרײַבער, נײַערט אַ ראַפֿינירטער אַמעריקאַנער געזעלשאַפֿטלעכער טאָנגעבער האָט זיך דערלויבט צו זאָגן, אַז „בײַ לײַטן וואָלט יהואָשעס טויט געווען אַ פֿאָלקסטרויער״ [8]; זאָגן אַנדערע, אַז יהואָשעס ווערק זײַנען, לײדער, געבליבן ביכער; זיי זײַנען נישט דערגאַנגען צום ייִדישן לייענער״ [9].

[5] נח שטיינבערג — „מ. ל. האַלפּערן״, יונג אַמעריקאַ, נ״י 1917, ז׳ 214.

[6] י. ל. פּרץ — ד״ז, ז׳ 175.

[7] ברוך גלאַזמאַן — „יהואָש״, די צוקונפט, נ״י מאַרץ 1927, ז׳ 173.

[8] ב. װלאַדעק — „יהואָש״, די צוקונפט, נ״י פעברואַר 1927, ז׳ 77.

[9] נחמן מייזיל — „דער גרויסער עניו״, ליטעראַרישע בלעטער נ׳ 142, װאַרשע, 21 יאַנואַר 1927, ז׳ 48.

דאָס איז מסתּמא דערפֿאַר, ווײַל יהואָש איז נישט געגאַנגען מיט דער צײַט: אָדער ער איז פֿאָרויסגעגאַנגען, אָדער ער איז צוריקגעגאַנגען...

ער איז דער ערשטער יידישער אינטעלעקטואַליסטישער פּאָעט — מיט דעם איז ער פֿאָרויסגעגאַנגען. און ער איז דער ערשטער יידישער דיכטער, וועלכער האָט קדושהדיק זיך געטובֿלט אין יידישער טראַדיציע און זיך אָנגעבונדן אין סטיל פֿון תּנך — מיט דעם איז ער צוריקגעגאַנגען.

ער איז קיינעם נישט געשטאַנען צו דינסט.

זיך נישט נאָכגעיאָגט נאָך דער מאָדע.

יהואָש איז דער ערשטער אויטענטישער אומאָפּהענגיקער יידישער דיכטער — דורך און דורך איך.

אָט ווי ער דעפֿינירט זיך קינסטלעריש פֿילאָסאָפֿיש אינעם ליד „דער נבֿיא“:

„איך בין דער טויער און די טיר,
איך בין דער שליסל און די שוועל,
איך בין אַן אָנזאָג און אַ טרעל,
און וועלדער פויגלען היגטער מיר...“

ער איז אַזוי אויטענטיש, יהואָש, אַז אַפֿילו זײַן פּסעוודאָנים קלינגט בײַ אַלעמען ווי זײַן אמתער נאָמען. דער ביבלישער נוסח פּאַסט אים אַזוי, אַז אַפֿילו ווען ער איז שוין באַרימט, פֿרעגט אים נישט קיין אַנדערער ווי י. ל. פּרץ: „איר האָט גאָר קיין פֿאַמיליע־נאָמען נישט?“ [10].

יהואָש איז דער ערשטער יידישער דיכטער אין ביבלישן סטיל און טראָגט אויף זיך דעם חותם פֿון ביבלישער אַחריות, האַרבקייט, ערנסט, שטרענגקייט, דעם הידור פֿון ביבלישער סוווערעניטעט.

---

[10] ד"ז ברייו.

## דער פּאָעט פון אייביקייט־מאָמענטן

יהואָש — וועלכער האָט אַפילו אין אַמעריקע געטראָגן די ברייטע „אַלטמאָדישע" קינסטלערשליף אַנשטאָט אַ קראַוואַט — האָט קיין מאָל זיך נישט געיאָגט נאָך דער מאָדע. ער האָט אין דער אייביקייט געזוכט די אַלטעגלעכקייט. דערפאַר האָט אים תמיד אַזוי געלאָקט דער תנך.

ער איז, יהואָש, דער פּאָעט פון אַלוועלטלעכקייט און אַלצייַטיקייט.

מ׳קען זייַן דיכטונג אַרייַנפּאַסן אין דער אַנטאָלאָגיע פון וועלכער ס׳איז עפּאָכע.

אין דעם פּרט איז ער אַ יוצא מן הכלל אין דער ליטעראַרישער פּאַנאָראַמע פון זייַן דור.

בעת די מערסטע שאַפונגען פון די וויכטיקסטע יידישע שרייַבערס אויף דער שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט זייַנען גלענצנדיקער שטאָף צו אילוסטרירן און דאָקומענטירן דאָס יידישע לעבן פון זייער צייַט, קען יהואָש נישט גענומען ווערן ווי אַן עדות פון די צייַט־געשעענישן.

יהואָש איז נישט דער דיכטער פון זייַן צייַט — ער שטייט איבער דער צייַט. ער איז נישט קיין געטאָ־פּאָעט, נישט פון שטעטל אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד, פון וואַנען ער איז אַרויסגעוואַקסן, נישט פון אימיגראַנטישן ניו־יאָרק, וווּ ער איז אַרייַנגעוואַקסן. מ׳דאַרף בייַ אים נישט זוכן קיין לאָקאַלן לעבנשטייגער, מאַטעריאַל פאַר עטנאָגראַפיע — מ׳וועט דאָס נישט געפינען.

ער איז דערפאַר אַן עקזאָטיש געוויקס אין דער יידישער ליטעראַטור, פאַר איר לייענער און פאַר איר קריטיקער. „ווער איז ער? — האָט זיך תחילת געחידושט אַפילו דער וואָס איז יאָ געניגט צו אַבסטראַקציעס — דעם דעמאָלטיקן יהואָש האָט מען אַרומגעשמעקט,

געטאַפּט מיט די פינגער און שלעכט פאַרשטאַנען. מיר האָבן געפילט דעם ריח פון געטריקנטע בלומען. אַ ווייטער ריח פון בלומען"[11]...

דער סענטימענטאַלער קריטיקער, פאַר וועמען דאָס פרימיטיווע פאָלקסליד איז צוליב דער אויפריכטיקייט אַן אידעאַל, קען אַוודאי נישט פאַרטראָגן אינטעלעקטואַליזם אין פערזנקונסט. ער האַלט פאַר אַ חסרון, וואָס „יהואָש איז צו שטרענג צו זיך". ווייל „די אמתע שלימות אין קונסט ווערט דערגרייכט זייער אָפט דאַן, ווען מען מיינט אַז מ׳זינדיקט קעגן איר". ער זעט, אַז יהואָש „האָט אין דער יידישער פּאָעזיע אַריינגעבראַכט פיל טיפע וועלטמאָטיוון, געדאַנקען און בילדער", אַז „אין זיינע בעסטע לידער שפּיגלט זיך אָפּ דער צייטגייסט, די טיפסטע איבערלעבונגען פון דער יידישער אינטעליגענץ מיט אירע טראַגישע ווידערשפּרוכן, איר שטענדיקע מלחמה אַנטקעגן איר אומהיילבאַרער חקרנות־קרענק און איר שטרעבן צו פּרימיטיווער גאַנצקייט און פרייהייט", אָבער ער האַלט אַז „דאָס פעלט אַזוי שטאַרק יהואָשן אַליין"[12]...

פעלט דאָס בלויז יהואָשן אַליין? פעלט דאָס נישט אַלע גרויסע מענטשן פון גייסט? וואָס מער אומרו און שעפערישקייט, אַלץ מער קאָנפליקטן קומען אין אים פאָר און אַלץ ווייניקער קען ער זיך באַרימען מיט זיין „גאַנצקייט און פרייהייט"...

וואָס גרעסער די פּערזענלעכקייט, אַלץ דראַמאַטישער איז דאָס לעבן. אַלץ מער איז איר באַשערט צו גיין קעגן שטראָם. אַלץ מער איינזאַם איז זי, די פּערזענלעכקייט, און אַלץ מער קומט איר אויס צו גיין אַליין.

יהואָש ווערט אָנגערופן דער שבתדיקער אַליין־זינגער, און עס „שטייט אין דעם גרעסטן טייל פון זיין שאַפן און דער הויפּט אין דעם וואָס איז עכט יהואָשדיק — אַ וועלט, וועלט־צער"[13].

---

[11] פּרץ הירשביין — אין גאַנג פון לעבן, זכרונות, ב׳ 1, נ"י 1948, ז׳ 56.

[12] יעקב פיכמאַן — „די יידישע ליריק", די יידישע מוזע, וואַרשע 1911, זז׳ 19—20.

[13] ב. י. ביאַלאָסטאָצקי — לידער און עסייען, נ"י 1932, ז׳ 157.

דאָס איז נישט קיין איבערגעזעצטער „וועלטשמאַרץ" פֿון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. דאָס איז אויך נישט קיין אָפּשפּיגלונג פֿון „צײַטגײַסט". און נאָך ווייניקער איז דאָס „אומהיילבאַרע חקרנות־קרענק"...

דאָס איז דער אייביקער קאָנפֿליקט אין אידעלן מענטשן, וועל־כער זעט פּערמאַנענט דעם תּהום צווישן זועלן און זײַן.

דאָס איז אומרו פֿון אַלע צײַטן.

אַזעלכע סענסיטיווע מענטשן וועלן זײַן דראַמאַטיש אַפֿילו אין דער גליקלעכסטער צײַט...

דאָס איז דער וועלטשמאַרץ פֿון דער אייביקייט.

ער איז בײַ יהואָשן אַזוי עכט, אַז ווען מ'זאָל אים איבערזעצן אויף אַנדערע שפּראַכן, וועט מען נישט פֿילן, אַז דאָס איז פֿון אַ שבתדיקן פּאָעט.

אָט אַ שטייגער:

„גייט אַ וואַנדערער אין האַסט,  
אין אַ זאַק אַ שווערע לאַסט.  
— — — — — — — — —  
— האָסט געוויס, דו, בלייכער גאַסט, —  
אין דיין זאַק אַ טייער לאַסט?

ברעכט ער אויס אין אַ געוויין  
און ער ווייזט מיר דאָרט — אַ שטיין..."

איז „דער וואַנדערער" אַ ייִד? דער אייביקער וואַנדערער? לאָו דווקא! ס'איז אַזוי ייִדיש ווי ניט־ייִדיש. ס'איז אוניווערסאַל. ווי למשל:

„וואָס האַמערסטו און שמידסטו אַזוי הייס?

— איך ווייס?  
ס'וועט זיין אַן אַקער און וועט זיין אַ שווערד,  
ס'וועט שניידן אינגעווייד פון ערד,  
דערין אַ זוימען איינצווזייען,  
און וועט אויך שניידן האַלדז אין צווייען".

צווישן די שורות ליגט דאָ ישעיהוס נבֿואה, ווי שווערדן וועלן צעשטויסן ווערן אויף אַקעראײַזנס... נבֿואה! ווונטש... חלום... אַ „וועלן"... אָבער דערוויַיל? אָבער — ביז?... „וועט זײַן אַן אַקער און וועט זײַן אַ שווערד"...

יהואָש קלאַמערט זיך בדרך כּלל צו אייביקייט־מאָטיוון און רירט־אָן זעלטן צײַטמאָטיוון, וואָס געהערן ניט צו דער אייביקייט. און דאָ איז ער פּונקט אַזוי ייִדיש ווי ניט־ייִדיש.

ווער קען זאָגן, למשל, אַז עס איז שבתדיק אָדער ייִדישלעך דער פּאָעט, וועלכער וויל זײַן „דער שטאַרקסטער"? דערצו אַזוי ערדיש:

„כ'וועל זיין דער שטאַרקסטער צווישן אייך,
ניט בליץ, ניט באַרג, ניט שנעלער טייך —
כ'וועל זיין דער טוי וואָס פאַלט צו דר'ערד
און נערט..."

נאָר ווי אַ פּאָעט קען חלומען פֿון ערד, אַזוי חלומט יהואָש — אויף דער ערד און דאָך אויפֿן הימל...

יהואָש חלומט פֿון פֿאַראייניקן דעם הימל מיט דער ערד.

## דער פּייזאַזשיסט וואָס זוכט דעם זין פֿון לעבן

ווי אַ פּאָעט פֿון אייביקייט־מאָטיוון געפֿינט יהואָש זײַנע שענסטע פֿערזן, ווען ער שילדערט די נאַטור. ער פֿאַלט גישט אַרײַן אין התפּעלות ווי לייב נײַדוס און לאָזט זיך גישט אַרײַן אין נאַטוראַליסטישער באַשרײַבערישקייט ווי שמעון פֿרוג, ער ווערט ייִנגער און גרינגער, ווען ער באַשרײַבט די נאַטור. נאָר אויך דאָ איז ער דער אינטעלעקטועלער דיכטער, וועלכער רעגט־אָן אַפֿילו אין זײַנע שילדערונגען פֿון דער נאַטור צו טראַכטן, מאַכן פֿאַרגלײַכן צווישן מענטש און בלום — ווי עסטעטיש דאָס ליד איז, ווי מוזיקאַליש, ווי בילדעריש שוועבט־אַרויס צווישן די שורות דער געדאַנק וועגן לעבן און זײַן זין, צו מאָל אַ משל מיט אַ נמשל...

יהואָש — דער באַנײַערישער פֿאַבוליסט — באַנײַעריש מיט זײַן

שאַרפֿזין און גרונטגעדאַנק, סוגערירט אַפֿילו אין זײַנע ראַפֿינירט־סטע לירישע לידער דעם פֿאַרגלײַך צווישן משל און נמשל... אַלע אייגנשאַפֿטן פֿון מענטשן זעט ער אין די ביימער, אין די בלומען, אין די גראָזן. לעבנסלוסט, דראַנג צום לעבן, ליידנשאַפֿט און גנבֿישע רעגונגען, אַרומאָרעמען זיך, פֿאַרצווייגן זיך, פֿאַרפּלאָנטערן זיך... אַלע שוואַכקייטן, וואָס מיר זעען בײַ מענטשן, און אַלע קרעפֿטיקע אויסדרוקן פֿון לעבן בײַ זיי, זעט און ווײַזט יהואָש, אין זײַנע פּיי־זאַזשן, אין דער „טויטער" נאַטור, וועלכע לעבט בײַ אים מיט טויזנט לעבנס, און קוועלט פֿון הונגער נאָכן לעבן, פּונקט ווי די קלענסטע ווערעמלעך און פֿליגעלעך:

„וואָלקנס רוקן זיך צו וואָלקנס
און אַ באַנדע קומט־צוזאַמען —
אָנגעלאָדן פול מיט גנבות,
פון די טייכן, פון די ימען...
— — — — — — — —
מאַכט מען זיך איין אַנדער חנדלעך...
שיקט די ערד אַרויף שילוחים:
פליִען הין־און־הער די שוואַלבן,
פירן טרעלנדיק שידוכים..."

אַ פֿאַרליבטער אין דער נאַטור ווי אַ פּאַנטעִיסט, באַווײַזט זיך יהואָש ממש ווי אַ סקולפּטאָר, ווען ער שילדערט „צוויי ביימער אײַנגעפֿלאָכטן אין איין אַנדער, גרינע צעפּ אין גרינע צעפּ פֿאַרפּלאָנ־טערט". אַ מאָלער קען יהואָשן אויסמאָלן נאָך זײַנעם אַ ליד, ווו ער ווערט ביז גאָר פּלאַסטיש פֿאָרגעשטעלט — „אַ בוים בין איך":

„אַ בוים בין איך,
מיט אַ פלעכט פון צווייגן,
גלייכע, קרומע, איינגעקנוילטע,
שטאָלצע צו דער זון,
איינגעבויגענע צום גרונט —
מיט אַ טייך בלעטער..."

אַלץ וואָס לעבט פֿאַרפֿלעכט זיך. גוט צי שלעכט, נאָר מען פֿאַר־

פֿלעכט זיך. ווי דורות. ווי צווײַגן. ווי וואָרצלען. ווי דער פֿאָדעם דורכן שפּינראָד...

אַלץ ווערט פֿאַרפֿלאָכטן. אַלץ קלאַמערט זיך. ווי גראָז צו ערד. ווי מאַן צו פֿרוי. ווי מאַמע צו קינד. אַלץ האַלט מלחמה מיט צאָין און נעגל — פֿאַרן לעבן. גוט צי שלעכט — דער געזונטער אינ־סטינקט הייסט לעבן אַפֿילו אין די שווערסטע און די ביטערסטע באַ־דינגונגען. צו מאָל דאָס גרעזעלע צווישן פֿעלדזן, אין טריקעניש און שטיקעניש, מאַטערט זיך קרעכצנדיק: „„כ'וויל לעבן"... „עס איז פֿאַראַן אין יהואָשן עפּעס אַ היידנישע פֿרייד מיט די ריין אָרגאַנישע אײַנדרוקן און שפּרונגען", וואָרן „ער האָט ליב זיך אײַנצוהערן, ווי אַזוי די דרויסנדיקע וועלט רינט אין אים אַרײַן דורך די חושים, און דורך אַלע חושים מיט אַ מאָל; זיי זײַנען אַלע אין אים אָפֿן און אַלע אַרבעטן זיי מיט דער זעלביקער שאַרפֿקייט... עס איז איין אויסגוס פֿון שפּירעוודיקייט, איין שטיק וויבראַציע... אַ מין סענסועלע שיכּ־רות אין די ווערטער פֿון דעם דיכטער"[14]. אַזוי, למשל, קען מען זיך ניט פֿאָרשטעלן מערער דיכטערישע קאָנצענטרירטקייט ווי אין אָט דעם 4שורהדיקן ליד („זעיר אַנפּין"):

„הענגט אויף אַ צווייג
אַ גילדערנע זון אין אַ טראָפּן געפֿאַנגען,
ציטערט און פליטערט אַ וואַלד מיט געזאַנגען
אין אַ קלייניגקער שטייג..."

דאָס איז דער ים אין אַ טראָפּן וואַסער. ווי ס'איז דער קאָנ־טראַסט פֿון וואַלדפֿרײַהייט און תּפֿיסה־שטײַג. גראַנדיאָזיטעט און לי־ליפּוטלדיקייט אָפּט אַנטקעגנגעשטעלט. זיי באַגעגענען זיך אין לעבן, נאָר ס'רוב באַזונדער — יהואָש פֿירט זיי צונויף: דערזעט מען זיי ערשט אין זייער באַצוויבערנדיקער שיינקייט און דערדריקנדיקער

[14] חיים ליבערמאַן — „די דיכטונג פון יהואָש", דיכטער און וועלטן, בערלין 1923, ז' 88.

קליינקייט. ערשט דעמאָלט קען מען שאַצן, אָפּשאַצן און דערשאַצן זייער ווערט. „פֿון באַצױונגען אַליין דערפֿירט יהואָש זײַן דערקענטעניש צום ווערט" [15].

מיט דער פּרעציזקייט פֿון אַ גאָלדשמיד, וועלכער ווייס אַז אויך גאָלדשטויב האָט גאָלד און דערפֿאַר האָט עס אַ ווערט, ברענגט יהואָש אַרויס דעם זין און ווערט פֿון באַשעפֿענישן און זייערע פֿונקציעס. קיין שום פֿונקציע טאָר מען נישט גרינגשאַצן! יעדער איינער דאַרף נאָר זײַן אויף זײַן פּלאַץ און וויסן, וואָס ער קען זײַן און ווי ער דאַרף זײַן.

דעם דאָזיקן געדאַנקענגאַנג פֿירט יהואָש אַדורך אין אַ סך פֿאַבלען, ווו דער געשליפֿענער אַפֿאָריזם ווערט דורך שיינער בילדערישקייט אַרויסגעבראַכט מיט גרויסצוגיקע געזעלשאַפֿטלעכע קאָנצעפּציעס פֿון אַחריות. מיט באַוווסטזײַן. מיט טאַקט. אָן גוזמא. קענענדיק קודם־כּל זיך אַליין, די אייגענע מעגלעכקייטן... טאַקע אָנהייבן פֿון זיך!

נאָר דער פּויער קען וועלן פֿון אַ טײַכעלע פֿאַרלאַנגען, וואָס מ׳קען פֿון אַ גרויסן טײַך פֿאַרלאַנגען. וואָס זשע קומט־אַרויס? פֿון אַ קוועלנדיקן טײַכל ווערט אַ גרויסע בלאָטע... נאָר אַ טעמפּער מוח קען פֿאַראיבל האָבן אויפֿן שפּיגל, הלמאַי ער ווײַזט נישט בלויז דאָס שיינע, נאָר אויך דאָס מיאוסע... דער געזונטער שטראָם, ווי קליין ער איז, טוט וואָס ער קאָן, און ער איז צופֿרידן, ווײַל ער טוט וואָס ער קאָן... יהואָש איז אין פֿערזנקונסט גראָד נישט אויף דער העכסטער מדרגה פֿון זײַן דיכטונג, אָבער דערפֿאַר ראַפֿינירט אין דער אידעע און טיף מענטשלעך, עטיש. אוניווערסאַל אין דער עטישער סינטעזע. דער יִדישער משל, וואָס איז פּאָעטיש אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אין ייִדיש דורך שלמה עטינגערן, האָט אַ דאַנק יהואָשן זיך דערהויבן צו דער ליטעראַרישער מדרגה, צו וועלכער עס האָט זיך

[15] נ. ב. מינקאָוו — ייִדישע קלאַסיקער פּאָעטן, נ״י 1937, ז׳ 136.

דערהויבן די ליריק, און האָט צוגעגרייט דעם באָדן פֿאַר דעם מאָ־דערניסטישן ווירטואָז אליעזר שטיינבאַרג.

נאָר אויב יהואָש פֿירט־אַרויס אין משל און נמשל די אידעע פֿון אַחריות פֿאַר כּל ישׂראל, גיט ער אָבער אָפּ אין זײַן ליריק אַ סך פּלאַץ פֿאַר דער מאָנונג פֿון ר׳ ישׂראל. און דאָ קומט צום אויסדרוק די קרעפֿטיקע עטישע פּערזענלעכקייט.

דער נבֿיא, אַן אָפּטער מאָטיוו אין יהואָשעס שאַפֿן, איז די עמ־בלעם פֿון דער פּערזענלעכקייט. ניט זעלטן זעט ער אויס ווי דער פּראָמעטיי. ער לײַדט, גלײַך ווי דאָס וואָלט געווען זײַן חובֿ, זײַן מיסיע... ער שטייט כּמעט כּסדר אין קאָנפֿליקט מיטן עולם, פּונקט ווי מיט די האַרן, געגנוי ווי אין תּנך... אַנטקעגן דעם נבֿיא, וואָס איז פֿאַרמשפּט צו זײַן איינזאַם, דער איינציקער, און שטאַרבן אין דער „וויסטע“, שטעלט ער אַוועק דעם „גיבור־מענטש“, וועמען ס׳איז יאָ באַשערט צו „פֿירן ס׳פֿאָלק צום שיינעם לאַנד כּנען...“

מיר זעען דעם ויתרוצצו צווישן דער פּערזענלעכקייט און דער מאַסע אין פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן: דאָ — „דעם נבֿיאס בלוט“, דאָרט — „דעם נבֿיאס גורל“. ער שטראָפֿט. שעלט. וועקט. בענטשט. שטעלט־פֿאָר „דאָס ערגסטע פֿון דער תּוכחה“ — צו זײַן אַ שקלאַף בײַ שקלאַפֿן...

זײַן וועג, דעם דיכטערס, איז דער וועג פֿון איינזאַמקייט און ליידן, דער וועג פֿון נבֿיא. אַנדערש וואָלט ער נישט בכּוח געווען אַוועקצוגעבן צענדליגגער יאָרן פֿון זײַן לעבן פֿאַר זײַן תּנך אין ייִדיש.

## יהואָשעס צוויי מיסיעס אין תּנך אויף ייִדיש און זײַן אויפֿטו אין דער ליטעראַטור

יהואָשעס פּערזענלעכקייט, ווי שטאַרק מ׳זעט זי דורך זײַן פּאָ־עזיע, זעט זיך נאָך שאַרפֿער דורך זײַן תּנך אין ייִדיש. „דאָס ייִדישע פֿאָלק וועט מסתּמא קיין מאָל נישט האָבן קיין באַגריף מיט וואָס פֿאַר

אַ קרבן פֿון זיך יהואָש האָט אים געגעבן דעם תּנך אויף ייִדיש" [16]. מיט וואָס פֿאַר אַ קרבנות־גרייטקייט!

זיך אָפּזאָגן פֿון אָנגיין מיטן אייגענעם שאַפֿן אין דער שענסטער צײַט פֿון פּאָעטישן בלי „און אַוועקזעצן זיך אין רעכטן מיטן פֿון ניו־יאָרק, אין רעכטן מיטן פֿון דעם געמישעכץ פֿון ציניזם און חוצפּה, פֿון ביטול און פּרעכקייט, פֿון קנאה און קליינלעכקייט, וואָס רופֿט זיך ייִדיש ניו־יאָרק — כּדי איבערצוזעצן אויף ייִדיש דעם תּנך, צו אַר־בעטן יאָר־אײַן, יאָר־אויס אויף אַן אַרבעט, וואָס נאָר איינצלנע קע־נען אָפּשאַצן, צו אַרבעטן פֿאַרעקשנט, נישט דערוואַרטנדיק דערפֿון קיין מאַטעריעלע נוצן, נאָר לשמה — ווער קען עס טאָן אויסער אַ הייליקן נאַר, אויסער אַ שטאָלצן, אומקאָמפּראָמיסלעכן פֿאַנאַטי־קער?" [17].

קיין איבערזעצונגען פֿון תּנך אין ייִדיש האָבן דאָך נישט גע־פֿעלט. געווען. אייגענע און פֿרעמדע. האָט דאָך געמוזט זײַן גאָר אַ טיפֿער זין אויף מקריבֿ צו זײַן זיך.

אָט אַזאַ זין האָט יהואָש כּסדר געהאַט פֿאַר זײַנע אויגן. נישט איין מיסיע, נאָר עטלעכע. „נישט נאָר די פֿאַרייִדישונג פֿון תּנך איז אויסן געווען יהואָש, נאָר אויך די פֿאַרתּנכונג פֿון דער ייִדישער לי־טעראַטור" [18]. מערער נאָך: פֿאַר דער ייִדיש־קולטור. און „ס'איז נישט נייטיק צו דערציילן, ווי ממש געטראָפֿן אין פּינטל ס'האָט יהואָשעס איבערזעצונג פֿון תּנך. דווקא אין אונדזער דור קענען מיר ערשט אָפּשאַצן, וואָס יהואָש האָט אויפֿגעטאָן מיט זײַן תּנך־פּירוש. יהואָש האָט געשאַפֿן די גרעסטע באַוואָרעניש קעגן אונטערגאַנג פֿון אונדזער לשון. ער האָט געראַטעוועט טויזנטער ייִדישע ווערטער פֿון פֿאַר־

---

[16] א. לעיעלעס — וואָך נ' 18, נ"י 1930.

[17] ב. וולאַדעק — ד"ז, ז' 77.

[18] אַהרן מאַרק — „יהואָש דער ראָמאַנטיקער פֿון ייִדישן וואָרט", ליטעראַ־רישע בלעטער נ' 143, וואַרשע 28 יאַנואַר 1927, ז' 62.

געסעניש און זיי געשאָנקען אייביקייט, אין קילן שאָטן פֿון אייביקן תּנך״ [19].

דער ייִדישער געלערנטער, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אים געשאַפֿן אַ „אידיש ווערטערבוך״ וואָס „אַנטהאַלט אַלע העברעיִשע (און כאַלדעיִשע) ווערטער, אויסדרוקן און אייגננעמען, וועלכע ווערן געברויכט אין דער ייִדישער שפּראַך״ האַלט זיך נישט אָפּ פֿון אויסדריקן זײַן באַוווּנדערונג פֿאַר יהואָשן. „מיר האָבן פֿריִער געקענט יהואָשן — זאָגט ער — אַלס דעם גרעסטן דיכטער פֿון אונדזער צײַט. איצטער, זינט עס איז דערשינען זײַן חומש, קענען מיר אים אַלס דעם גרעסטן איבערזעצער פֿון ביבל אין אַלע צײַטן. לייענענדיק און איבערלייענענדיק דעם יהואָש־חומש, האָב איך געפֿונען, אַז כּדי צו קענען איבערליידיקן געווירציקן אַלטן ווײַן פֿון דער העברעיִשער אין דער ייִדישער שפּראַך, האָט ער, ווי אָדם הראשון, זיך גענייטיקט אין געפֿינען נײַע נעמען ניט נאָר פֿאַר בהמות, חיות און פֿויגלען, אין וועלכע אונדזער ייִדיש איז זייער אָרעם, נאָר אויך פֿאַר אַנדערע זאַכן און באַגריפֿן, פֿאַר וועלכע די פֿריִערדיקע ייִדישע איבערזעצערס האָבן ענטפֿער ניט געפֿונען די פּאַסיקע עקוויוואַלענטן אָדער האָבן זיי גאָר אין גאַנצן ניט ריכטיק פֿאַרשטאַנען״ [20]. איינער פֿון די גרעסטע תּנך־קענערס האָט זיך אין יענער צײַט אויסגעדריקט, אַז ביז דעמאָלט איז נאָך נישט געווען „פּאַקטיש קיין איבערזעצונג פֿון תּנך אין קיין שום שפּראַך אין דער וועלט״, ווײַל „קיין איינע פֿון די תּנך־איבערזעצונגען שפּיגלט ניט אָפּ דעם גײַסט פֿון ספֿר־הספֿרים״ [21]. יהואָש אַנטפּלעקט דעם תּנך. „אויסער ווי אַ טיפֿער תּנך־פֿאָרשער, וועלכער באַמיט זיך צו דערגרונטעווען צו דעם ריכטיקן

---

[19] יעקב גלאַטשטיין — „יהואָשעס 25סטע יאָרצײַט״, אין תוך געגומען 1948—1956, נ״י 1956, ז׳ 66.

[20] חיים ספּיוואַק — „אַלטע און נײַע ווערטער אין יהואָשעס ייִדישן חומש״, פֿילאָלאָגישע שריפֿטן, ב׳ 2, ווילנע 1928, קאָלום 56.

[21] פּ. קאָן — „אַ שמועס מיט מאַרטין בובער״, ליט״בל 1928, נג׳ 204־205.

נוסח, אַנטפּלעקט זיך יהואָש, אין זײַנע הערות צום תּנך, אויך ווי אַ שפּראַכפֿאָרשער מיט אַ ברייטער ערודיציע״ [22].

וואָס י. ל. פּרץ האָט פֿאַרחלומט אויף דער 1טער ייִדישער שפּראַך־קאָנפֿערענץ, דאָס האָט יהואָש פֿאַרווירקלעכט. ווײַל ס׳קענען לערנען פֿון יהואָשעס תּנך אויך די וואָס קענען גוט דעם אָריגינאַל. „האָט דאָך די ביבל באַפּרוכפּערט און רײַך געמאַכט אַלע קולטור־שפּראַכן. זײַנען דאָך פֿיל איבערזעצונגען געווען אומעטום דער יסוד פֿון ליטעראַרישן סטיל, פֿון קינסטלערישער באַנײַונג. פּונקט אַזוי קאָן אויך יהואָשעס תּנך נערן ייִדיש. ער האָט געלערנט ייִדיש נבֿי־אות זאָגן... ער האָט געמאַכט ייִדיש דונערן און בליצן. ייִדיש איז געוואָרן די שפּראַך פֿון כּהנים און מלאָכים, די שפּראַך פֿון אַלטע כראָניקעס, די שפּראַך אויף וועלכער גאָט רעדט צו זײַנע אויסדער־ווײלטע״ [23]...

יהואָשעס אויפֿטו פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור איז דעריבער איינציקאַרטיק, אומפֿאַרגלײַכלעך. ער, וואָס האָט „געקוקט אויף פּרצן ווי אויף אַ רבין און האָט פֿון אים איבערגענומען דעם צוגאַנג צו דער ליטעראַטור — אַ צוגאַנג פֿון בויער, פֿון אַחריות נישט בלויז פֿאַר זיך אַליין, נאָר פֿאַר דעם גאַנצן בנין וואָס ווערט געשאַפֿן. דער־צו — ווייניקער עמאָציאָנעל ווי פּרץ״ [24], איז אַ ווערגווײַזער אין פּרצעס גײַסט.

טאָמער עס איז ווייניק געווען, וואָס ער האָט אַליין געשאַפֿן אי־נעם גײַסט פֿון תּנך, האָט יהואָש פֿאַראייביקט דורכן תּנך טויזנט יאָר ייִדיש.

שמואל ראָזשאַנסקי

---

[22] מרדכי קאָסאָווער — „לעקסיקאָן פון מפרשים און פירושים״, הערות צום תנך פון יהואָש, נ״י 1949, — תש״י, ז׳ ב.

[23] ש. ניגער — „יהואָשעס תנך־איבערזעצונגען, ליט״בל נ׳ 220, וואַרשע 1928.

[24] מנחם (באָריישאָ) — „יהואָש״, וואָך נ׳ 18, נ״י יאַנואַר 1930.

## מזמור שיר ליום השבת [1]

— מזמור שיר ליום השבת!
ווי עס גיסט זיך דורכן האַרצן,
אַזוי יום־טובֿדיק און פֿריילעך,
אין אַ כאָר פֿון זיסע קלאַנגען:
— מזמור שיר ליום השבת!

— מזמור שיר ליום השבת!
ס׳שטאַמט דאָס ליד ניט פֿון קיין מענטשן,
נאָר מלאָכים ווײַסע האָבן
דאָס געזונגען אין גן־עדן,
אין דעם ערשטן הויכן שבת,
נאָך דער גרויסער וועלט־באַשאַפֿונג,
און די זון און די שטערן —
אַלע האָבן מיטגעזונגען:
— מזמור שיר ליום השבת!

יאָ, די זון און די שטערן
(וועלכע האָבן נאָך קיין טרערן
ניט געזען אויף אונדזער וועלטל)
האָבן שטראַלנדיק געזונגען
מיט די שנייווײַסע מלאָכים:
— מזמור שיר ליום השבת!

---

[1] **מיט דעם דאָזיקן** ליד, מזמור שיר ליום השבת, **און מיט דעם אַנדערן, וואָס קומט באַלד נאָך דעם**, בית שני, **האָט** יהואָש דעבוטירט **אין דער** יִדישער **ליטעראַטור, אין** די יודישע ביבליאָטעק **פון** י. ל. פרץ, **אין 1892, אין וואַרשע.**

און די פֿייגל פֿון גן־עדן
אינעם כאָר אַרײַנגעשאָסן
האָבן אַ פֿאַנטאַן מיט טרעלן
און געסווישטשעט און געטרילערט:
— מזמור שיר ליום השבת!

און די בלומען פֿון גן־עדן
האָבן שעמעוודיק געוויגט זיך,
האָבן אויפֿן פֿאַרביק־דופֿטיק
בלומען־לשון מיטגעזונגען:
— מזמור שיר ליום השבת!

און די גרויסע ריזנביימער
האָבן צוגעלייגט דעם אויער,
אײַנגעבויגן זיך מיט ערנסט
און געשאָרשקעט און געשושקעט:
— מזמור שיר ליום השבת!

אויף זײַן כּסא כּבֿוד דעמאָלט,
מיט אַ געטלעך גוטן שמייכל,
האָט דער בורא מיטגעזונגען:
— מזמור שיר ליום השבת!

## בית שני

פֿאַרטיק איז דער בית שני
נאָך דער מי פֿון יאָרן לאַנג,
פֿריילעך זינגען די לוויִים
און עס קוויקט דער האַרפֿנקלאַנג.

און פֿאַרגעסן איז דער גלות,
און פֿאַרשוווּנדן אַלע צרות,
פֿול מיט מענטשן גליקלעך פֿרײַע,
רוישן, ווימלען די עזרות[1]...

און די העלע זונענשטראַלן,
אין אַ שטראָם פֿון גאָלד און ליכט
פֿאַלן אויפֿן בית־המקדש
און אויף איטלעכנס געזיכט...

*

עס קלינגען די האַרפֿן, די גאָלד'נע טראָמפּייטן,
עס פֿליִען די זילבערנע טענער;
די פֿרויען און קינדער — זיי וויינען פֿון שׂמחה,
עס פֿילן זיך שטאָלצער די מענער...

און אַלע וואָס האָבן נאָר טרערן פֿאַרגאָסן
אויף ציון, די וויסטע אַלמנה,
און אַלע וואָס האָבן פֿון האַנט ניט געלאָזן
קיין רגע די ייִדישע פֿאָנע[2];

און אַלע וואָס האָבן קיין נעכט ניט געשלאָפֿן,
דעם הייליקן טעמפּל צו בויען,

---

[1] הויפֿן פֿון בית־המקדש.

[2] /דייטשמעריזם/ פֿאָן /צוליב פֿאָעטישער ליצענץ/.

און האָבן ניט אויפֿגעהערט קיין מאָל צו האָפֿן,
און קיין מאָל — אויף גאָט צו פֿאַרטרויען;

זיי מעגן מיט גאווה באַקוקן דעם בנין,
וואָס שײַנט אַזוי פּרעכטיק און הייליק,
דען יעדער פֿון זיין האָט מיט מוח און מוסקל
גענומען אין בויען אַ חלק.

*

עס זינגען לוויִם און ס׳שפּילן די האַרפֿן,
עס הילכן די גאָלד׳נע טראָמפּייטן,
עס טאַנצן די טענער ווי שקלאַפֿן וואָס האָבן
ניט לאַנג ערשט צעשמעטערט די קייטן...

און טויזנטער קרעפֿטיקע שטימען צוזאַמען
לוויִם און האַרפֿן באַגלייטן
און איטלעכער פֿילט זיך אַ טייל פֿון דער אומה,
און פֿילט זיך געבונדן צום צווייטן...

*

דאָך אין ווינקל פֿון עזרה
שטייען זקנים טיף געבויגן
און עס פֿליסן גרויסע טרערן
פֿון די אַלטע מאַטע אויגן.

ניט פֿון נחת, ניט פֿון תּענוג
וויינען יענע אַלטע ייִדן,
ניין, זיי זײַנען מיט דעם צווייטן
בית־המקדש ניט צופֿרידן...

ניין, זיי זײַנען ניט צופֿרידן,
ווײַל דורך לאַנגע, לאַנגע יאָרן

איז דער אַלטער בית־המקדש
זיי געבליבן אין זכרון...

און די אַלטע ליפּן קרעכצן:
— אַלצדינג האָבן מיר פֿאַרלאָרן,
אין דעם בית שני זעט מען
ניט קיין לוחות, ניט קיין אָרון...

און פֿאַרגעסן שוין געוואָרן
איז דער סוד צו מאַכן קטורת
און עס שטייען ניט קיין כּרובֿים [3]
אויף אַ גאָלדענעם כּפּורת [4]...

ניט צו מאָל אַ שטיקל מופֿת,
ניט צו מאָל אַ נס אַ קליינער...
ניט מלאָכים — מענטשן האָבן
אויסגעבויט דאָס הויז פֿון שטיינער...

אַנדערש האָבן זיי פֿאַרשטאַנען
די הבֿטחות פֿון פּראָפֿעטן,
ניט אַזאַ מין בית שני
האָבן זיי בײַ גאָט געבעטן...

*

עס וויינען די אַלטע און ווילן ניט הערן
די מוטיקע, לוסטיקע טענער,
און ס׳קוקן מיט שטאָלץ אויפֿן פּרעכטיקן בנין
די בויערס, די קרעפֿטיקע מענער.
עס זיפֿצן די אַלטע און ס׳לאַכן די יונגע,
עס הילכן מיט פֿרייד די טראָמפּייטן,

[3] מלאָכים. — [4] פּרוכת אויפֿן אָרון און משכּן.

עס טאַנצן די טענער ווי שקלאַפֿן וואָס האָבן
צעהאַקט און צעשמעטערט די קייטן...

1892

*

## הורדוס

עס וואַרטן אויף הורדוס דעם קיניגס באַפֿעל
צען טויזנט באַוואָפֿנטע קריגער,
אַ ווונק פֿון זײַן אויג און זיי רירן זיך שנעל
צו טאָן דעם באַגער פֿונעם זיגער.

עס בוקט זיך דאָס פֿאָלק און באַזיגט איז דאָס לאַנד,
נאָך שווערע מלחמות באַצוווּנגען,
עס וואַגט ניט קיין שונא מער הייבן אַ האַנט,
אַקעגן דעם גיבור דעם יונגן.

דאָך אונטער דער גאָלדענער קרוין, וואָס ער טראָגט,
זיך רונצלט און וואָלקנט זײַן שטערן,
און אונטער זײַן פּורפּורנעם מאַנטל זיך פּלאָגט
די ברוסט פֿון אַ צער אַ שווערן.

ווען ס׳ליגן די נאַכטיקע שאָטנס אַרום,
אים ווײַכט פֿון די אויגן דער שלומער[1],
אַליין דורכן מאַרמאָרשלאָס וואַנדערט ער אום
אַ בלייכער, פֿאַרטראַכטער און שטומער.

ער וואַנדערט און וואַנדלט פֿאַר לענג און פֿאַר ברייט,
ער קען זיך קיין רו ניט געפֿינען;

[1] דרימל, (כאַפּן) אַ שלאָף.

די בילדשיינע מרים מכּבי אים גייט
אַ רגע אַרויס ניט פֿון זינען...

דורך וואָפֿן און גיפֿט איז דער הייליקער שטאַם
פֿון שטאָלצע מכּבים פֿאַרשוווּנדן,
געבליבן נאָר מרים... איר ליבע אַ פֿלאַם
אין הורדוסעס ברוסט האָט געצונדן...

דאָך האָט זי פֿאַרשטויסן זײַן צעפּטער [2] פֿון גאָלד,
זײַן מאַכט ניט געקענט האָט זי בייטן,
עס פּײַניקט און פּלאָגט אים דער שמייכל פֿון שפּאָט,
וואָס האָט אַזוי שפֿל געמאַכט אים.

נאָך הערט ער דאָס קיניגלעך קינדערשע קול,
קאָן קיין מאָל דעם טאָן ניט פֿאַרגעסן,
דערבײַ שטייט דער תּליון... דאָך פֿעסט איז ווי שטאָל
די שטים פֿון דער יונגער פּרינצעסין...

„איך האַס דיך, דײַן רו און דײַן מאַכט, און דײַן מוט,
מעגסט פֿעלקער און לענדער באַצווינגען,
דאָך קיין מאָל דיר וועט ניט צו פֿלעקן דאָס בלוט,
פֿון שטאַם פֿון מכּבי געלינגען...“

עס גייט־אום דער שלאָפֿלאָזער קיניג פֿאַרטראַכט,
ווערט שטענדיק פֿאַרצאָגטער, באַטריבטער,
אים דאַכט זיך עס חוזקט פֿון אים און זײַן מאַכט
דאָס בילד פֿון דער טויטער געליבטער...

---

[2] — הערשערשטאָק, קיניגרוט.

## דעם נביאס בלוט

אין מיטן עזרה פֿון מאַרמאָרנעם פּלאַסטער,
אַ טײַכל פֿון בלוט שפּריצט זינט יאָרן,
דאָס בלוט פֿון פּראָפֿעט וואָס אין מיטן נבֿואה
פֿון פֿאָלק איז דערהרגעט געוואָרן.

דער הייליקער נבֿיא — ער האָט זיי געוואָרנט,
געמוסרט מיט פֿינצטערע שטראָפֿן;
און פּלוצלינג אים האָבן פֿון אַלע פֿיר עקן
די שפּיציקע שטיינער געטראָפֿן...

דאָס בלוט איז געפֿלאָסן, דאָס בלוט איז גערונען,
אַראָפּ אויף די מאַרמאָרנע שטיינער,
דאָך אים איז צו העלפֿן, צו שטילן די ווונדן
ניט אונטערגעקומען קיין איינער...

דאָס בלוט איז געפֿלאָסן, נאָר האָט עס דער נבֿיא
מיט גוססע קללות באַשוואָרן,
ס'זאָל קאָכן און זידן און תּמיד דערמאָנען
פֿון טויטן פּראָפֿעט דעם זכרון...

און יאָרן און דורות און יובֿלות פֿאַרגייען,
שוין הונדערטער יאָרן פֿאַרגאַנגען,
די פֿעסטונג פֿון יהודה איז חרובֿ געוואָרן,
דאָס פֿאָלק איז געוואָרן געפֿאַנגען...

און ס'זײַנען געקומען די מחנות פֿון בבֿל,
און ס'לאַנד מיט אַ בלוטטײַך פֿאַרשווומען,
מיט זיי איז דער גרויזאַמער העלד נבֿוזראַדן,
דער פֿירער פֿון חייל געקומען.

דאָך קאָכט נאָך ווי פֿריִער דאָס רויטינקע טײַכל,
ווי אונטן וואָלט פֿײַער געלעגן,
עס וווּנדערט מיט שרעק זיך דער העלד, נבֿוזראַדן,
ער טוט בײַ די כּהנים זיך פֿרעגן:

„וואָס קאָכט דאָ און מורמלט דאָס רויטינקע טײַכל,
עס שפּריצט און עס זידט און עס רוט ניט,
עס איז ניט פֿון אָקסן דאָס בלוט וואָס איך זע דאָ,
עס איז אויך קיין פֿייגלשע בלוט ניט...״

עס טרייסלט די כּהנים פֿון אימה און פּחד,
זיי שטייען און שווײַגן ווי שטומע,
זיי ווילן דעם שענדלעכן אמת ניט זאָגן,
ניט וואַרפֿן אַ פֿלעק אויף דער אומה...

„וואָס שווײַגט איר צעשראָקן, אײַך ציטערט די קערפּערס,
די פּנימער ווערן אײַך בלאַסער?
וואָס פֿליסט דאָ דאָס רויטינקע טײַכל און קאָכט זיך
ווי הייסע, ווי זודיקע וואַסער?״

עס דונערט די שטים פֿון דעם ווילדן רוצח,
די אויגן מיט גרימצאָרן בליצן,
און שטאַרקער האָט פּלוצלינג גענומען דאָס טײַכל
צו שוימען און שפּרינגען און שפּריצן...

און איינער אַן אַלטער און גרײַזגרויער כּהן,
מיט האָר ווי לבֿנון־שניי ווײַסע,
גייט־צו צו דעם פֿירער פֿון חייל און נעמט אים
דערציילן די טרויִ׳ריקע מעשׂה:

„בײַ אונדז איז פֿאַר צײַטנס אַ נבֿיא געוועזן,
וואָס האָט ניט דעם אמת פֿאַרשוויגן,
וואָס האָט ניט אַן עוולה בײַ ייִדן געליטן,
און פֿײַנט געהאַט פֿאַלשקייט און ליגן...

ער האָט זײַנע ברידער געוואָרנט, געמוסרט,
געבעטן זײַן פֿרימער און ריינער,
און ס׳פֿאָלק האָט צום נבֿיא אַ שׂנאה געקראָגן,
און האָט אים פֿאַרוואָרפֿן מיט שטיינער...

זײַן בלוט איז געלאָפֿן פֿון צענדליגער ווונדן,
דאָך האָט זיך דער נבֿיא באַשוואָרן,
דאָס בלוט זאָל ניט רוען און זאָל ניט פֿאַרשווײַגן,
וואָס ער איז געהרגעט געוואָרן...

פֿון דעמאָלט אָן קאָכט עס און לאָזט זיך ניט שטילן,
עס העלפֿט ניט קיין ווישן, קיין רײַבן,
דאָס בלוט־יקע טײַכל איז תּמיד פֿאַרבליבן,
און לאָזט זיך פֿון אָרט ניט פֿאַרטרײַבן...״

נאָך שטאַרקער צו קאָכן, נאָך ווילדער צו זידן,
און ווערן נאָך ברייטער און רויטער;
האָט פּלוצלינג דאָס רויטינקע טײַכל גענומען,
ווי אונטן וואָלט ליגן דער טויטער...

מיט כּעס זעט דער פֿירער פֿון בבֿלס אַרמייען,
ווי ס׳שווײַגט ניט און שטײַגט ניט דאָס זידן;
ער הייסט זײַנע מחנות, זיי זאָלן אים ברענגען,
די זקנים, די פּער[1] פֿון די ייִדן...

מע ברענגט די סנהדרין, חכמים און פֿירערס,
און לערערס פֿון תּורה און זיטן,
און אַלע זיי ווערן ווי לעמער געשאָכטן,
ווי אָקסן אָן מיטלייד געשניטן...

---

[1] די (פּערל) חשובסטע.

אוּן ס׳וואַרעמע בלוט פֿון די זקנים געגאָסן
זיך האָט ווי דאָס וואַסער פֿון ברונעם,
עס האָט מיט דעם בלוט זיך צוזאַמענגעגאָסן
וואָס האָט פֿון דעם נבֿיא גערונען...

דאָך וואַרפֿט זיך דאָס בלוט פֿון דעם פֿינצטערן נבֿיא,
עס העלפֿט ניט דער בלוטיקער קרבן,
עס וואַרפֿט זיך און הייבט זיך, און רוט ניט אַ רגע,
ווי דעמאָלט ווען ער איז געשטאָרבן...

און מיידלעך און בחורים יונגע און פֿרישע
פֿון ציון איצט ווערן גענומען,
זיי זײַנען ווי צעדער און פּאַלמען געוואַקסן,
ווי דופּטיקע מירטן און בלומען...

און טויזנטער ווערן אָן מיטלייד געקוילעט,
עס גוססן צאַרט יונגע גלידער,
עס מישט זיך צונויף מיט דעם בלוט פֿון דעם נבֿיא
דאָס בלוט פֿון די אייגענע ברידער.

דאָך וויל זיך דאָס קליינינקע טײַכל ניט שטילן,
עס לעבן פֿון גוסס די קללות
און ס׳בלוט פֿונעם נבֿיא, נאָך וואַרעם און זודיק,
געבליבן אַזוי ווי אַמאָל איז.

איצט ברענגט מען שוין קינדער און עופּעלעך קליינע,
די אײדלסטע, שענסטע פֿון ציון,
זיי זײַנען ווי פֿרישע און גרינינקע צווײַגן,
פֿון איילבירטן־ביימער וואָס בליִען...

און צענדלינגווײַז האָט מען די קינדער געהרגעט,
געקוילעט, געשניטן, געשטאָכן —
און שוואַכער האָט פּלוצלינג גענומען דאָס טײַכל,
דאָס רויטינקע טײַכל צו קאָכן...

אַלץ שוואַכער און שוואַכער, און שטילער און שטילער,
שוין איז עס אַנטשוויגן געוואָרן;
געשטילט איז דער כּעס פֿון דעם שרעקלעכן נבֿיא,
זײַן לאַנגער און פֿינצטערער צאָרן...

*

## נבוכדנצר

מיט בלומען באַצירט איז דער פּאַלאַץ פֿון קיניג,
בײַ טישן פֿון זילבער דאָרט זיצן די געסט,
און טײַערסטע שפּײַזן, און וווירציקסטע ווײַנען,
און טענץ און געזאַנגען באַשײַנען דאָס פֿעסט[1].

סאַטראַפּן און פֿירשטן מיט שניי אין די לאָקן,
מיט פֿלאַמען אין ד׳אויגן גיבורים פֿון שלאַכט —
פֿון הונדערט פּראָווינצן פֿון מזרח און מערבֿ
אַהער האָט דער רוף פֿון דעם מלך געבראַכט...

— אָן גרענעצן לוסטיק זאָל הײַנט זײַן די מאָלצײַט
און רייצנד די פֿרויען, און שטאַרק דער געטראַנק...
און ווילד זאָלן שפּילן די פֿלייטן און פּויקן,
און ווילד און פֿאַרשיכּורט זאָל זײַן דער געדאַנק...

אַזוי איז דאָס וואָרט פֿון דעם הערשער געוועזן
און פֿריידיק דערפֿילן די געסט דעם באַפֿעל
שוין ברענען די באַקן, שוין פֿינקלען די אויגן,
און ס׳טומלט אין פּאַלאַץ אַ רוישיקע וועל[2]...

פֿולט־אָן די באָקאַלן און פֿולט זיי אָן ווידער,
טרינקט פֿירשטן, סאַטראַפּן די גליִענדע זאַפֿט,

---

[1] פֿעסטיוואַל, יום־טוב. — [2] כוואַליע (מענטשן).

מיט ליפּן באַטרונקענע לויבט דעם באַזיגער,
וואָס האָט אײַך מיט גאָלדענע קייטן פֿאַרשקלאַפּט...

דאָך קיניג פֿון בבֿל, באַצווינגער פֿון פֿעלקער,
פֿאַר וואָס ניט געניסטו די לוסט פֿון דײַן שלאָס?
פֿאַר וואָס ניט באַרירסטו די שפּײַז אויף דײַן טעלער
און נעמסט צו דײַן ליפּ ניט דעם פּורפּורנעם כּוס?

געפֿעלט דיר דער טאַנץ ניט פֿון דײַנע שקלאַפֿינען,
די נאַקעטע גלידער, די דופֿטיקע האָר?
האָט אפֿשר דײַן אויער אַ פֿעלער געפֿונען
אין קלאַנג פֿון דער האַרף, אין געזאַנג פֿונעם כאָר?...

אָ, קיניג פֿון בבֿל, דו, שרעק פֿון די לענדער,
וואָס דריקט אויף דײַן מוח? וואָס וואָלקנט דײַן זין?
וואָס קוקסטו פֿאַרשטאַרט צו דעם פֿענצטער פֿון פּאַלאַץ,
און ווענדסט דײַנע אויגן מיט אַנגסטן אַהין?

אָ, קיניג פֿון בבֿל, טיראַן פֿון די פֿעלקער,
דיך קוויקט ניט די מאָלצײַט, דיך וועקט ניט די פֿרייד,
אויפֿן פֿענצטער פֿון פּאַלאַץ, ווי שפּינען פֿון פֿײַער,
זיך האָבן די ווערטער פֿון נבֿיא פֿאַרשפּרייט:

— ווען דורכן פֿענצטער פֿון פּאַלאַץ,
ועסט דו דעם בלייכן מאָרגן זען,
דאַן וועט דער קיניג פֿון די וועלטן
דײַן לאַנגע גרויזאַמקייט פֿאַרגעלטן
און ס׳גרויסע וווּנדער וועט געשען...

אַ חיה וועסטו פּלוצלינג ווערן,
פֿאַרשווינדן וועט דײַן מענטש־געשטאַלט,
און מיט אַ האָר באַוואָקס׳נעם רוקן,

אין מדבר וועסטו זיך פֿאַררוקן
און זײַן אַ ווײַנער פֿון דעם וואַלד...

דאָרט וועט דער לייב דײַן חבֿר ווערן
און הויזן וועסטו מיט דעם בער,
וועסט אין דער נאַכט דײַן נאַרונג זוכן
און וועסט צו מאָל ניט קענען פֿלוכן,
נאָר וואָיען וועסטו און ניט מער...

און שרעקן וועט דיך יעדער בויגן
און לויפֿן וועסטו פֿון דער שײַן,
און העלפֿן וועט דיר מער ניט קיינער,
און בלויז די נעגל און די ציינער,
די וואָפֿן דײַנע וועלן זײַן...

און ווען דער הונגער וועט דיך נאָגן
און ברענען וועט דער דאָרשט דײַן שלונד [3],
דאַן וועסטו ברומענדיק דערמאָנען —
ניט קרוין, ניט סצעפּטער און ניט טראָגנען,
נאָר ס'עסן פֿון דײַן שטאַלקנעכטס הונט...

הייבט הויך די באָקאַלן, סאַטראַפּן און פֿירשטן,
און לויבט און באַזינגט דעם געוועלטיקערס מאַכט,
דער קיניג — ער זעט ניט, דער קיניג — ער הערט ניט,
מיט מורא דערוואַרט ער דעם סוף פֿון דער נאַכט...

---

[3] קעל, האַלדזורער.

# דעם נביאס גורל

ושמה לא תבוא.
/דברים, ל״ב/

ניט דו — ניט דו וועסט זען דאָס לאַנד כּנען,
ניט דו, אין וועמענס ברוסט עס האָט צו ערשט
אַרויסגעשפּראָצט דער טרוים, דער גאָלדענער,
פֿון פֿרײַע שבֿטים און פֿון גליקלעכע,
פֿון לאַנד וואָס פֿליסט מיט האָניק און מיט מילך,
פֿון גרינע בערג באַדעקט מיט ווײַנגערטנער,
פֿון תּבֿואה־פֿעלדער און פֿון קוואַלוואַסער,
ווען דיר אַרום געלעגן איז די וויסטעניש,
אַ טרוקענע, אַ זודיק זאַמדיקע,
ווען אָנגעפֿולט די ברענענדיקע לופֿט
האָט בלויז פֿון שקלאַפֿן־שטימען דער גערויש...

ניט דו, וואָס האָסט אין שטומע מדבר־נעכט
צום שטערן־הימל צוגעקערט דײַן בליק
און פֿאַר דײַן נבֿיא־אויג געזען פֿאַרשפּרייט,
אין העלער פּראַכט, אין פֿאַרבן בולטע,
די פּאַנאָראַמע פֿון די צוקונפֿטטעג...

ניט דו, וואָס ביסט אין שווערע מדבר־טעג,
אין טעג פֿון הונגער און פֿון דאָרשט און פּײַן,
אין טעג פֿון צווייפֿל און פֿאַרצווייפֿלט זײַן,
געווען דער איינזאַמער, דער איינציקער,
וואָס האָט געגלייבט דעם צוזאָג פֿון אַ לאַנד,
געבענטשט פֿון גאָט, געפֿילט מיט רײַכטימער —
ניט דו וועסט זען דאָס שיינע לאַנד כּנען...

און ווייסטו, וואָס דײַן נבֿיא־גורל איז? —
פֿאַרגיין אין מדבר וועט דײַן לעצטער הויך,
דאָס וואָיען פֿון די חיות אין דער וויסט,
דאָס גיפּטיק׳ שיפּען פֿון די מדבר־שלענג
נאָך וועסטן הערן אין דײַן גוסס־שעה...
דעם מידן שפּלותדיקן שקלאַפֿנבליק
פֿון צענדליגג טויזנט קעפּיקן המון,
פֿאַר וועמען דו האָסט פֿרײַהייט פֿאָרגעזאָגט נבֿיאות,
נאָך וועסטו צוזען פֿון דײַן טויטנבעט...
דאָך דו וועסט שטאַרבן בענטשנדיק, געבענטשט,
דען בליִען וועט פֿאַר דײַן פֿאַרגלאָזטן בליק
און גליִען אין דײַן פֿרײַרנדיקן בלוט
דײַן הייס געליבטע, פֿעסט געגלויבטע לאַנד,
דאָס פֿרוכט באַדעקטע לאַנד כּנען...

ניט דו, אין וועמענס ברוסט עס האָט צו ערשט
אַרויסגעשפּראָצט דער שיינער טרוים, וועסט זען
דאָס לאַנד דערוואָרבן...

ניט דו, דאָך ערגעץ ווו
געפֿאַלן איז אַ קערן אין דער שטיל
פֿון דײַן פֿראָפֿעטן־גלויבן און עס בליט...
און ס׳וואַקסט שוין נאָנט פֿון דיר דער יונגער העלד,
וואָס טרינקט דײַן וואָרט און זאַפּטיקט זיך מיט אים,
און קרעפּטיקט זיך פֿאַר טאַטן מעכטיקע...
עס פּלאַנט מיט קלאָרן גײַסט, מיט קאַלטן מוט,
ער קלײַבט כּלי־זיין שוין און חייל אויס,
ער חלומט ניט — ער חשבונט־אויס דעם וועג
און גרייט זיך טאָן, וואָס דו האָסט בלויז געטרוימט.

ניט דו, ניט דו, דער זעער און פּראָפעט,
נאָר ער, דער גיבור־מענטש, דער מאַן פון טאַט,
דער שטאַרקער יורש פון דײַן נביא־טרוים,
וועט פירן ס׳פאָלק צום שיינעם לאַנד כּנען...

אָקטאָבער 1906

## דאָס ערגסטע פון דער תוכחה

ניט שקלאַפערײַ, ניט שמאַכטן אין אַ ווײַטן לאַנד,
מיט קייטן אויף די פיס, מיט פּענטעס אויף דער האַנט,
ניט שרעקן זיך פאַר יעדן שוואַכן ווינט וואָס ווייט,
ניט ציטערן פאַר נאַכט, ווען העלער טאָג פאַרגייט,
און קוים קומט־אָן דער טאָג, שוין וואַרטן אויף זײַן סוף —
ניט דאָס, פאַרשאָלטן פאָלק, וועט זײַן דײַן ערגסטע שטראָף...

נאָר דו וועסט זען אַ מאָל דײַן אייגן פלייש און בלוט,
די פרוכט פון דײַנע לענדן, וואָס אויף אים גערוט
האָט אָפּט דײַן אויג, מיט שטום פאַרצווייפלטן געבעט,
ווען דיך אין שטויב געוועלצט[1] האָט יעדער פוס וואָס טרעט,
ווען שקלאַפן־טרערן האָבן דײַן געזיכט געווייקט
און שקלאַפן־שוואַכקייט האָט צו דר׳ערד דײַן קאָפּ געבייגט —
וועסט אים זען, אים, דײַן אייגן קינד, דײַן גואל־דם,
דעם לאַנג דערוואַרטעטן באַפרײַער פון דײַן שטאַם,
זיך אויפהייבן מיט אָדלערמוט, מיט לייבנמאַכט,
און זײַן דער ערשטער אין דער ערשטער ריי פון שלאַכט,
און געבן פרײַ זײַן בלוט, און בלוטן פול מיט פרייד,
דאָך ניט פאַר דיר, נאָר דאָרט אַוווּ דײַן שׂונא שטייט...

---

[1] געטאָטשעט, אָפּגעדריקט, אָפּגעשטעמפּלט.

און הייבן וועט ער אין דער הייך אַ פֿאָן דיר פֿרעמד,
און דו וועסט צוזען פֿון דײַן שקלאַפֿנשטײַג פֿאַרשעמט,
און שעלטן דעמאָלט וועסטו אים — דײַן אײנציק' טרייסט,
דײַן לעצטע האָפֿענונג צו ווערן אויסגעלייזט:
— אָ, שלאַנגענקינד, פֿאַררעטער פֿון דײַן שטאַם און נעסט!
די תּוכחה פֿון גאָט, וואָס האָט אַרײַנגעפּרעסט
איר גאַנצן גיפֿט אין מיר, און לײַב און זעל פֿאַרגאַלט,
זאָל פֿאַלן איבער דיר מיט דאָפּלטער געוואַלט...
זאָל דריקן ווי אַ באַרג פֿון שאַרבנס אויף דײַן ברוסט...
און הענגען זיך אין אַלצדינג וואָס דו טראַכסט און טוסט...
און יענע, וואָס דו האָסט געקעמפֿט אין זייער ריי,
אַוועקיאָגן דיך זאָלן מיט אַ האַסגעשריי...

און ד'ערד, די פֿרעמדע, וואָס דײַן בלוט האָט פֿעט געמאַכט,
דיך שטויסן זאָל צוריק אַווּ עס שמאַכט
דײַן אײגן פֿאָלק, און וועלקט אָן קאַמף און אָן געפֿעכט,
געדריקט פֿון אונטערדריקטעסטן — אַ קנעכט בײַ קנעכט...

## די נייע נבואה

און צו מיר האָט זיך אַ וואָרט פאַרגנבעט און מיין
אויער האָט עפּעס פון אים פאַרנומען.
(איוב ד' י"ב)

...אַזוי האָב איך אים אין מײַן דמיון געמאָלט...
אַזוי האָט געקלונגען זײַן שטימע פֿאַר מיר,
ווען איך האָב אין טונקעלע שטונדן געוואַרט
פֿון עמעצנס ליפּן צו הערן דאָס וואָרט,
וואָס איך האָב אין זיך ניט געפֿינען געקענט...
ווען איך האָב מיט עמעצנס פֿאַרטיקן גלויבן

מײַן אײגענע לײדיקײט פֿילן געזוכט
און האָב מיט דעם רײַכטום פֿון פֿרעמדע
מײַן פּראָסטיקע װיסטקײט באַפּלאַנצן געװעלט...
און רונד אַרום מיר געזען האָב איך פֿיל
אַזעלכע װי איך... און אַ שמאַכטנדער בליק
האָט אַ שמאַכטנדן צװײטן באַגעגנט,
און פּוסטקײט אין פּוסטקײט געשפּיגלט זיך האָט...

און דאַן אין מײַן דמיון אַרױס איז זײַן בילד:
אַ הױכער, אַ מאַכטיקער איז ער געשטאַנען
אױף ערגעץ אַ זײַל, צי אַ פֿעלדז, צי אַ באַרג —
דער יורש פֿון טױזנט פֿאַרשװוּנדענע יובֿלות,
די לעצט רײַפֿע שפּראָצונג פֿון דורות אָן שיעור,
די תּמצית געשטאַלט פֿון גילגולים אָן צאָל...
און פֿון זײַנע אױגן געקװאָלן האָט רו,
װי שײַן פֿון לבֿנה אױף פֿעלדער פֿון אײַז...
און אַזױ האָט געקלונגען זײַן שטים
צו מיר און צו זײ:

— און מער װעט פֿאַר אײַך זיך קײן הימל ניט שפּאַלטן,
קײן גאָט װעט זיך מער ניט אַנטפּלעקן פֿאַר אײַך,
אין װוּנק פֿון אַן אױג, מיט אַ דונער און בליץ,
און װוּנדער געשאַפֿענע תּורות אײַך שענקען...
און ס'װעט קײן פּראָפֿעט ניט מער פֿאַסטן פֿאַר אײַך
אױף אײנזאַמע באַרגשפּיצן טעג נאָך אַנאַנד
און לוחות אײַך קריצן מיט װוּנדיקע הענט,
און דאַן אין דער טאָלװעלט אַרונטער צו אײַך,
און העלע און ליכטיקע װערטער אײַך געבן,
זײַן האַרצבלוט אין איטלעכן בוכשטאַב פֿון זײ —
כּדי אײַך אין די צװישן מינוטן פֿון פֿרײד,
אין לײדיקן רױם פֿון גענוס ביז גענוס,

אַ רגע פֿון צווייפֿל, אַ שאָטן פֿון שרעק,
אַן איינציקן פֿלאַטער פֿון טויטוויסטע פֿליגלען,
אַ פֿרירנדן הויך פֿון פֿאַרצווייפֿלונג צו שפּאָרן...

און ס׳וועט ניט קיין פֿײַערזײַל גיין מער פֿאַר אײַך
און טויטן די שלאַנגען, און באַנען [1] דעם וועג,
וואָס איר וועט אַ גלײַכן, אַ גלאַטן געפֿינען,
און פֿילן זיך זיכער געפֿירט פֿון פּראָפֿעט...
אין שלאָפֿלאָזע נעכט, יעדער איינער פֿאַר זיך,
זיך וועלצן [2] אויף אײַער געלעגער וועט איר
מיט פֿיב׳רישע אויגן און קראַנק רויטע ברעמען.
פֿון ספֿקס נײַן־קעפּיקע שלאַנגען געביסן...
און וויסן וועט איר, יעדער איינער פֿון אײַך,
אַז איר מוזט די לוחות זיך האַקן אַליין,
און מוזט אָן אַ פֿירער די הימלען דערקלעטערן,
און מוזט אָן אַ פֿונק אין די אָפּגרונטן נידערן,
און נעמען און געבן אַ תּורה אַליין...

און קיינעמס וואָרט וועט ניט אײַך שטיצן דעם מוט,
דען אומעטום וועט איר אַן עכאָ בלויז הערן
פֿון אײַער געשריי: דעם קרעכץ פֿון אַ פּוסטער נשמה...

און דאַן, פֿון אייגענע פֿינצטערע תּהומען,
נאָך וואָכן, נאָך יאָרן פֿון שווערן זיך ראַנגלען,
אַ מאָט העלער פֿלעק, דאַן אַ שײַן, דאַן אַ ליכט,
אַרויסטראָגן וועט פֿון דעם פּעך־האָריזאָנט —
און איר וועט דערשפּירן אַ זיס זאַנפֿטע זאַפֿט,
וואָס זאַפּט דורכן מוח און שטאַרקט אײַער האַרץ,

---

[1] אויסלייגן דעם וועג, אויסהאַקן, אויסגלייכן, מ׳זאָל אים קענען ניצן. —
[2] זיך דרייען פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער.

און לײַטערט דעם זין און פֿאַריוגנט דעם געדאַנק —
דאַן זאָלט איר פֿון אײַערע לענדן דאָס זאַקקלייד
אַראָפּטאָן און אויפֿשטיין געבוירן פֿון ס'נײַ...
דען איר האָט אַנטפּלעקט אײַער גאָט,
אײַער אייגענעם איינציקן גאָט...

1911

# די געגנבעטע כלה

ס׳איז נאָך שלש־סעודות און ס׳טונקלט אין דרויסן,
דער שבת איז באַלד שוין פֿאַרגאַנגען:
„אָ, באַבעניו זיסע, דערצייל פֿון די שדים,
וואָס האָבן אַ כּלה געפֿאַנגען״.

די באַבע — זי קוקט דורכן פֿענצטער אין שולהויף
און זאָגט: „עס איז קענטיק ניט שפּעט נאָך,
מען האָט נאָך קיין ליכט אין דער שול ניט געצונדן,
דער מגיד, מסתּמא, ער רעדט נאָך״.

זי זיפֿצט און זי נעמט די שפּאַקולן אַרונטער:
„דער אייבערשטער זאָל אונדז באַהיטן,
ס׳וואָלט אַלצדינג כּשורה געגאַנגען, ווען שדים
זיך דרייען ניט אונטער אין מיטן.

פֿון יענער זײַט גראָבן געווווינט האָט ר׳ יואל,
אין כּבֿוד, אין עושר און גדולה;
צען קופּערטן — זאָגט מען — מיט גילדערנע רענדלעך
געשטאַנען בײַ אים זײַנען פֿולע.

און שיין איז געווען זײַן טאָכטער מאַריאַשע —
ווו זעט איר עס הײַנטיקע צײַטן?
די אויגן איר האָבן פֿון פּנים געלויכטן,
אַזוי ווי מנורות פֿון ווײַטן.

און קלוג, און אַ בריה... איר נייען און שטריקן,
איר העפֿטן געווען איז אַ חידוש;
גערעדט ווי אַ פּריצטע אויף פּויליש, געשריבן
אַזוי ווי אַ מאַנספּאַרשוין יידיש...

כּף אלף דוקאַטן און אייביקע קעסט האָט
דער רײַכער ר׳ יואל געבאָטן,
אַבי פֿאַר זײַן טאָכטער צו קריגן אַ חתן
מיט אַלערליי מעלות געראָטן...

נו, קענט איר זיך מאָלן... עס האָבן שדכנים
אַ לאָז געטאָן זיך פֿון דער סבֿיבֿה,
געזוכט און געבודקט אַוווּ אַ בית־מדרש,
געאַקערט אַוווּ אַ ישיבֿה...

ביז ס׳האָט זיך געפֿונען אַ תּכשיט, אַ בחור,
אַן אוצר פֿון גאָלדענע מעלות,
עס פֿלעגן זיך אַלטע רבנים נישט שעמען
בײַ אים קומען אָנפֿרעגן שאַלות.

מען האָט אים געטיטלט דער אַלמער מיט ספֿרים,
גערופֿן דער אײַזערנער באַרג אים,
נאָר וואָס איז דער חידוש?... דער יחוס־בריוו זײַנער
געצויגן האָט זיך ביזן תּרגום...

געהאַט האָט קיין גבֿול ניט די שׂמחה ר׳ יואלס,
וואָס האָט אַזאַ איידעם געפֿונען —
אַ צירונג אויף דער וועלט, אַ נחת אויף יענער...
נאָר לילית... זי האָט ניט פֿאַרגונען...

דער טאָג פֿון דער חופּה איז נאָענט געקומען,
מען האָט שוין גענומען זיך ריכטן,
מיט באַקן און פּרעגלען, און שמאָרען, און בראָטן,
און צוגרייטן רײַכע געריכטן...

נאָר האָט מען צו היטן די כּלה פֿאַרגעסן,
מיט חתונה־זאַכן פֿאַרנומען —
אַ מאָל, בין־השמשות, אַרויס איז די כּלה
און איז שוין צוריק ניט געקומען...

געקלאָגט האָט דער קצין, געקלאָגט האָט דער חתן,
וואָס האָט געזאָלט ווערן זײַן אײדעם,
און וואַלד אָבער האָבן דעם זעלביקן אָוונט
אַ חופּה געפּראַוועט די שדים...

און ס'האָבן טײַוואָלים־כּלי־זמרים געצימבלט,
און שדים־חזנים געזונגען,
די אָרעמע כּלה, די שײנע מושלמת [1],
אַ שד האָט גענומען אַ יונגן.

און יאָרן נאָך דעם ווי די מעשׂה פּאַסירט האָט,
בײַ נאַכט, ווען ס'פּלעגט ווײען אַ שטורעם,
געקענט האָט מען הערן, ווי ס'רײַסט זיך די כּלה
און יאָמערט פֿון טיפֿע יסורים...

## דעם חתנס טויט

אַוועק די כּלי־זמרים. דער עולם צעגאַנגען.
און חתן און כּלה מיט שטילע פֿאַרלאַנגען
באַקוקן זיך בײדע פֿאַרשעמט —
וואָס האָט זיך גאָר פּלוצלינג דערשראָקן דער חתן? —
די כּלה אַ שוויס האָט אַ קאַלטער באַגאָסן,
דאָס האַרץ ווערט זײ בײדן פֿאַרקלעמט.

אין אַ ווינקל פֿאַררוקט,
זיצט אַ פֿרעמדער און קוקט
מיט שטאַרע און פֿינצטערע אויגן,
אַזוי ווי זײַן בליק

---

[1] פולקומענע, מיט אַלע מעלות.

מיט מכשפישע שטריק
צו זיך וואַלט דעם חתן געצויגן.

די ליכט גייען־אויס אין די מעשענע לײַכטער.
דאָס צימער ווערט טונקעלער. די נאַכטלופט ווערט פײַכטער.
עס קריכן די שאָטנס אַרום אויף די ווענט.
דער כלה פון שרעק האָט דעם אָטעם פאַרנומען —
דער חתן האָט פּלוצלינג אין אורח, דעם שטומען,
דעם מלאך־המות דערקענט...

„אָ, פינצטערע מאַכט,
לאָז די איינציקע נאַכט,
לאָז די איינציקע נאַכט נאָך מיך לעבן!
ווען ס׳ברעכט־אויף דער שטערן
פון מאָרגן, דאַן גערן
וועל איך מײַן נשמה דיר געבן...״

עס בעט זיך דער חתן... דער בלייכער לבנהס
פאַראומערט געזיכט מיט אַ בליק פון רחמנות
דורכן פענצטער זיך גנבעט־אַרײַן...
די געשטאַלט אינעם ווינקל ווערט העכער און גרעסער,
און רוקט זיך אַלץ נענטער... עס גיט פון אַ מעסער
אין טונקעלן צימער אַ שײַן...

עס טראָגט זיך אין שטוב
דער געררוך פון אַ גרוב,
דער קלאַפּ פון קברנישע כלים
און ס׳טראַמפּלען פון טריט,
פון אַן עולם וואָס ציט,
אַ מחנה פון שטומע אבלים...

עס קומט ווי פון קבר... „צוריק נאָך מיט יאָרן
פאַרזינדיקט זיך האָסטו, פאַרשריבן געוואָרן,

אין פֿינצטערן בוך איז דײַן חטא —
באַשלאָסן דײַן טויט האָט פּמליא של מעלה.
און, ווו זיי באַשליסן, דאָרט פֿרעגט מען קיין שאַלה,
דאָרט העלפֿט ניט קיין קלאָג און געבעט..."

דער חתן דערפֿילט,
ווי זײַן בלוט ווערט פֿאַרקילט,
פֿאַרלאָשן די ליכט זײַנען אַלע —
אין צימער אַליין,
אין אַ ביטער געוויין,
ברעכט־אויס די אַלמנה, די כּלה...

## דעם שוסטערס מיידל

געלעבט האָט אין שטעטל אַן עושר,
אַ יחסן דערצו אַ באַוווּסטער;
ניט ווײַט פֿון דעם רײַכן מאַנס מויער
געוווינט האָט אַן אָרעמער שוסטער.

דער גבֿיר האָט געהאַט אַ בן יחיד,
אַ זײַדענעם בחור, אַן עילוי;
דער שוסטער געהאַט האָט אַ טאָכטער,
אַ זיסע, באַחנטע און שטילע.

און האָבן זיך יידע באַגעגנט,
זיי פֿלעגן זיך שעמען צו ריידן,
געשפּיגלט אין די אויגן נאָר האָט זיך
די זעלביקע ליבע בײַ ביידן.

פֿאַרשדכנט דער גבֿיר האָט זײַן עילוי
פֿאַר קעסט און צען טויזנט מזומן.

געשטאָרבן דאָס מיידל... געפּלאַצט האָט
איר האַרץ פֿון אַ ווייטיק אַ שטומען...

זינט דעמאָלט אין מיטן דער נאַכט, ווען
עס שלאָפֿט שוין דער גבֿיר אין זײַן מויער,
פֿון אונטער די פֿענצטערס דערהערט ער,
אַזוי ווי אַ שטימע פֿון טרויער.

עס כליפּעט... אַזוי ווי דאָס מיידל
דאָס טויטע וואָלט אונטן געוועזן...
אים דאַכט זיך אַזוי ווי זי וואָלט אים,
געשלעפּט און גערופֿן צו בית־דין:

„קום־מיט צו פּמליא של מעלה[1],
דאָרט זאָלסטו אַ חשבון מיר געבן,
פֿאַר איטלעכן טאָג וואָס דורך דיר איז
געוואָרן געקירצט פֿון מײַן לעבן...‟

שוין צען מאָל איז בעטן מחילה
דער גבֿיר אויף איר קבֿר געגאַנגען,
דאָך וועקן אים אַלץ נאָך פֿון שלומער
די זעלביקע ביטערע קלאַנגען.

## דער קמצן

ער האָט ניט קיין זאַך ניט פֿאַרגונען,
ווען ער האָט געלעבט אויף דער וועלט,
האָט פֿײַנט געהאַט זיך און דעם צווייטן,
נאָר האָלד געהאַט האָט ער זײַן געלט.

---

[1] די מלאָכים וואָס באַדינען גאָט.

געהאַט האָט ער קיין מאָל קיין קינד ניט,
האָט קיין מאָל קיין ווײַב ניט געהאַט,
איז שטענדיק געגאַנגען צעריסן,
קיין מאָל ניט געגעסן ביז זאַט.

געוווינט אין אַ הײַזל, אַ חורבֿה,
אין באָדגעסל ערגעץ פֿאַררוקט,
און דאָרטן געציילט זײַנע רענדלעך
און צען מאָל אַ טאָג זיי באַקוקט...

און ווען ס׳איז דער קמצן געשטאָרבן,
האָט קיינער ניט גלייבן געקענט,
אַז איבערגעלאָזן נאָר האָט ער
אַ בעטל און פּוסטע פֿיר ווענט.

עס האָט ניט קיין מענטש ווו עס ליגן
די אוצרות פֿאַרבאָרגן געוווּסט,
און אָנטאָן אין פֿרעמדע תּכריכים
האָט חבֿרה קדישא געמוזט...

און וויסט איז פֿון דעמאָלט די חורבֿה,
עס וווינט ניט קיין נפֿש אין איר...
נאָר שלאָגט עס בײַ נאַכט צוועלף אַ זייגער,
דאַן עפֿנט זיך פּלוצלינג די טיר...

דאַן קומט אין תּכריכים דער קמצן
און זוכט מיט דער ביינערנער האַנט,
ער זוכט און ער קראַצט, און ער גראַבלט,
און עפֿנט אַ לאָך אין דער וואַנט...

דאַן בלישטשען די גאָלדענע רענדלעך
אַרויס מיט אַ געלבלעכן שײַן —
ער ציילט זיי און ציילט אין דער פֿינצטער,
און לייגט זיי דאַן ווידער אַרײַן...

## דער תיקון

ירוחם דער קצבֿ ליגט גוסס צום שטאַרבן
און שיקט העגדום־פּענדום [1] צום רבֿ:
— אָ, רבי, איך וויל זיך מתוודה זײַן איצטער,
איידער ס׳וועט קומען מײַן סוף...

משונהדיק שווער זײַנען מײַנע עבֿירות,
עס צופּט מײַן געוויסן און רײַסט,
כ׳האָב צענדלינגער יאָרן געזינדיקט בשתיקה,
דעם עולם מיט טרפֿות געשפּײַזט...

פֿאַרקויפֿט טריפֿה־פֿלייש און פֿאַרקויפֿט טריפֿה־ביינער,
דורך מיר האָט געחוטאט [2] אַ וועלט,
איצט דאַכט מיר ווי מײַנע געשטאָרבענע קונדן [3]
מיר האָבן בײַם בעט זיך געשטעלט.

זיי רײַסן און קנײַפּן מיר רוקן און לענדן,
זיי שטעלן־אַרויס מיר אַ צונג,
דער איינער מיר פּראַסקעט [4] אין פּנים אַ לעבער,
דער צווייטער מיך פּאַטשט מיט אַ לונג...

כ׳האָב צענדלינגער יאָרן בשתיקה געזינדיקט,
דאָך איידער עס איז נאָך צו שפּעט,
פֿאַרלאַנג איך, אָ, רבי, איר זאָלט מײַן נשמה
פֿאַרריכטן מיט אײַער געבעט...

דער רבֿ האָט פֿאַרשפּראָכן [5], דער קצבֿ געשטאָרבן
און מ׳האָט אים געבראַכט אין זײַן רו,

---

[1] אין איין געאייל, אין איין געלאַף. — [2] פֿון חוטא געמאַכט אַ וועריב/ געזינדיקט. — [3] קונים, קליענטן. — [4] פּאַטשט, שלאָגט. — [5] דייטשמעריש/ צוגעזאָגט,

דרײַ טעג האָט געבלאָנדזשעט דעם קצבֿס נשמה,
דאַן איז זי אַרײַן אין אַ קו...

די קו האָט זיך תּיכף אין שטעטל באַוויזן,
דער רבֿ האָט פֿאַרשטאַנען דעם סוד
און באַלד ווי דער עולם נאָר האָט זיך פֿאַרזאַמלט,
געשיקט נאָכן שוחט פֿון שטאָט...

דער שוחט געמאַכט האָט אַ ברכה און אָמן
געשאָנקען האָט איטלעכן ליפּ...
געקוילעט די קו... און דער רבֿ אין איר כאָרכלען
דערקענט האָט דעם גוססן כריפּ

פֿון פֿעטן און זינדיקן קצבֿ ירוחם...
אים האָט זיך געדאַכט, ווי ער זעט
דעם טויטנס נשמה, וואָס פֿליט אין גן־עדן,
געלײַטערט פֿון פֿינצטערן חטא...

*

## דער צענטער צום מנין

די נאַכט פֿון יום־כּיפּור קוקט הייליק אַרונטער
מיט טויזנטער גאָלדענע אויגן,
אַזוי ווי אַ יום־טובֿדיק סאַמעט פּרוכת
דער הימל די וועלט האָט באַצויגן.
די גאָלדענע אויגן זיך מערן און מערן...
עס שטייען נײַן ייִדן און קנייטשן דעם שטערן,
צום דאַוונען די צײַט רוקט זיך נענטער,
דאָך קען זיך דער חזן ניט שטעלן צום עמוד
און זינגען כּל נדרי און יעלה ווי תּמיד —

עס פֿעלט זיי צום מנין אַ צענטער...
באַקלעמט איז דאָס האַרץ זיי, שוין דאַוונען ביחידות
וועט מוזן די קליינע קהילה,
מען וועט צו מאָל קדיש ניט קענען היינט זאָגן,
ניט ענטפֿערן אָמן אַפֿילו...
אָ, גאָט, צי ניט קענסטו אַ ווונדער באַווייזן?
און פּלוצלינג... באַמערקט נאָר... מיט האַסטיקע שפּרייזן,
א גרייזגרויער ייד איז געקומען;
אַוועק שוין די מורא, אַ דאַנק צו זיין נאָמען,
מ'עט קדיש שוין זאָגן און ענטפֿערן אָמן —
און שנעל זיך צום דאַוונען גענומען...

דער גרייזגרויער גאַסט שטייט אַליין אין אַ ווינקל,
ער רעדט מיט קיין מענטשן אַ וואָרט ניט;
ער קוקט אין זיין מחזור אַ גאַנצן מעת־לעת נאָר,
ער רירט זיך צו מאָל פֿון זיין אָרט ניט,
אַזוי ווי ער וואָלט ניט געהערן צום ציבור...
דאָך ווי נאָר דער הייליקער טאָג איז אַריבער
און אַלע אַהיים זיך געקליבן,
האָט פּלוצלינג דער אורח באַדעקט זיך מיט שטראַלן,
פֿאַר אַלעמענס אויגן געוואָרן פֿאַרפֿאַלן,
קיין שפּור איז פֿון אים ניט געבליבן.

## דער גילגול

ביַי די טירן פֿון בית־מדרש
ליגט אַ הונט פֿאַרוואַקסן ווילד,
קיינער ווייסט ניט ווער דער הונט איז,
אַלע הערן ווי ער בילט...

הערט מען זיַינע ויסטע וואָיעס,
קלעמט משונהדיק דאָס האַרץ,
עפּעס שפּירט מען אין זיַין בילן
מענטשן־יאָמער, מענטשנשמאַרץ.

און דער עולם באַלד דערקענט האָט,
וואָס דער הונט דער שוואַרצער וויל,
און מען האָט זיך צוגעוווינקען,
און געשושקעט אין דער שטיל:

ס׳איז אַן אומגליקלעכער גילגול,
איז געשטאָרבן אָן אַ קינד,
און ער זוכט אַ פֿרעמדן קדיש,
און ער בילט ביז ער געפֿינט...

# אַ פאַבל וועגן פאַבלען

ר׳ יעקבֿ קראַנץ (דאָס הייסט:
דער דובנער מגיד) ווי איר ווייסט
געוועזן איז באַקאַנט
מיט זײַן עילוייִשן טאַלאַנט
צו זאָגן קונציקע משלים.
און איינער האָט אַ מאָל אים
געבעטן אויסזאָגן דעם סוד,
ווי ער געפֿינט אַ משל אַזוי פֿלינק
צו יעדן פּסוק אין תּנך
און האָט פֿאַר יעדער זאַך
אַ גרייטן אַנעקדאָט.

דער מגיד האָט געענטפֿערט מיט אַ לאַך:
— איך קען עס אײַך דערקלערן גרינג,
דען טאַקע גראָד
דערויף פֿאַראַן איז
אַ משל אַן אַנטיק.

צוויי פּוילישע ווּיעלמאָזשני פּאַניס [1],
וואָס פֿלעגן
דערציילן נאָך אַנאַנד
די וווּנדערס
פֿון זייערע געיעגן
און רימען זיך באַזונדערס
מיט זייער שאַרפֿן בליק

[1] הויכגעשאַצטע האָרן (הערשאַפֿטן).

און זייער פֿעסטער האַנט —
באַשלאָסן האָבן דורך אַ וועט
אַנטשיידן,
ווער פֿון זייביידן
אין שיסערײַ איז מער געניט,
און אָפּגערעדט,
אַז ווער עס וועט
פֿאַר הונדערט טריט
אַ צירקל טרעפֿן אין דער מיטן
זאָל בלײַבן אומבאַשטריטן
דער אָנערקענטער העלד.

דער ערשטער, קודם כּל, האָט אָנגעשטעלט
מיט גרויסע הכנות דאָס געווער,
דאַן — האַלטנדיק דאָס אויג צום רער
אויף איניקע מינוט —
האָט ער געצילט זיך אַזוי גוט,
אַז על־פּי דין
און יושר האָט די קויל געזאָלט
אַוודאי גיין אַהין
אַוווּ דער פּריץ האָט געוואָלט...
דאָך קוילן האָבן אַ קאַפּריז
און די צו־להכעיסניצע איז
אין גושן אַזש פֿאַרקראָכן...

דער צווייטער האָט זיך ניט געבראָכן
דעם קאָפּ אַ לאַנגע צײַט —
ער האָט געשאָסן גלאַט
אויף גאָטס באַראָט
און נאָכן שיסן ערשט, מיט קרײַד
געמאַכט אַרום דער קויל אַ ראָד,

ביז זי האָט אַקוראַט
אין סאַמע מיטן זיך געפֿונען
און ער ממילא האָט די וועט געוווּנען...

— אויב איר ווילט וויסן —
האָט צוגעלייגט דער דובנער לאַפּאָנטען —
טו איך ווי יענער פּאַן
בײַם שיסן...
ערשט ווען
איך האָב אַ משל — דאַן
געפֿין איך אויס דעם נמשל אָדער דרוש
און טרעף ממילא גלײַך אין ציל אַרײַן...
— — — — — — — — — — — —
איר זעט, בכן, בחוש,
ווי לײַכט אַ פֿאַבל־דיכטער איז צו זײַן...

•

## דער שמאָלער שטראָם און דער פּויער

אַ וואַסערשטראָם, אַ קלאָרער ווי קרישטאָל,
נאָר זייער שמאָל,
איז דורך אַ פֿעלד געפֿלאָסן,
און ווער עס האָט גענאָסן
דעם קילן זילבערטראַנק,
פֿלעגט אים געגנוג ניט לויבן קאָנען
און זייער לאַנג דערמאָנען.

דער אייגנטימער פֿון דעם פֿעלד,
אַ פּראָסטער חי וקים,
האָט אָנגעקוואָלן, וואָס די וועלט

זיך קוויקט מיט זײַנע מים
און האָט אַזוי געקלערט:
אויב ס'האָט דער שטראָם אַזאַ מין ווערט,
ווען ער האַלט בלויז די גרויס אַ שפּאַן,
וואָלט געווען אַ גוטער פּלאַן,
אים מאַכן ברייטער מיט אַ צענדלינג פֿוס
און אים פֿאַרוואַנדלען אין אַ טײַך.
און טאַקע גלײַך
האָט ער גענומען אויסגראָבן די ערד
און האָט געאַרבעט טעג כסדר...

דאָך דעמאָלט, לײדער,
געהאַט האָט ער חרטה —
דען פֿון דעם קליינעם שטראָם, דעם קלאָרן
איז בלויז געוואָרן
אַ גרויסע, פּלאַכע בלאָטע...

•

## די רייפֿן, די קליעפּקעס און דער שפּונט

בײַ אַ געוויסן פֿאַס,
געפֿולט מיט אַלטן ווײַן,
איז אַ וויכּוח אָנגעגאַנגען:
די קליעפּקעס האָבן מיט אַ האַס
געשריִען צו די רייפֿן:
— באַרבאַרן!...
איר דריקט אונדז אײַן
די ריפּן און די שלייפֿן
און האַלט אונדז ווי אין צוואַנגען,
אַזוי ווי איר וואָלט זײַן

די האַרן...
און דאָך —
מע דאַרף זיך גאָר ניט נאַרן,
פֿון פֿאַס דעם תּוך
אַנטהאַלטן מיר,
ניט איר...
אַ ראַיה האָט איר, ווען עס פֿאַלט
אַראָפּ אַ רייף, איז גאָר ניט קיין פֿאַרלוסט,
און קריגן מיר נאָר ערגעץ־ווו אַ שפּאַלט,
ווערט ביסלעכווײַז די טון
דערפֿון
אין גאַנצן פּוסט...

די רייפֿן האָבן אין דעם קריג
געטענהט: — אײַער גליק
איז בלויז, וואָס אונדזער דריק
אײַך האַלט בײַנאַנד
אין איין צונויפֿגעפּרעסטן באַנד...
אָן אונדז וואָלט איר אויף שפּענדלעך זיך צעשיטן
און וואָס דער צוואַנג
און צוויק
איז גרעסער,
אַלץ זיכערער און בעסער
פֿאַר דעם געטראַנק,
וואָס איז אָנגעטרויט צו היטן...

אַלץ מער און מער פֿון שטונד צו שטונד
פֿון ביידע צדדים האָט מען דיספּוטירט
ביז פֿונקען האָבן אַזש געשפּריצט...
און אַלץ, ווײַל מ׳האָט אין גרונט
זיך ניט פֿאַראייניקן געקענט,

ווער אייגנטלעך דעם ווײַן באַשיצט...
און אונטערדעסן האָט פּאַסירט
אַ קליינער אינצידענט:
**דער שפּונט,**
אויף וועלכן מ׳האָט אין דער דעבאַטע
ביז לעת עתּה
אַפּילו ניט געקוקט,
(מען האָט עס גאָר פֿאַר נייטיק ניט געפֿונען),
האָט פֿון זײַן פּלאַץ זיך שטיל אַרויסגערוקט
און פֿון דעם פֿאַס איז אַלצדינג אַרויסגערונען...

•

## די זון און דער טעלעסקאָפּ

די זון האָט פֿון איר הויך אַראָפּ
באַמערקט אַ טעלעסקאָפּ,
וואָס איז געווען קעגן איר געריכט,
און וואַרפֿנדיק אויף אים אַ בליק,
וואָס האָט אים שיִער פֿאַרניכט,
האָט זי, פֿאַרערגערט, מיט אַ טאָן אַ שאַרפֿן,
אים אָנגעהויבן פֿאָרצוואַרפֿן,
פֿאַר וואָס פֿון אים איז
אַרויסגעקומען די קריטיק,
אַז זי האָט פֿלעקן און פּגימות,
און איז ניט גאַנץ פֿולקאָמען...

דער אַפּאַראַט,
וואָס האָט געהאַט
בײַ אַלע אַסטראָנאָמען
אַ גוטן נאָמען,

פֿאַר זײַן באַמערקן אַקוראַט
די שטערן און פּלאַנעטן,
געענטפֿערט האָט דער שטראַלן־געטין:

איך בין געווען יענער,
וואָס האָט צו ערשט אַנטפּלעקט דײַן גרויס
און אויב די וועלט אַצינדער ווייס
דעם אומגעהײַערן רוים וואָס דו
נעמסט אין די הימלען צו —
איז דאָס געשען נאָר
דורך מיר, וואָס בין
געווען אויף דיר דער בעסטער קענער...
און ווען, חלילה, איך געפֿין
אויף דיר אַ מום,
מוזסט דו ניט קוקן קרום
און אָנהייבן זיך דינגען...
דען אויב
דו האָסט פֿאַרדײַט מײַן לויב,
מוזסט דו מײַן טאַדל אויך פֿאַרשלינגען...

•

## די וועווערקע און דער זינגפויגל

אין ווינטער, אין אַ גרויסן פֿראָסט,
ווען ס'האָט אַ בייזער ווינט געבלאָזט,
איז אויף די הינטער־פֿיסלעך
אַ וועווערקע בײַ זיך אין בוים געזעסן
און האָט געקנאַקט אַ הויפֿן ניסלעך,
און מיט אַ גרויסן אַפּעטיט
געגעסן...

װען אין דער מיט
פֿון איר געשמאַקן קײַען
שפּרינגט־צו אַ פֿויגל, טרייסלענדיק פֿון קעלט,
און זאָגט צו איר מיט טרערן:
— איר מוזט פֿאַרצײַען,
וואָס איך וועל אײַער סעודה שטערן...
איך וואָלט אײַך בלויז געוועלט
אַ פֿרעג טאָן, אויב איר קאָנט מיר באָרגן
אַ יאָדרע אָדער צוויי,
ביז מאָרגן אָדער איבער מאָרגן...
שוין אַ מעת לעת ווי איך זוך אין שניי
און קען צו מאָל אַ קערן ניט געפֿינען...

די וועווערקע געוואָרן איז נערוועז.
(עס איז אַ נס
וואָס ז׳האָט זיך מיטן ביסן ניט דערוואָרגן)
און האָט גענומען שרײַען
ווי אויסן זינען: —
— אַוועק, דו, פֿרעסער־פֿויגל
און לאָז מײַן פּראַצע מיר אין רו פֿאַרדײַען...
אַ גאַנצן זומער האָט מײַן אויגל
אין אַלע ווינקעלעך געשפּיאָנט.
און ווען איך האָב געקאָנט
אַ ניסל ערגעץ ווו דערטאַפּן,
פֿלעג איך עס תּיכף כאַפּן
און רק איך האָב געזאַמלט און געזאַמלט...
ווו האָסטו דאַן,
דו, קליינער שאַרלאַטאַן,
דײַן צײַט פֿאַרבראַכט?
אַוודאי אומגעפֿלויגן שלינג און שלאַנג?

דער פֿויגל, פֿון ניט עסן אָפּגעשוואַכט,
האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט:
— איך האָב געזוכט מיט מײַן געזאַנג
דעם גאַנצן וואַלד צו געבן פֿאַרגעניגן
און קיין מאָל ניט קיין צײַט געקריגן
צו געבן וועגן זיך אַ טראַכט...

*

## דער שפּיגל און דאָס געזיכט

צום שפּיגל האָט געטענהט דאָס געזיכט:
— דײַן פֿליכט
דאַרף זײַן דעם אמת צו ווײַזן,
און דאָך איז יעדעס בילד דײַנס פֿול מיט גרײַזן,
און אַלצדינג ווערט
בײַ דיר פֿאַרביטן און פֿאַרקערט:
די זײַט, וואָס איז די רעכטע אויפֿן וואָרט —
זי שטעלסטו ווי די לינקע פֿאָר,
און די וואָס איז אין דער אמת לינק,
ווערט אומגעדרייט בײַ דיר אויף רעכט...

— דו ביסט גערעכט! —
געענטפֿערט האָט דער שפּיגל גיך —
איך אָבער ברענג
אַזוי אַרום דײַן יעדן שטריך,
אַז ס׳איז גענוג,
זאָלסט געבן בלויז אַ קוק
און וויסן, אַז דאָס מיינט מען דיך...
*

## דער אָדלער און דער קליינער שטראָם

אַ גרויסער אָדלער איז אַראָפּגעפֿלויגן
פֿון הימלס ברייטן בלויען תּהום
אַרונטער אין אַ שטילן טאָל;
און ווען עס זײַנען זײַנע אויגן
געפֿאַלן אויף אַ שמאָלן שטראָם,
וואָס האָט אָן שום פּרעטענזיעס זיך געצויגן,
און קוים געפּליושקעט אויפֿן קול,
האָט ער מיט מיטלייד אים באַקוקט...

— איך קען עס ניט פֿאַרשטיין —
האָט זיך דער קיניג־עוף געוווּנדערט —
ווי דו קענסט לעבן אַזוי אָפּגעזונדערט
און פֿון דער גרויסער וועלט פֿאַררוקט...
פֿאַרדריסט דיר גאָר ניט צײַטנווײַז,
וואָס דו ביסט אַזוי קליין?

דאָס וואַסערל האָט אָפּגעענטפֿערט מילד:
— איך טו מײַן אַרבעט אין מײַן קליינעם קרײַז.
איך בין צופֿרידן, ווען איך קען דערלאַנגען
אַ פֿרישן טראָפּן מײַנע שכנים־זאַנגען,
און פֿריי זיך, ווען דורך מיר ווערט אָנגעפֿילט
מיט זאַפֿט
דאָס הערצל פֿון אַ נאָנטער רויז...
(אויף מערער האָב איך ניט קיין קראַפֿט),
און ווען אַ מאָל
מיך הייבט עס אָן פֿאַרדריסן,
וואָס איך בין אַזוי שמאָל
און קען ניט אויפֿטאָן עפּעס גרויס' —
דערמאָן איך זיך אין אָקעאַן,

ווי איך און אַלע טײַכן פֿליסן...
און איך שטאָלציר,
וואָס דאָרטן איז פֿון מיר
אַ טראָפּן כאָטש פֿאַראַן...

*

## דער הונט וואָס בילט אויף דער לבנה

דער האָן האָט בײַ דעם הונט געפֿרעגט:
— צו וועלכן צוועק באַפֿאַלסטו
די ליכטיקע לבֿנה יעדע נאַכט?
צי טאַקע האַלטסטו,
אַז דײַן אַטאַקע מאַכט
אויף איר דעם מינדסטן עפֿעקט?
דו ביסט דאָך גלאַט אומזיסט־אומנישט
די כּוחות דײַנע מפֿקיר...

געענטפֿערט האָט דער האַווקער
(אַפֿילו ניט אַ האָר צעמישט):
— ווען דו ווילסט וויסן, ברודער האָן,
דעם רושם וועלכן איך מאַך־אָן,
דאַן גיב אַ קוק אויף איר קאָליר
און זע, ווי בלאַס
זי איז, בשעת
איך בייזער זיך אויף איר...

*

## די מויז און די אַלטע ספרים

אַ מויז, וואָס האָט זיך אויפֿגעהאַלטן
אַרום די שפּאַלטן
פֿון אַן אָנגעפּולטער ביכערשאַנק
און איז געווען באַקאַנט
מיט יעדן פֿאָליאַנט
און יעדער מינדעסטער בראָשור
פֿון יאָרן לאַנג צוריק,
האָט מיט אַ מאָל געקראָגן דעם געדאַנק,
צו אונטערציִען — ווי מען זאָגט — די שורה
און מאַכן אַ פֿאַרגלייַכנדע קריטיק
צווישן איין בוך און אַ צווייטן
(און ווי איר ווייסט, באַדאַרף מען דאָך ניט פֿיל,
און ווער עס וויל,
קען אָן אַ שום זיך גרייטן
אַ צווייטער בראַנדעס ווערן).

ז׳האָט גענומען ברייט דערקלערן:
— ווען אירווילט האָבן אמתן געשמאַק,
דאַן וואַרפֿט־אַוועק מיט האַק און פּאַק
די ביכער, וואָס מע רופֿט מאָדערן,
און קערט זיך צו די ספֿרים פֿון פֿאַר צייַטן...
אָט פֿרעגט בייַ מיר אַ ראָט:
איך וואָלט אין לעבן ניט פֿאַרבייַטן
אַן איינציק בלעטל אַנטיקוואַריש,
ניט וויסנדיק פֿון זייער חיות...

אַ קלוגער קאַמעראַד,
דערצו אַ שטיקל לץ,
האָט לאַכנדיק זיך צוגעהערט:

— מײַן װערדיקע פֿרײַנדין! —
האָט ער פֿון איר געלצט —
כ'האָב מורא, אַז דו האָסט מער זין,
פֿאַר די אַלטע חלבֿ־פּעטס,
װאָס אויף די בלעטער איז פֿאַרטריפֿט,
װי אויף דעם אינערלעכן װערט,
װאָס ליגט פֿאַרשטעקט
אין זייער שריפֿט...
דען דיר אין דר'אמת שמעקן
נאָר איינגנטלעך די שימל־פֿלעקן...
װײַל װען דו װאָלסט די זעלבע ביכער
געזען ערשט נײַ פֿון דרוק אַרויס,
דאַן בין איך זיכער,
זיי װאָלטן ניט געהאַט בײַ דיר קיין חן...
דען אויף זיך גריבלען האָסטו שאַרפֿע ציין,
דאָך קומט עס צום פֿאַרשטיין —
פֿאַרמאָגסטו נאָר אַ קעפּל פֿון אַ מויז...

*

## דער ענדיק און דער קאַנאַריק

אַ גרויסער, פֿעטער ענדיק,
װאָס איז געװען ניט מער פֿאַרשטענדיק
װי אַלע פֿון זײַן מין,
האָט איין מאָל אין
די טעג פֿון ניסן
אין הויז אַרומגעשפּאַצירט
מיט גדלות, מעשׂה באַלעבאָס,
און מיט דער מינע

פֿון אַ באַרימטן ווירטואָז,
פֿון צײַט צו צײַט טראַקטירט
די הויזלײַט מיט זײַן זיסן
און חנעוודיקן קול נגינה,
און מיט זײַן שטייגער אײַנגעלייגט דעם דאַך...

און כאָטש זײַן דריידלען אויף חזניש
איז פֿון האַרמאָניש
געווען אַזוי ווײַט ווי טאָג פֿון נאַכט —
געלאָזן האָט מען אים געמאַך...
דען נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט
די שמאַלץ,
וואָס ער וועט ברענגען,
איז אַלץ,
וואָס ער פֿלעגט זינגען,
געווען בײַ די בני־בית אָנגענומען,
און האָלדער איז געקומען צום שלוס,
אַז אין זײַן שיינער שטים
אַוודאי מוז
געפֿינען זיך אַזוי וואָס,
וואָס גיט די צוהערערס גענוס,
און אַלע זײַנען זײַנע בעלי־חובֿות...

איר קענט זיך מעלדן שוין ממילא,
אַז ווען מע פֿלעגט אים שטאָפּן
אין האַלדז די טײַערסטע אַכילה,
געווען איז בײַ אים קיין טראָפּן
פֿון צווייפֿל ניט אַפֿילו,
אַז דאָס איז פֿאַר זײַן כּלי...

און איין מאָל, נאָך אַ גרויסן פֿרישטיק,
געוואָרן איז דער ענדיק בגילופֿין

און האָט צו טראַכטן אָנגעפֿאַנגען,
אַז דער קאַנאַריק (וואָס איז זיך באַגאַנגען
מיט קערנדלעך צוויי־דרײַ)
זעט־אויס משונה אָרעם
און נישטיק,
און אַז זײַן גאַנצע טרילערײַ
שטייט ניד׳ריקער אויף הונדערט שטופּעס
פֿון יענעם תּרועה, שבֿרים,
וואָס ער, דער ענדיק, לאָזט־אַרויס,
פֿאַרהילכנדיק דאָס גאַנצע הויז...

דעם פֿויגל האָט עס קוים געאַרט
און ער האָט מיט אַ פֿײַף
דעם ענדיק אָפּגעסילוקט:
— דו מעגסט זיך האַלטן שטײַף
און פּאַנעווען [1],
ווי לאַנג דער באַלעבאָס באַוויליקט...
דאָך וואַרט —
אַ טאָג פֿאַר פּסח וועט ער קלאָר
דיר ווײַזן,
פֿאַר וואָס ער פֿלעגט דיך שפּײַזן,
און פּילעווען [2], און שאַנעווען,
פֿאַר דײַן צעבראָכענעם טענאָר
און דײַנע האָלדערשע מאָטיוון,
צי בלויז פֿאַר דײַנע גריוון...

---

[1] /פון פּויליש/ קאָמאַנדעווען, זיך פירן מעשה פּאַן, האַר, פּריץ.
[2] היטן (פּילנעווען).

## דער דאַרער הונט

אַ דאַרער הונט, אַ קודלעוואַטער
און קענטיק ניט קיין איבעריק זאַטער,
געשטאַנען איז בײַם אײַנגאַנג פֿון אַ דאָרף
און ווער עס האָט זײַן תּחום באַטרעטן —
האָט ניט געקענט פֿון אים זיך רעטן
מיט גוטע ווערטער אָדער גלעטן...
דער כּלבֿ פֿלעגט זיך טאָן אַ וואָרף
און מיט אַזאַ רציחה בילן,
אַז ס'פֿלעגט דאָס לעבן ווערן פֿריקרע...
און ס'האַרץ פֿלעגט אים ניט שטילן
אַווו ער פֿלעגט ניט נעמען מעשׂר
פֿון יענעמס איקרע [1],
צי קירצער מאַכן יענעמס הויז...

נאַטירלעך איז אין יענער לאַנדשאַפֿט
דער חשק מיט דעם פֿאָלע־רײַסער
צו מאַכן נענטערע באַקאַנטשאַפֿט
געווען ניט זייער גרויס
און ווי אַ פֿײַל
פֿון בויגן
איז איטלעכער געפֿלויגן,
דערזעענדיק דעם סוחר, פֿאַר אַ מײַל...

דער הונט אַליין האָט אָבער דווקא
זיך זייער שטאַרק געגרויסט דערמיט,
וואָס בשום אופֿן
האָט קיינער נאָך אין לעבן ניט

---

[1] /רויגן/ אינגעווייד, קישקעס און געדערעם, לייב און לעבן.

זײַן האַווקען
געקענט באַשטעכן אָדער קויפֿן
(הגם עס וואָלטן זיך געפֿונען קונים)
און ער האָט טריומפֿירט,
מיט די תחתּונים,
וואָס ער האָט רויִנירט...

— דו האָסט זיך ניט מיט וואָס צו גרייסן! —
האָט אים זײַן שטאָלץ צעקלאַפּט אַ מאָל
אַ פֿאַסטעכהונט (וואָס פֿלעגט זײַן קול
געברויכן דאַן בלויז ווען ס׳איז נוציק) —
דען אַלע ווייסן,
אַז האַווקען קען דער קלענסטער צוציק...
און וואָס דו לאָזסט זיך אין דײַן פֿרעכן
באַפֿאַל
פֿון קיינעם ניט באַשטעכן,
דאָס טוסטו ניט, כּדי דעם כּלל
צו דינען,
נאָר פּשוט, ווײַל דײַן בייזע גאַל
קען קיינעם ניט אַ טריט פֿאַרגינען...

*

## דער אַלטער שוך

אַן אַלטער שוך אַן אָפּגעניצטער,
אַן אויסגעקרומטער און פֿאַרשפּריצטער,
איז אויפֿן טראָטואַר געלעגן
צוזאַמען מיט אַ הויפֿן אַש
און, פֿלעגט ער זען זיך אויף דער גאַס באַוועגן
אַ שטאַרקן און געזונטן שוך,

אַ שטיוול אָדער קאַמאַש,<br>
באַלד פּלעגט ער אים באַגריסן<br>
מיט דעם באַטריבטן שפּרוך:<br>
— זײַ, ברודער, וויסן,<br>
דײַן גיין און לויפֿן איז הבֿל הבֿלים,<br>
דען ס׳גאַנצע לעבן איז אַ חלום.<br>
אָט נעם אַ מוסר זיך פֿון מיר:<br>
מיך האָט געטראָגן אַ באַנקיר.<br>
בײַ טאָג פּלעג איך מיט גאַווה שפּרײַזן<br>
אויף בערזעס און אין קאָמערציעלע קרײַזן,<br>
און אָוונטס פּלעג איך טרעטן<br>
אויף טײַערע פּאַרקעטן...<br>
און דאַן, ווען כ׳האָב פֿאַרלוירן דעם לאַקיר,<br>
האָט אָפּגעקויפֿט מיך אַן אַרטיסט<br>
(פֿאַר האַלב אומזיסט)<br>
און איך פּלעג טאָג פֿאַר טאָג זיך דרייען<br>
אין בילדער-גאַלערייען...<br>
און דאָך, ווען ס׳מאַכט זיך מיר אַ שאַנס,<br>
צו ווערן ווידער גאַנץ<br>
און קומען צו מײַן אַלטן גלאַנץ<br>
(אין קונסט צי אין פֿינאַנץ),<br>
וואָלט איך זיך זייער שטאַרק באַדאַנקט,<br>
און וואָלט בלויז רו און איינזאַמקייט פֿאַרלאַנגט...

אין מיטן פֿון אַזאַ מין זאַץ<br>
איז פֿון דער גאַס אַ בעטלער אָנגעקומען<br>
און האָט דעם שוך צו זיך גענומען...<br>
און אונדזער דעקלאַמירנדער קהלת,<br>
הגם צעריסן און צעפּליקט,<br>
און אָן אַ זכר פֿון אָפּזאַץ,

געוואָרן אויפֿן שטעל איז
ווי מיט אַ נײַער הויט באַצויגן
און איז געווען באַגליקט,
וואָס ער האָט אין אַ קבצנס אויגן
געפֿונען חן,
און ס׳איז געווען בײַ אים אַ זכות,
צו זײַן כאָטש אויף אַ בעטלערס פֿוס,
אַבי צו קענען ווידער גיין...

*

## דער מאָפּסהונט און דער צוג

אַ מאָפּסל, וואָס זײַן עובֿדא איז געווען
אַ גאַנצן טאָג אויף זון צו ליגן
און כאַפּן פֿליגן,
צי וועז ניט ווען
זיך נאָך דער אַלטער קאַץ צו יאָגן,
האָט איין מאָל, געבנדיק אַ חלק,
דערזען אַ שנעלן צוג
מיט אימפּעט דורכן פֿעלד
זיך טראָגן.
און געבנדיק אַ הייב זיך ווי אַ העלד
פֿון זײַן געזעס,
געפֿלויגן איז ער כאַפּן דעם עקספּרעס
און האָט געבילט אַזוי משונה
אויף די וואַגאָנען און די רעדער,
אַז יעדער
געקאָנט האָט מיינען, ס׳גייט אים אין חיונה...

און גאָר ניט אַכטנדיק, וואָס רוק און לענד אים
געטאָן שוין האָבן וויי,
געלאָפֿן איז ער הענדום־פּענדום,
מיט קולות און געוואַלדן,
אַ שעה נאָך דער ריי;
ביז ער האָט אויף די פֿיס די שוואַכע
ניט מער געקאָנט זיך האַלטן
און איז געפֿאַלן ווי אַ פּלאַכע [1],
פֿאַרסאַפּעט און אָן אָטעם...

אַ כאָרט (אַ ספּעציאַליסט אין הלכות יאַגד)
געפֿונען האָט אים
ביים טראַקט
אָן אויסגעווייקטן און אַ נאַסן,
און מיט אַ הייזעריקן האַלדז,
און אים געפֿרעגט געלאַסן
(דערמיט נאָך האָט ער זאַלץ
געשאָטן אויף דער ווונד
פֿון קליינעם הונט):
— קענסטו, אפֿשר, מיר זאָגן,
וואָס דו וואָלסט אייגנטלעך געטאָן
מיט אַ וואַגאָן,
ווען דו זאָלסט טאַקע אים דעריאָגן?...

*

[1] פּלאַכטע, שמאַטע.

## דער פּערל, דער בריליאַנט און דער דימענטגלאָז

אַ פּערל האָט מיט אַ בריליאַנט
אַ מאָל געטראָפֿן זיך בײַנאַנד
אין איין קאָמאָד
און איטלעכער פֿוןביידן
מיט אמתער התפּעלות
באַטראַכט פֿון צווייטן האָט
די גרויסע מעלות.

דער שטילער פּערל האָט באַשיידן
דעם אבֿן־טובֿ געלויבט
און זיך געוווּנדערט איבער הויפּט,
וואָס נאָך אַזוי פֿיל יאָרן
פֿון פֿינצטערן אין טיפֿער ערד
און זײַן פֿון לופֿט און ליכט באַרויבט
איז ער אַן איידלשטיין געוואָרן,
וואָס האָט אַזאַ געהויב׳נעם ווערט.
אויף זיך אַליין האָט ער געזאָגט,
אַז ער איז גרוי און מאַט,
און חוץ דעם קומט ער גלאַט
פֿון פּראָסטן שטאַם:
אַן אויסטער האָט אין ים
געמאָזלט צי געפּאָקט
און האָט אים אויף דער וועלט געבראַכט...

דער דימענט ווידער, האָט דערקלערט
פֿאַרקערט,
אַז מיט דעם פּערלס צניעותדיקער פּראַכט
און זײַנע צערטלעכע קאָלירן
קען קיין יוּוול [1] ניט קאָנקורירן...

אַ דימענטגלאָז (אַ ביליקער פּראָדוקט,
וואָס האָט דעם פּלומרשטיקן פֿינקל
פֿון אמתע תּכשיטין [2],
און אַ בעל־העזה נאָך דערצו איז)
האָט אין דעם שופֿלאָד־ווינקל,
וווּ ער איז געווען פֿאַררוקט,
פֿאַרדראָסן דאָס געשפּרעך
(באַזונדער די עניוות פֿון דעם שמועס),
און ער האָט פֿרעך
אַ'ריינגעפּלאַצט אין מיטן:

— כ'האָב מורא שטאַרק,
אַז איר, רבותי, ביידע זײַט
שוין לאַנג אַראָפּ פֿון מאַרק...
אין אונדזער צײַט
באַדאַרף מען אין דער ערד ניט ליגן,
צי פּאָקן אָדער מאָזלען קריגן,
כּדי צו ווערן אָנערקענט...
ס'איז בלויז געווענדט
פֿון דעם קענען,
צו קענען בלישטשען און געפֿעלן...
און אונדזער איינער,
וואָס איז אַ דימענט בלויז לפּנים,
געפֿינען גיכער וועט בעלנים,
וואָס וועלן
אים טראָגן אויף די פֿינגער
ווי איר, די עכטע איידלשטיינער,
ווײַל אונדז, פֿאַרשטייט איר, קען מען קויפֿן גרינגער...

[1] יוּוועליר, דער וואָס האַנדלט מיט גאָלד און זילבער. — [2] טייערע צירונג.

## דער וואַלפיש ז״ל

די פּישערלײַט
אין אַ געוויסן דערפֿל, בײַ דער זײַט
פֿון ים אוקינוס,
באַשערט געווען איז האָבן אַ סיורפּריז
און קריגן אומדערוואַרטעטע מתּנות:
אַ טויטער וואַלפֿיש, וועלכער איז
מיט טראָן געוועזן אָנגעגאָסן,
און זײַנע ביינער
באַטראָפֿן האָבן גרויסע סומען —
איז אויפֿן זאַמד אַרויפֿגעשווומען
זיי סאַמע צו די פֿיס...

און ווײַל ס׳האָט יעדער איינער
גענאָסן
פֿון דעם געשטאָרבענעם לויתן,
געבליבן איז בײַ דעם נאַיִוון קהל,
אַז אייביק זאָל
דער גוטער וואַלפֿיש ז״ל
פֿאַרבלײַבן אין זכּרון,
פֿאַר די ירושה, וואָס ער האָט דעם כּלל
געלאָזן נאָך זײַן טויט...

פֿון דענסטמאָל איז בײַ קינד און קייט
אין יענעם שטעטעלע געוואָרן
דעם נפֿטרס נאָמען הייליק און פֿאַרערט
און קיינער האָט זיך ניט באַקלערט
צו געבן ווען עס איז אַ פֿרעג,
אויב אין די טעג,
ווען ער איז נאָך געווען בײַם לעבן,
וואָלט ער פֿון זײַן עשירות זיי אַ לעק
געגעבן...

## שיין איז בלויז דער וואַלד

איך האָב געוואַנדערט דורכן וואַלד
און האָב געפֿרעגט מיט פּײַן:
— אויף וועלכן בוימשטאַם וואַקסט דאָס האָלץ,
וואָס וועט מײַן אָרון זײַן?...

געענטפֿערט האָט דער גאַנצער וואַלד
מיט בלעטער אָן אַ שיעור...
און כ׳האָב אין טומל ניט געהערט
דעם בוים וואָס רעדט צו מיר...

נאָר כ׳האָב געוווּסט, אַז ערגעץ ווו
צו מיר זײַן שטימע רעדט:
— בײַ מיר אין קאָרע־מאַנטל ליגט
שוין לאַנג דײַן קבֿר־ברעט...

דען יעדער בוים אַן אָרון איז
און יעדער שטאַם באַהאַלט
דעם שוואַרצן טויט פֿאַר עמעצן,
און שיין — איז בלויז דער וואַלד...

1911

## מיי־רעגן

— 1 —

וואָלקנס רוקן זיך צו וואָלקנס,
און אַ באַנדע קומט צוזאַמען —
אָנגעלאָדן פֿול מיט גנבֿות,
פֿון די טײַכן און די ימען...

פֿאַלט אַ שאָטן אויף די פֿעלדער...
אין דער נעסט די פֿייגל שטומען,
אין דעם זוימען וואַרט די שפּראָצונג,
אין די קנאָספּן וואַרטן בלומען...

נאָך אַ רגע... וועלן ווערן
אַלע לאָגלען אויפֿגעריסן,
און די גנבֿות פֿון די וואָלקנס
וועלן בוים און בייט געניסן...

— 2 —

דריבלען, דריבלען זיך די וואָלקנס,
אַלץ געדיכטער און אַלץ ראַשער,
לײַטערט אויבן זיך דער הימל,
אונטן ווערט די ערד נתעשר...

בייגט דעם קאָפּ די ברייטע ליפּע,
לאָזט פֿון רעגנגוס זיך וואַשן,
זופּט דער קוסט מיט הונדערט ליפּן,
זוכט דער גראָז וואָס מער צו נאַשן...

פֿון דעם נאַסן גראָז, בשתיקה
לויפֿט דער רעגן צו דעם גראָבן,

דאָרטן וועט ער לוסטיק שטראָמען,
און אַליין הנאה האָבן...

— 3 —

אָפּגעווישט דער לעצטער זכר
פֿון דער פֿינצטערער חבֿריא —
אָטעמט פֿרײַ דער הימל אויבן
לאַכט די ערד אַ שפּאָגל נײַע...

קענטיק ביידע שטאַרק צופֿרידן:
אויבן איז די בלויקייט העלער,
אונטן איז די לאָנקע גרינער
און געפּלאַצטע קנאָספּן מערער...

מאַכט מען זיך איין אַנדער חנדלעך...
שיקט די ערד אַרויף שילוחים:
פֿלײַען הין־און־הער די שוואַלבן,
פֿירן טרעלנדיק שידוכים...

שיקט צוריק דער הימל שטראַלן:
טאַנצן זיי אויף גראָז און בליטן,
ווערן אַלע טראָפּנס רעגן
אויף בריליאַנטן אויסגעביטן...

1913

## האַרבסטמאָטיוו

איך בין אויף טויטע בלעטער
בײַ נאַכט אין וואַלד געגאַנגען,
דורך הוילע צווײַגן האָבן
געזיפּט די זילבער־זאַנגען:
די שטילקייט פֿון די שטראַלן
איז אין מײַן ברוסט געפֿאַלן...

כ׳האָב ביז צום טײַך געוואַנדערט,
און האָב געזען די פֿונקען
פֿון שטאַרן, שטומען הימל
אין טויטן טײַך זיך טונקען...
איך האָב פֿאַרטײַטשט די שטערן:
הער־אויף דײַן קליין באַגערן...

דער ווינט האָט לײַכט געבויגן
די געלע וואַסער־שטענגלעך,
און עמעץ האָט געשעפּטשעט:
דער פֿרילינג איז פֿאַרגענגלעך,
ס׳פֿאַרגייט דעם אָסיענס טרויער —
ניט האָף און ניט באַדויער...

איך בין אויף טויטע בלעטער
פֿון וואַלד צוריקגעגאַנגען,
דער טוי אין קאַלטע פּערל
איז אויפֿן גראָז געהאַנגען:
די רו פֿון וואַלד און וועגן,
איז אויף מײַן זעל געלעגן...

1911

## אַ טויטע רויז

אַרויסגעפֿאַלן פֿון אַ בוך
איז מיר אין שויס,
אַ זכר פֿון אַ יוגנטטרוים —
אַ טויטע רויז...

כ׳האָב בײַ דעם בוך געפֿרעגט: ווי קומט
אַהער די בלום?
די שורות זיינען שטיל געווען
דער עבֿר — שטום...

אויף איינעם פֿון די בלעטער איז
אַ פֿלעק געווען...
ס׳האָט עמעצער געוויינט אַמאָל,
דאָך ווו? און ווען?

איך האָב די טויטע רויז געקושט,
געקושט די טרער...
ס׳האָט עמעצער געליבט אַמאָל,
דאָך וועמען? ווער?...

1912

## די שטילע

כ׳האָב הייסע ליפּן פֿיל געזויגן,
איך האָב פֿון שוואַרצע ימען אויגן
געטרונקען פֿריידן און געטרונקען סמען...
און גיפֿט און גליק צוזאַמען,
שוין זײַנען לאַנג אַוועקגעפֿלויגן...

נאָר אייגע, אַ געשטאַלט אַ שטילע,
וואָס האָט אין יוגנטברען, אַפֿילו
ניט צוגעצויגן מײַנע בליקן —
קומט איצט אין טרוים מיך קוויקן
און מורמלט איבער מיר אַ תּפֿילה...

1913

## דערקענט

איך האָב זיך אין איר בליק געטובֿלט
און זיך געלײַטערט רייך,
און שענער איז מײַן זעל געוואָרן,
ווען כ'האָב געזאָגט: — ביסט שיין...

דאָך זי האָט אַזוי פֿרעמד געשמייכלט —
האַלב פֿרוי און האַלב אַ קינד...
זי האָט געקרײַזלט מײַנע לאָקן
און שטיל געזאָגט: — ביסט בלינד...

און ווען איך האָב מיט פֿרומע ליפּן
געקושט איר מאַנטלס ברעג,
אַ ווילדע איז זי אויפֿגעשפּרונגען:
— דו מוזסט פֿון מיר אַוועק!

מײַן לײַב איז שניי, מײַן בלוט איז לאַווע,
מײַן ליבע ווי דער ווינט...
און כ'בין פֿון שרעק צוריקגעפֿאַלן:
איך האָב דערקענט — די זינד...

1911

# קייטן

— 1 —

איך האָב פֿון דײַנע ליפּן
דײַן האַרץ אַרויסגעזויגן,
איך האָב דיר די נשמה
אַרויסגעקושט פֿון ד׳אויגן...

און ווי דו וועסט איצט וואַנדערן,
ליבהאַרציק קינד, זײַ וויסן:
דו וועסט פֿון דײַן נשמה
זײַן אייביק אָפּגעריסן...

איך האָב דיך פֿעסט פֿאַרפֿלאָכטן,
מיט שטריק פֿון לוסט געקניפּטע,
איך האָב מיט טויזנט רינגען
דיך אָנגעקייט, געליבטע...

און ווען סטו זיך באַפֿרײַען,
קען איך פֿאָרויס דיר זאָגן:
ווען סט ביזן טויט די צייכנס
פֿון מײַנע קייטן טראָגן...

— 2 —

ווען סט קושן פֿרעמדע ליפּן
און ווען סט אין מײַנע דענקען,
ווען סט אין אַ צווייטנס אָרעמס
נאָך מײַן אומאָר׳מונג בענקען...

און וועט דיך עמעץ צערטלען,
דאַן ווען סטו ד׳אויגן שליסן,
און אין געהיים דעם פֿיבער
פֿון מײַנע הענט געניסן...

און וועט דיר עמעץ ליבע
מיט הייסער שפּראַך דערקלערן,
דאַן וועלן פֿון די ברעמען
דיר טריפֿן שטילע טרערן...

ער וועט די טראָפּנס שלינגען
און זיך מיט שטאָלץ באַקריינען,
דאָך דו ווען סט אין דער אמת
דײַן טויטן טרוים באַוויינען...

1911

## אויפן ים

דער ים איז שטיל.
עס גייט די שיף
מיט שטאָלצער רו איר וועג
און לאָזט נאָך זיך
אין גרינעם ים
אַ ווײַסן, לאַנגן פֿלעק.
פֿון ווײַטן זעט
אַן אינדזל זיך
באַדעקט מיט גרינעם וואַלד.
די לופֿט איז פֿריש,
דער הימל בלוי,
זי זון — זי קוויקט און שטראַלט.
עס וויגט מײַן זין
זיך מיטן ים
אין זיסן הין־און־הער
און אויפֿן דעק
שטיי איך און קוק,
און ווער פֿאַרטויבט אַלץ מער.
איך ווייס ניט וואָס,
איך ווייס ניט ווי,
עס טראַכט און פֿילט זיך סתּם;
עס שטרעקט און שפּרייט
דער גײַסט זיך ברייט
און רויִק ווי דער ים...
איך שפּיר אין זיך
דעם שיינעם וואַלד,
דעם בלויען הימלצעלט;
די שטראַלן פֿון
דער גרויסער זון,
דאָס ברייטע וואַסערפֿעלד...

## דער ענטפּער

כ׳האָב אין שפּאַלט פֿון טויטע פֿעלדזן
גענזען אַ דאַרן יתום־קוסט:
— ווי קאַלט איז דאָ, ווי פּוסט איז דאָ!
פֿאַרוואָרפֿענער, וואָס טוסטו דאָ?
זײַן ענטפֿער האָט פֿאַרקלעמט מײַן ברוסט:
— כ׳וויל לעבן...

כ׳האָב אויף דער הייסער, הוילער וויסטע
געזען אַ גרויע קלאַפּערשלאַנג:
— פֿאַרשאָלטענע, וואָס קריכסטו דאָ?
וואָס ניצסטו און פֿאַרריכסטו דאָ?
איר ענטפֿער ליגט מיר אין געדאַנק:
— כ׳וויל לעבן...

איך האָב אין מיטן פֿון אַ זאַמדוועג
אַ קליין מוראַשקע־נעסט געזען:
— אָ, שוצלאָזע, וואָס בויסטו דאָ?
אויף וועלכן צופֿאַל טרויסטו דאָ?
דער ענטפֿער איז אַ שליוכץ געווען:
— כ׳וויל לעבן...

1912

## פאָלקסמאַטיוו

— מאַמעניו מײַנע, מאַמעניו האַרץ,
בינד־אָפּ פֿון מײַן האַלדז די קאַרעלן,
דער קייסער וועט קומען צו פֿאָרן אַהער
און כ׳וועל אים, חלילה, געפֿעלן...

— טאָכטערל מײַן, טאָכטערל גאָלד,
דײַן הערצעלע זאָל זיך ניט פּלאָגן,
איך וויל ניט, דער קייסער זאָל האָבן דיך האָלד,
און דו וועסט קיין צירונג ניט טראָגן...

— מאַמעניו מײַנע, מאַמעניו האַרץ,
מײַן צאָפּ טו מיר מיאוס פֿאַרקעמען,
דער קייסער וועט קומען צו פֿאָרן אַהער
און שיקן שטאַפֿעטן מיך נעמען...

— טאָכטערל מײַן, טאָכטערל גאָלד,
ער וועט קיין שטאַפֿעטן ניט שיקן,
איך וויל ניט, דער קייסער זאָל האָבן דיך האָלד,
און קניפּ דיר אַ קאָלטן אַ דיקן...

— מאַמעניו מײַנע, מאַמעניו האַרץ,
מײַן ווײַסע געזיכט טו פֿאַרשמירן,
דער קייסער וועט קומען צו פֿאָרן אַהער
און וועט אין זײַן פּאַלאַץ מיך פֿירן...

— טאָכטערל מײַן, טאָכטערל גאָלד,
האָב נאָר ניט קיין מורא אין האַרצן,
איך וויל ניט, דער קייסער זאָל האָבן דיך האָלד,
און וועל דיך מיט סאַזשע פֿאַרשוואַרצן...

— מאַמעניו מײַנע, מאַמעניו האַרץ,
כ׳טו ביטערע טרערן פֿאַרגיסן,
דער קייסער וועט קומען צו פֿאָרן אַהער,
ווו קען איך די אויגן פֿאַרשליסן?...

— טאָכטערל מײַן, טאָכטערל גאָלד,
אַנטלויף ווי אַ פֿײַל פֿונעם בויגן,
כ׳האָב מורא, דער קייסער וועט קריגן דיך האָלד,
ווען ער וועט נאָר זען דײַנע אויגן...

1913

## שברי לוחות

איך האָב, ווי משה, מײַנע לוחות
מיט מײַנע הענט צעשמעטערט,
איך האָב אַליין צעהאַקט די בילדער,
וואָס לאַנג האָב איך פֿאַרגעטערט...

איצט ליג איך אויף דער ערד דערשלאָגן
און קלײַב די שבֿרי לוחות,
און וואָס איך האָב מיט כּעס פֿאַרוואָרפֿן —
איך שמאַכט נאָך דעם און זוך עס.

כ׳קוש איטלעך שערבעלע באַזונדער
און וואָלט זיך גליקלעך שעצן,
ווען איך זאָל קענען פֿון די שטיקער
צוריק צוזאַמענזעצן

דעם אַלטן, לעבעדיקן אָפּגאָט,
וואָס פֿלעגט מײַן גײַסט פֿאַריאָכן,
וואָס איז געווען מײַן פֿרייד, מײַן קומער,
מײַן שמאַרץ און מײַן בטחון...

איך זוך און זאַמל פּיצלעך, ברעקלעך,
און אָפּט מיר נאַרט מײַן רעיון,
אַז מיר איז סוף־כּל־סוף געלונגען
מײַן גלויבן צו באַנײַען...

דאָן באַלד פֿאַרגייט די פֿאַלשע האָפֿענונג,
די לעצטע פֿונקען שטאַרבן:
מײַן גאָט איז טויט... אומזיסט נאָר דריק איך
צום האַרצן יעדן שאַרבן...

## פון ציקל „בלומען און דערנער"

דו פֿרעגסט מיך, פֿאַר וואָס איך בין טרויעריק —
צי ווייסטו דען ניט פֿאָרויס,
ס'איז ד'אַלטע באַקאַנטע געשיכטע,
עס שפּילט זיך אַ קאַץ מיט אַ מויז...

דאָ יאָגסטו מיך גרויזאַם פֿון דאַנען,
דאָ גלעטסטו און האַלדזסטו און קושסט,
באַלד סמסטו מיט אײַפֿערזוכט־שמאַרצן,
באַלד פֿילסטו מיט תּענוג מײַן ברוסט...

זאָל גלייבן איך, ווען דו האָליובעסט[1],
צי דאַן ווען דו שטויסט מיך פֿון זיך? —
פֿאַרמשפּט אויף טויט מיך, דערהרגע,
נאָר טו עס, איך בעט דיך, אויף גיך...

*

איך קען ניט דײַן פּנים פֿאַרמײַדן
אַוווּ נאָר איך קער זיך און ווענד,
עס ווינקט מיר אויף טויזנט אופֿנים
פֿון טירן און פֿענצטער, און ווענט...

דאָ פֿלעגסטו געוויינטלעך זיך זעצן,
דאָ ביסטו געשטאַנען, מיר דאַכט,
דאָרט האָסטו געשטיפּט און געפּלוידערט,
און דאָרט מיך געקושט און געלאַכט...

און שליסט מיר דער צער די אויגן,
עס יאָגט און פֿאַרפֿאָלגט מיך דײַן בליק,

---

[1] צערטלסט, שפּילסט זיך אין פֿאַרליבעניש.

אין ווילדע פֿאַנטאַסטישע טרוימען
זיך פלאָנטערט אַהין און צוריק...

קום שנעל, מכשפֿה, באַווײַז זיך!...
ווען ניט, האָב רחמנות, נעם־צו
דעם כּישוף, וואָס לאָזט ניט פֿון ווײַטן
בײַ טאָג און בײַ נאַכט מיר קיין רו...

*

כ׳וואָלט געוויס שוין שבֿעים לשון
אויסגעלערנט אין דער צײַט,
וואָס עס נעמט מיר צו שטודירן,
וואָס דײַן אויגנשפּראַך באַטײַט...

אָפֿט מאָל מיין איך, כ׳האָב געפֿונען
יענע סודות וואָס איך זוך,
מיין איך, ווייס שוין איטלעך פּינטל
פֿון דײַן בליקן־ווערטערבוך...

דאַן באַווײַזט זיך ניט געריכט גאָר
אויף דײַן ברעם אַ זיסער ווונק,
אין דײַן בלויען אויג צעשפּילט זיך
גאָר אַ שפּאָגל נײַער פֿונק...

כ׳וועל שוין שטאַרבן און ניט וויסן
פֿון דײַן בליק דעם טיפֿן מיין;
אָפֿט מאָל צווייפֿל איך אין גאַנצן,
אויב דו ווייסט עס גאָר אַליין...

*

אין דעם ווײַטן לאַנד מצרים —
זאָגט מען — שטייט אַ פּיראַמיד,

הייבט די זון נאָר אָן צו שײַנען,
הייבט ער זינגען אָן אַ ליד...

אָבער גייט די זון אַרונטער,
קערט איר פּנים אָפּ פֿון אים,
הערט דער טורעם אויף צו זינגען
און פֿאַרלירט זײַן צויבערשטים.

קוק מיך אָן, איך בין דער טורעם
און דו ביסט מײַן גאָלד׳נע זון,
הייבט דײַן פּנים אָן צו לײַכטן,
הייב איך זינגען אָן דערפֿון.

אָבער ווען דײַן בליק ווערט פֿינצטער,
און באַקוקט מיך בייז און קרום,
ווערט מײַן אייגן האַרץ פֿאַרחושכט
און איך ווער באַטריבט און שטום.

*

דו האָסט מיר צו ווייַנען פֿאַרבאָטן,
דו קענסט ניט קיין טרערן פֿאַרטראָגן,
נו, לאַך איך אַ פֿאַלשן געלעכטער,
בין לוסטיק ווען ס׳ווילט זיך מיר קלאָגן...

מוז קונציק פֿאַרשמייכלען די וואָלקנס,
וואָס ווילן באַדעקן מײַן שטערן,
מײַן שטים ווי אַ בדחן פֿאַרשטעלן,
דו זאָלסט ניט, חלילה, דערהערן

דעם קרעכץ אינעם טאָן און דערקענען,
אַז נאָכגעמאַכט זײַנען די קלאַנגען,
און דאַן ווען מײַן מויל שיט מיט בלומען
מײַן האַרץ ווערט צעביסן פֿון שלאַנגען...

*

איך בין אַזאַ עושר געוועזן,
דו האָסט דאָך רײַך מיך געמאַכט,
דײַן ליבע — מײַן גאַנצער פֿאַרמעגן,
דײַן טרײַשאַפֿט — מײַן אײנציקע מאַכט...

דאָך האָסטו מיט פֿאַלשע מטבעות
מיך מיאוס גענאַרט און פֿאַרפֿירט,
האָסט פּלוצלינג מײַן לעבן פֿאַראַבֿיונט,
דײַן ליבע — זי האָט באנקראָטירט.

איצט בלײַב איך אַ קבצן אויף אײביק,
דאָס האַרץ איז געבראָכן און פּוסט,
צו שפּעט פֿון דאָס נײַ אָנצוהייבן,
צו שפּעט און צו גרויס דער פֿאַרלוסט...

*

שוין האָב איך צעבראָכן די קייטן,
מיט וועלכע זי פֿלעגט מיך פֿאַריאָכן,
נאָר האָב איך אין אײנעם מיט קייטן
מײַן אײגענע האַרץ אויך צעבראָכן.

איצט גיי איך אַרום אַ בן־חורין
און זי האָט פֿאַרשפּילט איר מלוכה,
דאָך פֿעלט מיר אַמאָליקע קנעכטשאַפֿט,
עס גייט מיר ניט אײַן די מנוחה...

אָ, גיט מיר צוריק מײַנע קייטן,
דאָס ווילדע, פֿאַרצערנדע פֿײַער,
כ׳וועל בעסער זיך צאַפּלען אין פֿלאַמען
ווי ווערן פֿאַרפֿרוירן אין פֿײַער.

## בלאָנדזשענדיק

איך האָב געבלאָנדזשעט אין דער נאַכט
אויף וויסטע וועגן,
מײַן פֿוס איז קראַנק פֿון גיין און גיין,
מײַן האַרץ — פֿון פֿרעגן...

און מיר אַנטקעגן אין דער נאַכט
איז אָנגעקומען,
אַ וואַנדערער וואָס האָט בײַם קלייד
מיך אָנגענומען

און האָט געזאָגט: — איך זוך אַ שטעג
דו מוזסט מיך פֿירן...
זײַן ווונטש האָט הייסע בלײַ געטריפֿט
אויף מײַן געהירן

און כ׳האָב מיט שאַנד און וויי גערעדט:
— מײַן יתום־ברודער,
כ׳בין אַ שיפֿל אויף אַ תּהום,
אָן ליכט, אָן רודער...

כ׳האָב טויזנט ברעגן אויסגעפּרוווט
און ניט געטראָפֿן,
כ׳האָב טויזנט טרוימען אויסגעטרוימט
אין פֿאַלשן האָפֿן...

דאָך קום, מיר וועלן וואַנקענדיק [1]
צוזאַמען וואַנדערן
און איינעמס האַנט וועט האַלטן פֿעסט
די האַנט פֿון אַנדערן...

---

[1] קווענקלענדיק, וואַקלענדיק.

ער האָט די פֿינגער קאַלט פֿון מיר
צוריקגעצויגן:
— מיר זײַנען ביידע בלינד... וואָס וועט
חבֿרותא טויגן?...

ער האָט מיך איינזאַם שטיין געלאָזט...
און אין מײַן זינען
האָט דומפּ געהילכט: — דו מוזסט דײַן וועג
אַליין געפֿינען...

1912

## דאָס קראַנקע קינד

געשמייכלט האָט דאָס מײַלכעלע
פֿון שלאָף געעפֿנט האַלב,
געלעגן מאַט דאָס קעפּעלע
ווי בײַ אַ קראַנקער שוואַלב...

געהאַלטן האָט זי צוגעדריקט
צום הערצעלע געטרײַ:
די ליאַלקע מיט די ברוינע האָר,
דעם הונט פֿון פּאָרצעלײַ...

און אויסגעשפּרייט איר רײַכטום איז
געלעגן נעבן איר:
דרײַ שפּולכעלעך, דרײַ בענדעלעך,
פֿיר קווייטן פֿון פּאַפּיר...

דאָס האַרץ געוואָרן איז מיר שווער
און כ׳האָב בײַם קליינעם בעט —
צום ערשטן מאָל אין יאָרן פֿיל
געמורמלט אַ געבעט...

# אַ זעונג

איך האָב אים ערגעץ ווו געזען —
איך ווייס ניט ווו און ווייס ניט ווען.

און תּמיד ווען מײַן האַרץ איז קראַנק,
שווימט ער אַרויס מיר אין געדאַנק.

זײַן אויג איז מילד, זײַן בליק איז העל —
ער לייענט דעם ווייטיק פֿון מײַן זעל.

זײַן וואָרט פֿאַלט ווייך ווי מאָרגנטוי,
איך שלינג עס אײַן און גלייב און טרוי.

זײַן ווילן איז ווי פֿעלדזנפֿעסט,
זײַן האַרץ איז ווי אַ וואַרעמע נעסט.

ער גלעט מיך און ער זאָגט: — דו ביסט
אַ לאַם וואָס בלאָנדזשעט אין דער וויסט...

דער וועג איז שווער און דו ביסט מיד,
דאָך איך בין שטאַרק און נעם דיך מיט...

ער פֿירט מיך און איך פֿרעג ניט ווו,
דען ווו ער גייט, גייט־מיט די רו...

און כ׳פֿאָלג אים וואָס און ווי ער הייסט,
דען וואָס ער זאָגט איז ליכט און טרייסט...

איך האָב אים ערגעץ ווו געזען —
איך ווייס ניט ווו און ווייס ניט ווען...

1912

## קעניג אָדער שקלאַף?

בין איך דער זיגער צי באַזיגט?
איך קען עס ניט אַנטשיידן.
איין שטאַרקער כּישוף־באַנד פֿאַרשטריקט
מיט גלײַכער מאַכט אונדזביידן...

מײַן לאַשטשען דיך, מײַן בעטן זיס
איז שטאַרקער פֿון באַפֿעלן;
און ווען דו קניסט מיר צו די פֿיס,
זוך איך דיך צו געפֿעלן...

איך בין אַ מלך אויף דער קייט,
אַ קנעכט מיט קעניג־מינע,
און דו — אַ שקלאַפֿין וואָס באַשטייט,
אַז זי איז קייסערינע...

1911

# אונדזערע פּראָפעסאָרן

מען האָט גערעדט פֿון די גרויסע אידעאַליסטן פֿון אונדזער צײַט. יעדער האָט געהאַט צו דערציילן וווּנדערלעכע אַנעקדאָטן פֿון דער זעלבסט־אויפֿאָפּפֿערונג, וואָס זײַן העלד האָט אַרויסגעוויזן, פֿון דער גדלות פֿון זײַן אָפּגאָט.

דער באַלעבאָס, אַרום וועלכנס טיש מיר זײַנען געזעסן, אַ ייִד פֿון אַ יאָר זעכציק, מיט קלוגע, שוואַרצע אויגן און אַ לאַנגער ווײַסער עכט ייִדישער באָרד, איינער פֿון יענע טיפּן פֿון דעם אַלטן דור, פֿאַר וועלכן די יונגע פֿילן ניט־ווילנדיק אַ מין שרעק געמישט מיט בושה, האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און שווײַגנדיק זיך צוגעהערט צו אונדזערע סיפּורים.

— און איר, ר׳ זאבֿ, זאָגט דאָך, אַז די הײַנטיקע זײַנען ניט ווערט אַ שמעק טאַבאַק! — האָט זיך ענדלעך אַרויסגעכאַפּט דער יונגער אינזשיניער מיט ברילן.

— און וואָס דענקט איר מכּוח די אַלטע?

ר׳ זאבֿ האָט לאַנגזאַם אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, אַרויסריידנדיק די דאָזיקע ווערטער און פֿאָרשנדיק אָנגעקוקט די יונגע געזיכטער אַרום אים.

מיר האָבן געוווּסט, אַז באַלד וועט קומען איינע פֿון יענע האַרציקע געשיכטעס, וואָס האָבן אונדז געמאַכט טײַער און ליב אַ פּערזאָן, מיט וועלכער מיר האָבן איבעריקנס ניט געהאַט קיין איינציקע בשותּפֿותדיקע מיינונג.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. מיר האָבן געוואַרט און פּרובירט פֿאָרויס טרעפֿן דעם אינהאַלט פֿון דעם וואָס וועט קומען. דער אַלטער האָט געגלעט זײַן באָרד. ער האָט קענטיק געזען פֿאַר די אויגן עפּעס

וואָס איז ניט געווען ניט אין צימער און ניט אין דער קעגנוואַרט, נאָר ערגעץ אין אַ ווײַטן לאַנד, אין דעם נעפּללאַנד פֿון עבֿר.

און דאַן האָט ער גענומען דערציילן:

— בײַ אײַך האָט איר איצט גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן, און פּראָפֿעסאָרן. בײַ אונדז האָבן מיר געהאַט ישיבֿות, ווו מען פֿלעגט זיצן טאָג ווי נאַכט און לערנען. ניט אויף צו קריגן דעם דיפּלאָם און אַ דאָקטער־טיטל, נאָר צו קוויקן זיך מיט דעם וואָרט פֿון גאָט... און אַנשטאָט אַ פּראָפֿעסאָר פֿלעגט זײַן אַ ראש־הישיבֿה, וואָס האָט געגעסן ברויט מיט וואַסער און איז אַליין געזעסן יומם ולילה איבער דער גמרא. און לאָמיר אײַך דערציילן וואָס פֿאַר אַ פּראָפֿעסאָרן מיר האָבן געהאַט. דאָס זײַנען געווען צײַטן, ווען קינד און קייט האָבן געוואָלט לערנען תּורה. און ישיבֿות זײַנען ניט געווען גענוג. אין בתּי־מדרשים, אין קלויזן, אין שטיבלעך איז מען געזעסן און מען האָט מיט התלהבֿות, מיט מסירת נפֿש געלערנט.

און דער גרויסער ר׳ חיים, דער אַלטער גרײַזגרויער גאון, האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַ ישיבֿה. קיין צײַטונגען זײַנען ניט געווען, פֿון קיין אויפֿרופֿן פֿאַר הילף האָט מען ניט געוווּסט. האָט דער זקן גענו־מען זײַן וואַנדערשטעקן און איז אַוועק איבער דער וועלט קלײַבן געלט פֿאַר זײַן ישיבֿה. נגידים זײַנען געווען ווייניק אין יענער צײַט. אָבער די הערצער זײַנען געווען רײַך, שטיין רײַך, און דער אָרעמסטער האָט געגעבן זײַן פּרוטה. און פּרוטה צו פּרוטה האָט דער זקן געזאַמלט, פֿון שטאָט צו שטאָט איז ער געגאַנגען און יאָרן לאַנג געוואָגלט זײַנע אַלטע ביינער, ביז אין זײַן גאַרטל זײַנען געווען די הונדערט דוקאַטן, מיט וועלכע צו בויען דאָס הויז פֿון גאָט — די ישיבֿה.

אַן אָרעמער הילצערנער בנין איז עס געווען, אָבער דער לײַכט־טורעם האָט עס געזאָלט ווערן, פֿון וועלכן דאָס ליכט פֿון דער תּורה זאָל זיך שפּרייטן איבער דער וועלט.

און פֿון אַלע עקן זײַנען געקומען יונגע לײַט. דען די בשׂורה פֿון דער נײַער ישיבֿה האָט דערגרייכט פֿון דער ווײַטן און דער אַלטער גאון האָט איטלעכן פֿון זיי מקבל פּנים געווען און געקושט אין שטערן,

און געבענטשט. שוין זײַנען די גמרות פֿאַרטײלט געװען צװישן די ישיבֿה־לײַט און אויף מאָרגן, בײַם שפּראָץ פֿון טאָג, האָבן די טויערן פֿון דער ישיבֿה געדאַרפֿט זיך עפֿענען, און הונדערט קלינגענדיקע שטימען האָבן געזאָלט אָנפֿולן דאָס הויז מיט הײליקײט און װאַרעמקײט.

אין זײַן קלײנעם קעמערל, פֿאַר אַן אָרעמען חלבֿנעם ליכטל, געזעסן איז דער אַלטער ר׳ חיים און געלערנט, און זײַן האַרץ איז געװען פֿול מיט פֿרײד: מאָרגן באַגינען װעלן ייִדישע קינדער פֿאַרהילכן זײַן ישיבֿה מיט דעם געזאַנג פֿון דער תּורה.

אויף די האַלב צעבראָכענע פֿענצטערס פֿון דער חורבֿה, װוּ דער גאון האָט געװוינט, האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו קלאַפּן אַ שטורעם און באַלד האָט עס אָנגעהויבן שנײען און דרײען, און די פֿענצטערס זײַנען געװאָרן אין גאַנצן פֿאַרדעקט מיט הויפֿנס אָנגעטראָגענעם שנײ.

און דער אַלטער האָט געזיפֿצט, און שלאָפֿן איז ער ניט געגאַנגען, און זײַן האַרץ האָט געציטערט, און טרערן זײַנען געשטאַנען אין זײַנע אויגן, און זײַנע ליפּן האָבן געמורמלט מיט אַנגסט:

— װי װעלן מײַנע ישיבֿה־לײַט קענען אַ װעג געפֿינען אין די הויפֿנס שנײ? װעט ניט עמעצער פֿון זײ אויסן בלײַבן?

און געװאַרט, און געװאַרט האָט דער אַלטער. און װען דער שנײ האָט אויפֿגעהערט, און די נאַכטשטערן האָבן זיך גענומען אויסלעשן, אָנגעטאָן האָט דער זקן לאַנגע, פֿאַרטריקנטע שטיװל, און אין שנײ איז ער אַרויס. צו יעדן הויז, װוּ אַ ישיבֿה־מאַן איז אײַנגעשטאַנען, איז ער געגאַנגען מיט זײַנע מידע טריט און אַ װעג האָט ער אויסגעטראָטן פֿאַר איטלעכן הויז, ביז פֿון יעדן הויז האָבן זיך געצויגן פֿאַרטיקע, אויסגעטראָטענע שטעגן צו דער ישיבֿה...

דאַן איז ער אַרײַן אין דער טונקעלער ישיבֿה, אָנגעצונדן אַ ליכטל און זיך געזעצט לערנען, און זײַן האַרץ האָט װידער געטאַנצט פֿון פֿרײד: באַלד װעט זײַן ישיבֿה הילכן מיט דעם געזאַנג פֿון דער תּורה.

— אַזעלכע פּראָפֿעסאָרן האָבן מיר געהאַט!

1910

# מײַן פֿרײַנד דער מענטשן־קענער

## דער מאָמענט ווען מע ווערט אַלט

מײַן פֿרײַנד דער מענטשן־קענער האָט מיר אַמאָל דערציילט:

אַ גרויסער ייִדישער דענקער און שריפֿטשטעלער, וועלכער איז נאָך אין דער פֿולער רײַפֿקייט פֿון זײַנע יאָרן, האָט מיר אין אַן אײַנטימען געשפּרעך אַנטפּלעקט, אַז ער פֿילט זיך אַלט און ער האָט מיך נאָך מער איבערגעראַשט, ווען ער האָט צוגעלייגט, אַז דאָס געפֿיל פֿון זיקנה איז אויף אים געקומען ניט לאַנגזאַם, נאָר אין איין רגע...

איך האָב אים פֿאַרחידושט אָנגעקוקט, אָבער דער שריפֿטשטעלער האָט פֿאָרגעזעצט:

— איר ווייסט, מע דערציילט זיך ווונדערלעכע מעשׂיות פֿון מענטשן, וועלכע זײַנען אין איין נאַכט אָדער אין איין שעה גרוי געוואָרן. די אויסערלעכע סימנים פֿון אַלטקייט אַנטוויקלען זיך געוויינטלעך לאַנגזאַם, שטופּנווײַז, ס׳נעמט יאָרן און יאָרן ביז ס׳זאַמלען זיך אָן קנייטשן, אָדער ווי די ענגלענדער רופֿן עס „קראָ־פֿיס“, געגנוג און בית־עולם־בלעטלעך, כּדי אָנצוזאָגן דער וועלט, אַז מיר גייען באַרג אַראָפּ. און ווען אַזאַ מין אַלט ווערן איבער נאַכט פּאַסירט, באַטראַכט מען עס ווי אַ יוצא מן הכּלל און אַן אויסעראָרדנטלעכן פֿאַל. אָבער מיר אַלע ווערן אין דער אמתן זקנים אין איין מינוט. עס איז דאָ איין געוויסער פּונקט, דער הר ההר, דער קלימאַקס, ווו די וועגן שיידן זיך... און דער פּונקט ווערט דערגרייכט אַ מאָל אין אַ מיטן דער נאַכט אויפֿן געלעגער און אַ מאָל זיצנדיק אין אַ לוסטיקער געזעלשאַפֿט, דורך עמעצנס באַמערקונג, אַ וואָרט אָדער אַ קוק... מיט מיר אַליין האָט עס פּאַסירט גראָד אַזוי אומגעריכט...

איך האָב איין מאָל געשריבן אַן אַרטיקל איבער דער רעוואָלוציע, וועלכע מוז פֿריִער־שפּעטער אַרײַנטרעטן אין אונדזער לעבן און אין אונדזערע געדאַנקען. און געשריבן האָב איך עס מיט דער גע־

ווינטער קאַמפּלוסטיקייט און מיט דעם ענטוזיאַסטישן גלויבן אין דער גרויסקייט פֿון דער „נײַס“, וואָס דאַרף קומען אויף דעם אָרט פֿון דעם אָפּגעלעבטן אַלטן רעזשים. מײַן פֿעדער איז געלאָפֿן האַסטיק אויפֿן פּאַפּיר, ביז איך בין געקומען צו אַ געוויסן אויסדרוק, וואָס איך האָב אַזוי פֿיל מאָל פֿרײַער געברויכט, ניט פֿאַרטראַכטנדיק זיך אַפֿילו, און וועלכער איז געווען אַזוי נאַטירלעך פֿאַר מײַן פֿעדער ווי די טינט, מיט וועלכער זי האָט געשריבן. איך בין געקומען צו אַ זאַץ וואָס האָט זיך אָנגעהויבן „מיר, יונגע“... מײַן פֿעדער איז מיט אַ מאָל געבליבן שטיין און בײַ מיר אין געדאַנק איז ערגעץ ווו, אַזוי ווי אַ לאַנג באַהאַלטענער שד, אַרויסגעשפּרונגען די פֿראַגע: קען איך נאָך אַלץ מיט רעכט זאָגן „מיר“, ריידנדיק פֿון דער יוגנט? איז שוין ניט צײַט צו זאָגן „זיי“?

איך בין ערשט זעקס און פֿערציק יאָר אַלט. איך בין נאָך שטאַרק און געזונט, און פֿול מיט דעם באַגער פֿון אַרבעט, אָבער אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך אָפּגעזעגנט מיט די „יונגע“ און האָב זיך אָנגעהויבן ציילן צווישן די גרויהאָריקע, הגם ביז איצט האָב איך נאָך אַפֿילו קיין איינציקע גרויע האָר אין מײַן קאָפּ ניט געהאַט. דער ווענדפּונקט איז געקומען און אַלע מײַנע טענות מיט זיך אַליין האָבן ניט געהאָלפֿן. פֿון דעמאָלט אָן האָב איך אויסגעמיטן, ווי ווײַט איך האָב געקענט, דעם אויסדרוק „יונגע“. זאָגן „זיי“ האָט דאָס האַרץ ניט געלאָזט. עס האָט זיך ניט געוואָלט געבן אַן אויסגעשפּראָכענע אָדער געשריבענע הסכּמה, אַז איך אָנערקען זיך פֿאַר אַלט... און זיך רעכענען צו „זיי“ ווי פֿרײַער האָט דאָס געוויסן ניט דערלויבט... ווען איך פֿלעג זיך צוזאַמענקומען מיט מײַנע ייִנגערע פֿרײַנד, האָט זיך מיר געדאַכט, אַזוי ווי זיי שוינען מיך און ווילן מיך ניט פֿאַרלעצן, אַניט וואָלטן זיי מיך באַהאַנדלט ווי אַן אַלטן...

צו דער דערפֿאַרונג פֿון דעם שריפֿטשטעלער זײַנען מיר שפּעטער צוגעקומען אַ סך ענלעכע דערפֿאַרונגען, וואָס עלטערע מענטשן, אין מינוטן פֿון זעלבסט־אַנטפּלעקונג, האָבן מיר פֿאַרטרויט...

איינער איז אַלט געוואָרן אין אַ טראַמוויי, ווען אַ יונגער מאַן האָט

אים דעם זיך אָפּגעטראָטן... אַ צווייטער האָט דערפֿילט דאָס געוויכט פֿון די יאָרן, ווען אַ באַקאַנטער האָט אים געהאָלפֿן אָנטאָן דעם אייבערראָק... אַ דריטער האָט גראָד אונטערגעהערט ווי זײַן בוכהאַלטער אָדער שיקייִנגל זאָגט אויף אים „דער אַלטער״... אַ פֿערטער האָט אין דעם געבורט פֿון זײַן ערשטן אייניקל אָדער אין דעם ערשטן באַזוך פֿון אַ חתן פֿאַר זײַן עלטסטער טאָכטער געלייענט זײַן אורטייל...

אָבער געקומען איז עס בײַ אַלעמען פּלוצלינג, אין איין געוויסער רגע, און פֿון יענער רגע האָט די אַלטקייט זיי איבערגענומען אין איר רשות...

זיי האָבן גענומען שטעלן מער דעם טראָפּ אויף זייער דערפֿאַרונג ווי אויף זייער פֿעיִקייט, מער אויף זייער ווערדע ווי אויף זייער קראַפֿט און מער אויף דעראינערונג ווי אויף האָפֿענונג.

און נאָך טרויעריקער איז צו זען די געענדערטע באַציִונגען פֿון די דאָזיקע נײַע רעקרוטן פֿון זיקנה צו די גרײַזגרויע געבויגענע וועטעראַנען...

עס איז ניט מער די גרויסמוטיקע סימפּאַטיע און די נדבֿנישע צערטלעכקייט פֿון דעם וואָס איז נאָך אויפֿן פֿערד צו דעם געפֿאַלענעם אָדער פֿון דעם געזונטן צו דעם קראַנקן, נאָר אַ געפֿיל פֿון פּאַטעטישער חבֿרותא, אַ געפֿיל פֿון מיטגלידערשאַפֿט אין דעם זעלביקן טרויעריקן וועלטפֿאַראיין, וואָס שליסט־אײַן אין זײַנע רייען דעם ערשטן זילבער־פֿאָדעם אין זײַן באָרד ווי דעם עובֿר־בטל וואָס וואַרעמט זיך פֿאַר דער זון, טראַכטנדיק פֿון דעם זעקל „ארץ־ישׂראל־ערד״, וואָס ער האָט אויף דעם דעק פֿון זײַן קופֿערט...

## מיטלייד

מיטלייד איז די סיראָוועטקע [1] פֿון ליבע — זאָגט מײַן פֿרײַנד דער מענטשן־קענער — אין אַ נויטצײַט קען מען אפֿשר מיט דעם

[1] וואָס עס בלײַבט פֿון מילך נאָכן אַראָפּזייען די סמעטענע, דאָס גאַנצע פֿעטס.

אויך יוצא זײַן, אָבער טאַקע נאָר אין אַ נויט. צו דעם עכטן אַר־טיקל קומט עס ניט.

צײַטנווײַז — זאָגט ער — האָב איך מײַנע צווייפֿלען אַפֿילו וועגן דעם און איך קלער, אַז אָן דער דאָזיקער סיראָוועטקע וואָלט די וועלט פֿיל בעסער געווען. לכל הפּחות, גערעכטער און ערלעכער.

ווען יושר איז באַנקראָט, און מען קען אַפֿילו מיט סטראַשונ־קעס פֿון אים גאָר ניט אַרויסקריגן, קומט די ליבע און שענקט אירע מתּנות מיט אָפֿענע הענט. שלעכט איז נאָר, ווען מיטלייד קומט קלינ־גענדיק מיט איר קליינגעלט, און הייבט־אָן אירע נדבֿות אויסטיילן...

רחמנות איז אַ מאַרק־ייִדענע, וואָס זוכט מציאות. זי גייט תּמיד אַרום מיט ביליקע ראַמשלעך ליבע, צוגעשטיקטע און טוכלע ליבע... דעם מבֿין קען זי ניט נאַרן. ער דערקענט איר סחורה נאָכן ריח...

רחמנות איז גאווה איז אַ פֿאַרשטעלטן נוסח... מיטלייד איז דער „שׂישׂו בני מעי" פֿון דעם בעל־מזל, דער קניפּ אין דער אייגענער באַק, וואָס דער גליקלעכער גיט זיך, זעענדיק דעם אומגליקלעכן, דער הכשר וואָס קורח נעמט־אַרויס אויף זײַן עשירות...

און דאָן איז מיטלייד צו דעם הונגעריקן אַ טײַער מיטל צו פֿאַרדײַען אַ פֿעטן מיטאָג. דאָס געוויסן סקאַווטשעט [2] אונטערן טיש און פֿאַרשטערט די שׂמחה — וואַרפֿט מען אים אַ ביינדל צו און ער שווײַגט...

*

איך קען אַ סך מענטשן, וואָס ווערן געזונט און פֿעט פֿון מיט־לייד האָבן. איר זײַט זיי פּשוט מחיה, ווען איר גיט זיי אַ געלעגנ־הייט פֿאַר רחמנות. זיי זײַנען אײַך דאַנקבאַר דערפֿאַר. זיי וועלן אײַך די נשמה אַוועקגעבן, אַבי איר זאָלט זיך לאָזן פֿון זיי באַדויערן...

איר זײַט אַן עלנטער, אַ דערשלאָגענער, און אַלצדינג גייט אײַך מיט דער פּוטער אַראָפּ; און דאָ קומט איינער און ווײַזט אײַך אַרויס סימפּאַטיע, און זײַנע רחמנות־ווערטער פֿאַלן ווי אַן אויילזאַלבונג

[2] באַקלאָגט זיך ווי אַ הונט, וויינט הינטיש.

אויף אײַער אָנגעווייטיקטן האַרצן... ווי אַ געפֿילפֿולער מענטש און אַ מכּיר טובֿה ווערט איר גערירט פֿון דער פֿרײַנדלעכקייט און איר באַשליסט בײַ זיך, אַז אַזוי שנעל ווי איר וועט ווערן אַ געהאָלפֿענער, מוזט איר קודם כּל קומען צו לויפֿן צו דעם נאָבעלן בעל־רחמן און אים אָנזאָגן די פֿריילעכע בשׂורה, כּדי ער זאָל מער קיין שבֿרת־הלבֿ ניט האָבן וועגן אײַער צושטאַנד... אָבער אויב איר ווילט ניט האָבן קיין שׂונא אויפֿן גאַנצן לעבן, טוט עס ניט, ווי גאָט איז אײַך ליב! ער וועט אײַך קיין מאָל ניט מוחל זײַן, וואָס איר האָט אים צוגערויבט דעם תּענוג פֿון באַדויערן...

איך אַליין האָב ייִנגלווײַז געהאַט אַ מיאוסן אָפּשניט פֿאַר אַזאַ מין חטא פֿון מײַן מומע שׂרהן, עס זאָל זיך איר דאָרט לײַכט שלו־קערצן. די דאָזיקע מומע מײַנע האָט געהאַט אַ סך מעלות. ראשית איז זי געווען די זאָגערקע אין דער ווײַבערשעל שול. דערצו איז זי גלאַט געווען אַ מיוחסת. אירער אַן עלטערפֿעטער האָט געשטאַמט פֿון דעם מהר״ל מפּראָג אָדער פֿון תּוספֿות יום־טובֿ. אָבער דאָס זײַנען אַלץ נאָר בײַזאַכן. איר הויפּט־מעלה איז געווען איר גוט האַרץ. זי האָט נאָך אַנאַנד רחמנות געהאַט. זי פֿלעגט אויפֿשטיין כּלחוץ השור און קוים האָט זי אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, האָט זי שוין גענומען רחמנות האָבן, און רחמנות געהאַט אַ גאַנצן טאָג כּסדר, ביז זי האָט קריאַת־שמע געלייענט אויף איר געלעגער. אַן אמתע טײַערע ייִדענע געווען.

מאַכט זיך מיט אַ מאָל, אַז אונדזער שכן, איצע דער שמיד, פֿאַלט־אַוועק קראַנק און ליגט אין אַ פֿיבער. דאָ האָט זיך פֿאַר מײַן מומען אויפֿגעעפֿנט אַן אמתע גאָלדגרוב פֿון רחמנות... זי האָט געגאָסן מיט טרערן און געבראָכן די הענט אָן אַן אויפֿהער, און געהאַלטן אין איין קלאָגן: „וויי איז מיר, ווינד איז מיר, וואָס וועט נעבעך ווערן פֿון זײַן ווײַב און וואָס וועט נעבעך ווערן פֿון זײַנע קינדער, וואָס וועט נעבעך ווערן פֿון זײַן אַלטער שוויגער, און וואָס וועט נעבעך ווערן פֿון זײַן איידעם...“

אַלע ווײַלע האָט זי מיך אַרײַנגעשיקט געוויר ווערן וואָס דער חולה מאַכט.

— מומע, ער וואַרפֿט זיך אויפֿן בעט און קרעכצט! — לויף איך אַרײַן.

די מומע כליפּעט.

— מומע, ער רעדט פֿון היץ! — ברענג איך אַ צווייטן ראַפּאָרט אין אַ האַלבער שעה שפּעטער.

די מומע שווימט אין טרערן.

— מומע, מען האָט געשיקט פֿעלד מעסטן! — — דערצייל איך אָן אַן אָטעם נאָך אַ דריטן באַזוך.

די מומע רײַסט זיך די האָר פֿון קאָפּ און יאָמערט ביטערלעך.

דער מומעס צושטאַנד האָט מיך אַזוי גערירט בײַ דער נשמה, אַז איך בין צוזאַמען מיט איצעס ייִנגלעך געגאַנגען אין שול זאָגן תּהילים פֿאַר אים, בלויז פֿון מײַן מומעס וועגן, דען איצען אַליין בין איך געווען אַ דם־שונא, ווײַל ער פֿלעגט מיך ניט לאָזן קלאַפּן אויף דער קאָוואַדלע און האָט מיך ניט איין מאָל אַרויסגעטריבן פֿון דער קוזניע. אָבער איך האָב געזען, אַז די מומע שׂרה גייט־אײַן.

הײַנט ווי איז געווען מײַן שׂמחה, ווען איך האָב געקענט אַרײַנלויפֿן צו דער מומען און טאָן אַ געשריי:

— מומע, ער שוויצט. דער רופֿא זאָגט ער וועט געזונט ווערן...

די מומע האָט מיך מאָדנע אָנגעקוקט. איך האָב איבערגעחזרט די בשׂורה מיט מער פֿרישקייט, אָבער די מומע האָט בלויז געגעבן אַ טרוקענעם זיפֿץ, און דעם עפּל, וואָס זי האָט געהאַט מיר צוגעזאָגט, האָט זי מיר אויך ניט געגעבן...

איצעס שוויצן איז ניט געווען אויף איר פּראָגראַם און זי איז געווען אמת אַנטוישט... על־פּי יושר האָט איצע געזאָלט שטאַרבן. זי האָט שוין געהאַט אַ גאַנצן אויסשטײַער פֿון רחמנות אָנגעגרייט פֿאַר זײַנע יתומים. איצט וועט זיך אָנהייבן אַ נײַע הלכתא פֿון גיין זוכן אַנדערע, וועמען דאָס אַוועקצוגעבן...

*

מיר האָט אַ מאָל אַ קלוגער אַלטער מאַן דערציילט אַ מעשׂה. אפשר האָט ער עס אין אַ בוך געלייענט און אפשר האָט ער עס אַליין אויסגעטראַכט.

גאָט האָט באַשאַפֿן אַלצדינג אין פּאָרן, ווי עס שטייט אין חומש, „זכר ונקבֿה ברא אותם“. דאָרט אָבער וווּ קיין פּאָר קען ניט זײַן, האָט ער באַשאַפֿן פֿאַר דער זאַך אַ קעגנטייל פֿון דער ערד. דער גיהנום איז דער היפּוך פֿון גן־עדן און אַזוי אַלע זאַכן, וואָס ער האָט געפֿורעמט.

ווען ער האָט באַשאַפֿן די ליבע, האָט ער צו דער זעלביקער צײַט אויף דער וועלט געבראַכט האַס און איטלעכער פֿון זיי האָט געקראָגן זײַן באַזונדערע מאַכט און ממשלה, און געוועלטיקט אין זײַן קרײַז.

איז אָבער דער האַס מקנא געווען דעם מזל און כּבֿוד, וואָס די ליבע האָט אומעטום געהאַט, און ער האָט געוואָלט מיט איר בײַטן ראָלעס. דאָס האָט ניט מער געקענט געשען. איין מאָל שׂנאה איז שׂנאה. און דאַן וואָלט די ליבע בשום אופֿן ניט אײַנגעגאַנגען אויף אַזאַ בײַט.

און דער האַס פֿלעגט קומען טאָג פֿאַר טאָג צו גאָטס טראָן:

— רבונו של עולם, פֿאַר וואָס האָסטו מיך אַזוי געקריוודעט, און ליבע איז אומעטום אָנגענומען און באַליבט?...

און אַזוי לאַנג האָט ער געוויינט און געבראָכן אונטערן כּסא הכּבֿוד, ביז כּבֿיכול האָט זיך אין אַ בייזער שעה אַרויסגערעדט:

— ווען דו וועסט וועלן זײַן באַליבט און אָנגענומען, זאָלסטו זיך פֿאַרשטעלן אין דעם לבֿוש פֿון ליבע... ווען זי וועט עס ניט מערקן, וועסטו איר מאַנטל טראָגן און מען וועט מיינען דו ביסט זי...

און מער האָט דער האַס ניט געדאַרפֿט...

יעדעס מאָל וואָס די ליבע האָט ניט געקענט מערקן, פֿלעגט ער זיך אין איר מאַנטל אָנטאָן און גיין איבער דער וועלט, און גרויס כּבֿוד האָט מען אים אַרויסגעוויזן, און אַ וואַרעמען קבלת־פּנים

האָט מען אים אומעטום געגעבן... און געזעצט האָט מען אים אויבן אָן, און גערופֿן:

— רחמנות...

און בלויז ווייניקע האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז ניט ליבע...

1912

## איינזאַמקייט

איינזאַמקייט איז אַ תּענוג, צו וועלכן מען מוז זיך צוגעוווינען — זאָגט מײַן פֿרײַנד דער מענטשן־קענער.

דער וואָס האָט ניט געלערנט די קונסט פֿון זײַן איינזאַם, יענער האָט פֿאַרנאַכלעסיקט די בעסטע געזעלשאַפֿט, וואָס ער האָט ווען עס איז געקענט האָבן — די געזעלשאַפֿט פֿון זיך אַליין. דען ווו קענען מיר געפֿינען אַ חבֿר, מיט וועלכן מיר זאָלן קענען זיך אַזוי גוט פֿאַרשטענדיקן, מיט וועלכן מיר זאָלן זײַן אַזוי אויסגעבונדן, ווי מיר אַליין?

די וואָס זאָגן, אַז דער איינזאַמער מענטש שליסט זיך אויס פֿון דער וועלט, געברויכן בלויז אַ סקאַרבאָווע פֿראַזע, וועלכע האָט אין דער ווירקלעכקייט קיין שום אמת אין זיך ניט.

פֿאַרשלאָסן זײַנען מיר ערשט ווען מיר לעבן תּמיד אין דעם גערויש און דעם געפֿילדער, אין דער צוזאַמענגעוואָרפֿענער כאַליאַסטרע פֿון מענטשן, ווו מיר ווערן געדריקט און געקוועטשט אין אַלע ווינקלען פֿון אונדזער נשמה. קוים קענען מיר אין דעם געדראַנג אַ שטיקל בלויען הימל זען...

אין דער איינזאַמקייט שפּרייט זיך די וועלט פֿונאַנדער אין איר גאַנצער ווײַטקייט. רוים פֿעלט אונדז מער ניט און מיר אַליין נעמען אָן אונדזער ריכטיקע, פֿולע רונדע געשטאַלט...

דאַן ערשט קענען מיר אויספּעקלען אונדזערע גײַסטיקע מטל־

טלים און זיי געהעריק פֿונאַנדער שטעלן און אײַנאָרדענען, און אומ־געשטערט פֿונאַנדערפֿלעכטן דעם קאָלטון פֿון פֿאַרמישטע אײַנדרוקן.

און מענטשן אַליין מוז מען זען פֿון דער ווײַטן, פֿון דער איינ־זאַמקייט, אויב מיר ווילן זיי ליבן אָדער האַסן. פֿון נאָענטן האָבן מיר בלויז דעם אייגנטימלעכן גערוך פֿון זייער לײַב...

אין אונדזער איינזאַמקייט ווערן זיי אַלע נשמות — גוטע אָדער שלעכטע. די קערפּערס פֿאַרשווינדן...

און אויב מיר האָבן ניט וואָס האָלד צו האָבן, קענען מיר זיך קוויקן מיט אונדזער שׂנאה, ווי מען קוויקט זיך מיט אַ קרעפֿטיקן ביטערטראַנק...

פֿון נאָענטן איז בלויז דאָ אָדער פֿיזישע שיכּרות, אָדער פֿיזי־שער עקל...

אין איינזאַמקייט, אַראָפּקוקנדיק אויף דער וועלט פֿון דער הויך, האָבן מיר אַ ניצוץ פֿון יענעם געפֿיל, וואָס די מלאָכים מוזן האָבן, ווען זיי שפּאַרן זיך אָן אויף דעם געלענדער [1] פֿון דעם זיבעטן הימל און קוקן־אַראָפּ, טיף אונטן, אויפֿן „עולם השפֿל“...

און אין דער איינזאַמקייט, אַרונטערזינקענדיק אין דעם טיף־טיפֿן ברונעם פֿון אונדזער אייגענעם אינערלעכן לעבן, קענען מיר אַרויפֿ־קוקן און זען די שטערן, העל און ליכטיק... אין דעם געלן חוצפּה־דיקן שימער פֿון דער עפֿנטלעכקייט זײַנען די דאָזיקע שטערן ניט אָנצוזען געווען.

די איינזאַמקייט דאָ איז די צײַט פֿון זען, פֿון שפּראָצן און פֿון שטיל וואַקסן, פֿון רײַף ווערן און פֿון רײַך ווערן.

די גרויסע געדאַנקען־מאַגנאַטן, וואָס האָבן די וועלט באַגליקט מיט זייערע נדבֿות, האָבן ניט אַ פֿעניג פֿון זייער אייגנטום אָנגעקליבן אין דער חבֿרותא פֿון מענטשן...

די וועלט איז אַ נעמערקע און ניט קיין געבערקע. און וויל עמע־צער דער וועלט עפּעס שענקען אויף עולמות, מוז ער זיך אָפּגעזונ־

[1] פּאַרענטש, אָנלען.

געגעגט מיט זײַנע מיטמענטשן און יאָרן לאַנג אַרבעטן אַליין אין זײַנע טונקעלע גאָלדגרובן...

אַ טרוים געוואָרן ערגעץ וווּ אין אַ בײַדל אין דער שווייץ, מיט קיין אַנדער עדות ניט אַרום ווי די שטערן און די קאַלטע גלעטשערס, קען ווערן די באַוווּנדערונג פֿון אַ טויזנט קעפּיקער מאַסע אין אַ פּאַריזער אָדער ניו־יאָרקער אָפּערע־הויז, וווּ ער, דער טרוים, ווערט איבערגעגעבן אין דעם גילגול פֿון אַן אַריע, געזונגען פֿון אַ קאָקעטקע פּרימאַדאָנע...

אָבער אין דער אומגעבונג פֿון דער דאָזיקער מאַסע וואָלט ער קיין מאָל ניט געבוירן געוואָרן...

•

און איינזאַמקייט איז אַ רייניקונג און אַ לײַטערונג. יעדער מענטש, אַזוי ווי ער מוז האָבן פֿון צײַט צו צײַט אַ באָד פֿאַר זײַן גוף, מוז האָבן אַזאַ מין איינזאַמקייט־טבֿילה פֿאַר זײַן גײַסט... נײַע כּוחות וועט ער דערנאָך שפּירן אין זיך.

עפּעס וועט האָבן פֿאַרשווונדן, עפּעס וועט זײַן אַרונטערגעשווענקט און די אָפּענע געזונט געוואָרענע הויטלעכלעך וועלן אַרײַנציִען די לופֿט און דעם שײַן מיט מער פֿרישקייט...

און הויפּטזעכלעך די אויגן... לעבנדיק צו לאַנג אין געזעלשאַפֿט — ווערן זיי פֿאַרשטויבט. עס זײַנען דאָ אַזוי פֿיל וואָס וואַרפֿן אונדז שטויב אין די אויגן, אַז ווי ווייניק עס זאָל ניט בלײַבן יעדעס מאָל, זאַמלט זיך מיט דער צײַט אָן אַ דיק הײַטל און די ראיה ווערט קאַליע...

אין איינזאַמקייט הייבט מען אָן זען בעסער. דען איינזאַם זײַן מיינט: ניט אַנטלויפֿן פֿון דער וועלט. איך, פֿאַרקערט, נעם די וועלט מיט זיך; אָן איר ריר איך זיך ניט... אַ פֿענצטערל מאַך איך, דורך וועלכן איך זאָל זיך תּמיד קענען זען אַזוי ווי איך וויל זען די פֿעלדער און די וועלדער אַרום זיך...

# נאָכמאַכונג

מײַן פֿרײַנד, דער מענטשן־קענער, האָט אַ מאָל געזאָגט צו מיר:

— שטודירן מענטשן איז תּמיד פֿאַר מיר געווען אַן אינטערע־סאַנטער ספּאָרט. איך האָב קיין מאָל קיין געבֿרויך ניט געמאַכט פֿון מײַנע באַטראַכטונגען. איך האָב ניט געהאַט, ניט דעם טאַלענט און ניט די לוסט צו שרײַבן פּסיכאָלאָגישע ראָמאַנען, און האָב קיין מאָל ניט געזאַמלט שטאָף פֿאַר סקיצן. עס איז גלאַט פֿאַר מיר אַליין גע־ווען דער שענסטער צײַטפֿאַרטרײַב אויסצוגעפֿינען די פֿאַרבאָרגענע מאַשינערײַ וואָס אַרבעט אין דער נשמה פֿון די מענטשן, מיט וועל־כע איך בין געקומען אין באַרירונג און דעם אינערלעכן וואַרשטאַט, ווו עס ווערן פֿאַבריצירט זײַנע באַזונדערע באַוועגונגען, מאַנירן, בליקן און אויסדרוקן.

אַנדערע לייענען צײַטונגען; איך פֿלעג לייענען מענטשן.

און מײַן מעטאָדע צו לערנען אַ מענטשן איז געווען זייער אַן אײנפֿאַכע.

איך פֿלעג קודם־כּל זוכן אויסצוגעפֿינען וועמען ער מאַכט נאָך. און אַזוי שנעל ווי מיר איז געלונגען צו לייגן מײַן פֿינגער אויף דער פּערזאָן, וועלכע איז זײַן מאָדעל און דער קעגנשטאַנד פֿון זײַן נאָכ־מאַכונג, האָב איך געהאַט אַ שליסל צו אַלע קעמערלעך און אַלקער־לעך פֿון זײַן כאַראַקטער.

דען שוין לאַנג צוריק בין איך געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז יעדער איינער פֿון אונדז, באַוווּסטערהייט אָדער ניט באַוווּסטער־הייט, מאַכט נאָך עמעצן. עמעצער, פֿון וועלכן ער קען אָדער ער האָט געלייענט אָדער געהערט, שוועבט פֿאַר אים ווי אַ מוסטער און אַלע זײַנע האַנדלונגען, באַוועגונגען און אייגנטימלעכקייטן זײַנען צוגע־שניטן און צוגעמאָסטן נאָך דעם דאָזיקן מוסטער.

פֿאַראַן מענטשן וואָס מאַכן נאָך איינעם. מיט זיי פֿלעג איך האָבן אַ לײַכטע אַרבעט. פֿיל שווערער און פֿאַרוויקלטער איז געווען דער

פּראָצעס, ווען איך האָב אָנגעטראָפֿן אַזעלכע, וואָס האָבן נאָכגעמאַכט צוויי אָדער מער אויף איין מאָל.

אָט האָב איך געהאַט אַ באַקאַנטן. אין זײַנע גאָר יונגע יאָרן האָט ער געלערנט אין אַ ישיבֿה אין סלאָבאָדקע, נאָך פֿאַרשיידענע גילגולים איז ער אָנגעקומען פֿאַר אַ קאַנטאָר אין אַ רעפֿאָרמירטער שול. איך האָב קיין מאָל ניט געקענט דערגרונטעווען די ריכטיקע פּסיכאָלאָגיע זײַנע. עפּעס האָט ער געהאַט אַזעלכע אייגנטימלעכע מיינונגען און אַזעלכע מאָדנע געוווינהייטן און קנייטשלעך. איך האָב פּרובירט מײַן „בערטיליאָן־סיסטעם“ אויף אים, אָבער איך האָב צו קיין שלוס ניט געקענט קומען. איך האָב עקספּערימענטירט מיט אַ לאַנגער ליסטע פֿון גדולים און העלדן, און קיינער האָט ניט געפּאַסט. ביז מיר איז אײַנגעפֿאַלן צו פּרובירן צוויי אויף אַ מאָל. דער רעזולטאַט איז געווען אויגנבליקלעך: אַלצדינג איז מיר געוואָרן קלאָר ווי דער טאָג. ווייסט איר ווער די צוויי זײַנען געווען? איר וועט לאַכן, אָבער עס איז דאָך אַן אמת: ר׳ יצחק־אלחנן, דער קאָוונער רבֿ, און וואַגנער...

פֿון אַקטיאָרן, וואָס אַמען־נאָך אין געוויינטלעכן לעבן די הויפּטראָלע, וועלכע זיי שפּילן אויף דער בינע, ווייסט איר געוויס. איך אַליין ווייס פֿון אַ שוישפּילערין, וואָס האָט געהאַט אַ באַזונדערע אַפֿעקטירטע אַרט, ווען זי פֿלעגט זיך זעצן אויף איר פֿאָטעל בײַ זיך אין דער היים, און אַ געוויסע קאָמישע מאַיעסטעטישקייט אין דעם טאָן פֿון איר שטים, ווען זי פֿלעגט ריידן צו איר דינסטמיידל. און געקומען איז דאָס איר, ווײַל זי האָט געשפּילט אויף דער בינע די ראָלע פֿון קעניגין סעמיראַמיס...

נאָך אינטערעסאַנטער איז, וואָס געוויסע מענטשן אַמען־נאָך זיך אַליין... איינער האָט אַ מאָל אין אַ פֿײַערלעכן געהויבענעם מאָמענט געכאַפּט אַ קוק אויף זיך אין שפּיגל און האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ פֿון דעמאָלט אָן צו זײַן פֿײַערלעך... אַ צווייטער האָט אַ מאָל אַמוזירט אַ געזעלשאַפֿט מיט וויציקע אַנעקדאָטן, און ער זוכט זינט יענעם טאָג צו זאָגן וויצן, סײַ ווען עס קלעפּט זיך יאָ, סײַ ווען עס קלעפּט זיך ניט.

און ווער קען ניט יענע אַלטע לײַט וואָס זוכן נאָכצומאַכן זייער אַמאָליקן יונגן „איך"?

און די דאָזיקע נאָכמאַכונג ווײַזט זיך אַרויס ניט נאָר אין מאַכן מיט דער האַנט, אין העוויות פֿון געזיכט, אין דעם אַרט פֿון גיין און אין דער מאַניר פֿון עסן — נאָר מיט דעם גאַנצן וועלטבליק פֿון דעם נאָכמאַכער...

ביסלעכווײַז וואַקסט זיך אײַן אין דער נשמה און ווערט די הויפּט־ספּרוזשינע פֿון יעדן טאָן און פֿון יעדן טראַכטן, און צום שטאַרקסטן איז זי דאָרט, ווו זי אַרבעט אומבאַוווסטערהייט, דאָרט ווו דער נאָכמאַכער וואָלט אײַך אַרײַנגעלאַכט אין געזיכט און גערופֿן „ליגנער" אָדער „אידיאָט", ווען איר זאָלט אים זאָגן, אַז ער מאָדעלירט זיך נאָך אַ פֿרעמדן טיפּ.

ווען איך האָב געלעבט אויפֿן ישובֿ, האָב איך באַמערקט, אַז דער שווערער שלעפּעדיקער גאַנג פֿון די פּויערים קומט דערפֿון, וואָס זיי מאַכן נאָך די פֿערד און די קי, מיט וועלכע זיי האָבן צו טאָן אַ גאַנצן טאָג.

אַ ישובֿניק אַ ייִנגל האָב איך געקענט, וואָס פֿלעגט בײַם וויי־נען אויסשטעלן דאָס מויל משופּעדיק אַרויפֿצו און אויסלאָזן זײַן גע־וויין מיט אַ קלאַנג, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ האַוקע... דאָס האָט ער געכאַפּט דעם שניט פֿון דעם שוואַרצן הונט, מיט וועלכן ער פֿלעגט זיך שפּילן...

ווען איר וועט אַ מאָל זײַן אויף אַ מיטינג, ווען אַ גרויסער רעד־נער האַלט אַ גאַנצן עולם געשפּאַנט מיט זײַן פֿײַערדיקער דרשה, וועט איר באַמערקן, ווי ניט ווילנדיק שפּיגלט זיך אָפּ אין אַ געווי־סער מאָס דער אויסדרוק פֿון דעם דרשנס געזיכט אויף די פּנימער פֿון זײַנע הערערס.

איך האָב בײַגעוווינט ווי אַ רעדנער האָט אין פֿאַרלויף פֿון זײַן אינטערעסאַנטער רעדע גראָד אַ ביס געטאָן מיט זײַנע אונטערשטע ציין די אייבערשטע ליפּ און אַ פּאָר טוץ מענטשן, וואָס האָבן אים

אויפֿמערקזאַם צוגעהערט, האָבן מעכאַניש אַ ביס געטאָן זייערע איי־בערשטע ליפּן...

ווי איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן, האָט דער רעדנער דעמאָלט געהאַט אַ ציינווייטיק און האָט פֿאַרביסן די ליפּ פֿון יסורים...

דאָס זײַנען קליינע און איינצלנע סימפּטאָמען, וועלכע יעדער קען הונדערט מאָל כּפֿלען פֿון זײַן אייגענער באַאָבאַכטונג און דער־פֿאַרונג.

וויכטיק אָבער איז דער גרויסער פֿאַקט, מיט וועלכן איך האָב אָנגעהויבן, וואָס יעדער מענטש, וויסנדיק אָדער ניט וויסנדיק, האָט אַ געוויסן פֿאָרמאָדעל, וועלכן ער טוט נאָך אָדער וויל נאָכטאָן. און האָט איר נאָך אויסגעפֿונען ווער דער דאָזיקער מאָדעל איז, דאַן ליגט פֿאַר אײַך אָפֿן זײַן גאַנצער פּסיכאָלאָגישער מעכאַניזם, און איר וועט כּמעט פֿאָרויס קענען באַשטימען ווי אַזוי ער וועט האַנדלען און זיך באַטראָגן אונטער געגעבענע אומשטענדן. יעדנפֿאַלס וועלן אײַך קלאָר ווערן אַלע זײַנע געוווינהײַטן, שטאַנדפּונקטן און מיינונגען, וואָס וואָלטן אָן דעם אפֿשר געבליבן אַן אייביקע רעטעניש.

*

# שפּליטער

פֿיל מענטשן לעבן אַזוי ווי געוויסע לייענערס לייענען ראָמאַ־נען: זייער אומגעדולד טרײַבט זיי תּמיד צו מישן די בלעטער פֿאָרויס און וואָס גיכער אויסצוגעפֿינען דעם סוף.

•

די אָריגינאַליטעט, וואָס באַשטייט בלויז אין זײַן דווקא דער היפּוך פֿון אַ געוויסן פֿאָרמאָדעל, איז אייגנטלעך אויך נאָר אַ פֿאַר־דרייטע פֿאָרעם פֿון נאָכאַמונג.

•

אַ קלוגער רבֿ האָט אַמאָל געזאָגט: איך האָב שוין געהערט פֿון מילדע מענטשן וואָס האָבן געענטפֿערט אויף אַ באַליידיקונג מיט אַ פּאַטש, אָבער זינט די וועלט שטייט האָט נאָך ניט פּאַסירט, אַז אַפֿילו דער גרעסטער האַסער פֿון חניפֿות זאָל אָנפּאַטשן דעם וואָס חנפֿעט אים.

•

ווען מען רימט עמעצן, אַז ער איז זעלטן שיין אָדער זעלטן שטאַרק אָדער זעלטן קלוג, איז דער אַקצענט תּמיד אויפֿן „זעלטן". ווײַל עס איז מער מעלה צו זײַן זעלטן ווי צו זײַן שיין אָדער שטאַרק אָדער קלוג. ווען אויף דער וועלט וואָלט בלויז געווען איין קו, וואָלט מען פֿון איר געהאַלטן מער ווי פֿון סאַראַ בערנאַרד.

•

באַרימערײַ איז אַזוי אײַנגעבוירן אין דעם מענטשנס נאַטור, אַז יעדער איינער וועט שוין געפֿינען מיט וואָס זיך צו באַרימען. איך בין זיכער, אַז דער פֿאַרקריפּלטסטער, אָרעמסטער, נאַרישסטער מענטש אויף דער וועלט, ווען ער זאָל נישט קענען אויסגריבלען קיין שום אַנדער מעלה, מיט וועלכער זיך צו באַרימען, וועט שטאָל־צירן מיט דעם וואָס ער איז דער גרעסטער קריפּל, וואָס די וועלט פֿאַרמאָגט.

•

אַז געזעצגעבערײַ און רײַכטום האָבן אַ נאָענטע שײַכות איינס צום צווייטן, האָט שוין דער תּלמוד אויך חושד געווען. דאָרט שטייט, אַז משה איז רײַך געוואָרן פֿון דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעבראָקלט פֿון די לוחות.

•

אין דער ייִדישער גראַמאַטיק זײַנען דאָ דרײַ גראַדן: דער גרעס־טער, דער סאַמע גרעסטער, דער גרעסטער פֿון די גרעסטע. ווי־ניקער ווי גרעסטער ווערט נישט געברויכט. אָט, כּדומה, ווען מ'זאָגט אויף איינעם, אַז ער איז דער גרעסטער שריפֿטשטעלער, הייסט עס,

אַז ער איז צו דערליידן; זאָגט מען דער סאַמע גרעסטער, מיינט מען, אַז ער איז נישקשה; זאָגט מען דער גרעסטער פֿון די גרעסטע, הייסט עס, אַז ער שרייבט גאָר ניט שלעכט. זאָגן אויף עמעצן בלויז גרוי־סער — איז אַ באַליידיקונג.

•

אָריגינאַליטעט הייסט ניט זײַן אַנדערש פֿון אַנדערע. נאָר טרײַ זײַן צו זיך אַליין.

•

חוצפּה איז מוט, וואָס איז אַרויס לתרבות רעה.

•

דער וואָס פֿאַרשווײַגט דעם אמת איז אָפֿט נידעריקער פֿון אַ ליגנער. דער לעצטער האָט כאָטש מוט צו זאָגן אַ ליגן; דער ער־שטער — דאָס אויך נישט.

•

אַ סך גרעסער איז די צאָל פֿון די, וועלכע זײַנען פֿאַרליבט אין ליבע, ווי די צאָל פֿון די וואָס זײַנען פֿאַרליבט. און מער מענטשן גלייבן אין גלויבן ווי די וואָס גלייבן.

•

די וועלט איז דעריבער אַרויסגעקומען אַזוי שיין, ווײַל ווען גאָט האָט זי באַשאַפֿן, האָט ער קיין יועצים נישט געהאַט און זיך מיט קיינעם נישט מיישבֿ געווען. ווען עס איז געקומען צום מענטשן, האָט ער יאָ געפּרובירט זיך באַראָטן און געזאָגט צו די מלאָכים „לאָמיר מאַכן אַ מענטשן!‟, און שוין באַלד האָט ער חרטה געהאַט אויף דעם גאַנצן עסק.

•

צווישן וועלן זײַן ווי אַנדערע און וועלן זײַן דווקא אַנדערש פֿון אַנדערע קומען מיר קיין מאָל ניט צו זײַן אונדזער אייגענער איך.

•

עס שטעקט אַזוי ווייניק עניוות אין ריידן פֿון אייגענע פֿעלערן, ווען אַנדערע מוזן פֿריִער־שפּעטער זיי אַליין באַמערקן, ווי עס שטעקט ווייניק העלדישקייט אין דעם זעלבסטמאָרד פֿון איינעם וואָס איז פֿאַרמישפּט צו דער תּליה.

•

מיר באַוווּנדערן מער ווי אַלצדינג קראַפֿט. אַפֿילו פֿאַרערונג פֿון דעם צדיק איז אויך נאָר די פֿאַרערונג פֿון גבֿורה. זיטלעכקייט און ריינקייט, הגם זיי זייגן עס נישט אַלע מאָל פֿון דער ווירקלעכקייט, זײַנען אַלע מאָל בײַ אונדז אין געדאַנקען סינאָנימען פֿון שטאַרקייט.

•

די אידעאַלן פֿון אַכצן־צוואַנציק יאָר זײַנען נישט מער דויער־האַפֿט ווי די ערשטע קינדער־ציינער. די דאָזיקע ציינער מוזן צו ערשט אַלע אַרויספֿאַלן און אויף זייער פּלאַץ קומען די עכטע, וואָס דאַרפֿן דינען אויף תּמיד. אָבער אַפֿילו אויף די לפּי שעהדיקע ציי־נער דאַרף אַ גוטע מוטער אַכטונג געבן, אויב זי וויל, אַז זיי זאָלן האָבן גוטע, געזונטע און שיינע נאָכפֿאָלגערס.

•

זאָג מיר ווער דײַנע פֿײַנד זײַנען און איך וועל דיר זאָגן ווער דו ביסט.

•

דער וואָס זאָגט, אַז דער אמת באַצאָלט זיך צום בעסטן, איז אַ גוטער געשעפֿטסמאַן, אָבער נישט קיין ליבהאָבער פֿון אמת.

•

דער דיכטער איז שטענדיק אַ רעוואָלוציאָנער — קעגן דער קעגנוואַרט; אַ מאָל אין דער פֿאָרעם פֿון האָפֿענונג און שטרעבן צו אַ נײַער צוקונפֿט און אַ מאָל אין דער פֿאָרעם פֿון בענקעניש נאָך דער פֿאַרגאַנגענהייט.

•

ווערטער זײַנען קיין מאָל נישט קיין גענויע איבערזעצונגען פֿון געדאַנקען; זיי זײַנען בלויז סטענאָגראַפֿישע פֿאַרצייכענונגען. צו קענען פֿאַרשטיין די געדרוקטע אָדער די געשריבענע מחשבֿות פֿון אַ גאון, מוז מען קענען זײַן סטענאָגראַפֿיע.

•

דער געוויינטלעכער מענטש, ווען ער דענקט וועגן פֿרײַהייט, האָט אין זינען זײַן אייגענע פֿרײַהייט, און ווען ער דענקט וועגן גערעכ־טיקייט — די גערעכטיקייט פֿון אַנדערע.

•

צעשפּליטערן גרויסע געדאַנקען, כּדי זיי אַרײַנצושטופּן אין קליי־נע מוחעלעך, איז אָפֿט פֿאַרלוירענע אַרבעט. גרויסע געדאַנקען אין זייער פּאָפּולאַריזירטער און פֿאַרוואָסערטער געשטאַלט זײַנען אָפֿט אַזוי ווייניק ענלעך צו זייער אָריגינאַל ווי אַ שטיק ווורשט צו דעם אָקס, פֿון וועמענס פֿלייש עס איז געמאַכט.

•

דער טרוימער איז זעלטן ווען אַ שטרעבער און אַ טוער. צו וואָס שטרעבן און טאָן, ווען בײַ אים אין דמיון איז שוין אַלצדינג אויס־געפֿירט און פֿאַרטיק?

*

## דער דיכטער — דער זעער

ער זעט אין יעדן וואַסערשטויב דעם אוקינוס, אין דעם שוואַכסטן שטראַל — דעם אור הגנוז, אין איטלעכן אויגנבליק — די אייביקייט.

אין אַ טראָפּן טוי אויף דעם שפּיץ פֿון אַ דינעם גראָזפֿאָדעם שפּיגלט זיך פֿאַר אים די גאַנצע גרענעצלאָזע נאַטור.

און דעריבער באַגענוגנט ער זיך קיין מאָל ניט מיט דעם „איצט", וועלכער איז באַשרענקט. זײַן אויג איז אָדער אין פֿאַרגאַנגענהייט

אָדער אין צוקונפֿט, און זײַן דיכטן איז אָדער אַ בענקעניש אָדער אַ נבֿואה.

זײַן מעסטשנור און זײַן בלײַגעוויכט איז ניט דיווירקלעכקייט, נאָר די וואָרהייט. די ניט־געבוירענע טיף אין דעם מוטערלײַב פֿון דער נאַטור צוזאַמענגעקנוילטע מעגלעכקייט איז בײַ אים אַ געשעענער פֿאַקט.

פֿאַר אים איז דער גײַסט — אַ ממשות און דער קערפּער — אַ צופֿאַל. און אַלע נאָך ניט פֿאַרגופֿטע זעלן פֿון דעם אוצר הנשמות זײַנען שוין פֿאַר אים לעבעדיקע אָטעמדיקע באַשעפֿענישן.

פֿאַר אים עפֿענען זיך די קבֿרים פֿון געשטאָרבענע דורות און די טויטע שפּרײַזן־אַרויס פֿול מיט לאַכנדיקן לעבן, און זײַן אויער הערט דעם טראַמפּל פֿון צוקונפֿטיקע באַטאַליאָנען.

אים דערציילט דער טויט פֿאַרלאָשענע סודות און דאָס לעבן ווײַזט אים די געהיימסטע פּלענער לאַנג אײידער זיי קריגן געשטאַלט.

און דעריבער, אפֿשר, איז ער ניט קיין מענטש פֿון טאַט, קיין איש המעשׂה, ווײַל פֿאַר אים איז שוין זײַן טרוים אַ פֿאַקט און זײַן שטרע־בונג — אַ דערפֿילונג. דער שטאַפּל־לייטער איז ניט פֿאַר אים, דען ער קלעטערט קיין מאָל ניט. מיט איין פֿליגלשווונג איז ער אויפֿן סאַ־מע שפּיץ.

אָבער שטענדיק דאָרט, אויפֿן העכסטן שטאַפּל, איז זײַן געשטאַלט די יעניקע, וואָס דערמוטיקט און ציט־אַרויף־צו די גרויסע אַרמיי פֿון די קלעטערערס...

עמעצער איז צום שפּיץ דערגאַנגען... — גייט דאָס געמורמל פֿון שטאַפּל צו שטאַפּל און מיט שווערער מי, און מיט שווייס הייבט זיך דער נידעריקסטער העכער, העכער, אַהין, ווו ער שטייט...

בײַ אים איז די וועלט תּמיד נײַ. איטלעכע מינוט פֿון זײַן לעבן איז אַן אַנטציקונג פֿון מעשׂה בראשית. דען ער זעט אין דעם זײַן דאָס ווערן. ער מאַכט נאָך אַנאַנד שהחינו.

ווו אַלע זעען דאָס בילד זעט ער דאָס מאָלן, ריכטיקער, די קינסטלערהאַנט וואָס מאָלט...

און יעדער זונען־אונטערגאַנג און יעדער צאת־הכּוכבֿים, ווי אָפֿט ער זאָל זיי ניט האָבן געזען, זײַנען פֿאַר אים אַן אַנטפּלעקונג, און יעדער פֿרילינג איז אַ וועלט־באַשאַפֿונג, און יעדע אויסגעשטערנטע נאַכט — אַ גילוי שכינה...

דען פֿאַר אים איז ניטאָ קיין צושטאַנד, ער זעט בלויז אַנטוויקלונג. ער שפּירט די באַוועגונג פֿון די אַטאָמען, די אומרו פֿון די חלקים אין דעם טויטן פֿעלדז אַפֿילו.

אין אים דערגרייכט די וועלט איר תּכלית השלמות — איר איינהייט. און אַלע קעגנשטאַנדן, און אַלע דערשײַנונגען טרעפֿן זיך צוזאַמען אין איין ברענפּונקט... ער איז די אומענדלעכקייט פֿון וועלכער זיי אַלע שטראָמען־אַרויס...

און אַלע חושים זײַנע זײַנען בלויז צווײַגן פֿון איין חוש... און קלאַנג און דופֿט און געשטאַלט זײַנען בײַ אים איינס...

ער הערט מיטן אויג און זעט מיטן אויער און פֿילט דעם בשׂמים־ריח פֿון די שטערן, און דער שטומער שטיין רעדט צו אים ניט ווייניקער, ווי דער הילכיקער וואַסערפֿאַל...

1910

*

# מעשהלעך

## דער שטערן

מיט ווילדן אימפּעט טראָגט זיך אַ גרויסער שטערן ערגעץ אין רוים — טויזנט מײַל אַ סעקונד, טויזנט מײַל אַ סעקונד... לויפֿט און לויפֿט דער שטערן, און כאַפּט אויף זײַן האַסטיקער נסיעה אַ קוק דאָ, אַ קוק דאָרט...

זעט ער רעכטס און זעט לינקס, ווײַט, ווײַט אַוועק, פֿונקען גרויסע און קליינע, געלע און ווײַסע...

— מסתּמא אויך אַ שטערן! — קלערט ער.
בענקט ער און וויל אַריבערשרײַען צו זיי:
— ווי גייט עס, חבֿרים?

אָבער ווו? ווען? ווער וועט זײַן קול הערן? אַזאַ שרעקלעכער מרחק...

און אָט איז אַ פֿונק אַראָפּגעפֿאַלן... זיך צעשאָטן אין שטויב און אויס...

— געיאָגט, געיאָגט און געמאַכט מיליאָנען הקפֿות, און לסוף קיין זכר נישט געלאָזן... — זיפֿצט דער שטערן און קוקט זיך אַרום רעכטס און לינקס — ער וואָלט אַ מיליאָן יאָרן פֿון זײַן לעבן אַוועקגעשאָנקען, אַבי צו וויסן וואָס יענע דאָרט דענקען וועגן דעם...

— און אפֿשר האָבן זיי עס גאָר ניט געזען? — טראַכט ער באַטריבט און טראַכטנדיק לויפֿט ער אַ טויזנט מײַל אַ סעקונד, אַ טויזנט מײַל אַ סעקונד...

1910

*

## אַ הונט

זײַן באַלעבאָס איז געזעסן און זיך געוויגט אויף אַ שאָקלשטול אויף דער וועראַנדע, און זיך צוגעקוקט ווי די זון איז פֿאַרגאַנגען אין מערבֿ.

און ער, אַ לאַנגער הונט מיט אַראָפּהענגענדיקע אויערן און מיט תּמיד פֿאַרטרערטע אויגן, האָט זיך געיאָגט נאָך אַ פֿאַרשפּעטיקטער פֿליג... און געיאָגט האָט ער זי אייגנטלעך, ניט ווײַל ער איז בטבֿע געווען זשעדנע נאָך פֿליגן, נאָר פֿון לאַנגווײַליקייט וועגן.

ווען די פֿליג איז נעלם געוואָרן, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אויפֿן באַלעבאָס און דאַן האָט ער זיך דרײַ מאָל איבערגעקוליעט אויפֿן גראָז.

נאָך דעם האָט ער זיך אויפֿגעהויבן און איז אַוועקגעלאָפֿן אין מיטן פֿון דער ליידיקער גאַס און, אויסשטעלנדיק דאָס מויל משופּעדיק קעגן הימל, געבולן — סתּם אין דער וועלט אַרײַן געבולן...

ער האָט ווידער געכאַפּט אַ קוק אויפֿן באַלעבאָס און דאַן איז ער אַנטלאָפֿן הינטערן הויז און זיך געיאָגט נאָך אַ קליינעם קעצל.

דאָס קעצל איז האַסטיק ארויפֿגעשפּרונגען אויף אַ נאָענטן בוים און, אויסבייגנדיק דעם רוקן, גענומען מיאַוקען אַזוי רחמנותדיק, אַז אים איז נמאס געוואָרן דער גאַנצער עסק...

ער האָט באַשלאָסן, יהיה מה שיהיה, ער וועט גיין צום באַלעבאָס — מער ווי אַ בריק געבן וועט ער דאָך נישט...

האָט ער פֿאַרלייגט דעם עק און איז לאַנגזאַם אַרויף צו דער וועראַנדע. צו ערשט האָט ער אַ צוויי, דרײַ מאָל זיך געריבן מיטן מויל אין דעם באַלעבאָס׳ פֿוס, און דאַן האָט ער זיך געמאַכט אַ האַרץ און אַרויפֿגעלייגט די פֿאָדערשטע לאַפּעס בײַ אים אויף די קני, און מיט פֿאַרטראַכטע אויגן געקוקט אַהין, ווו דער באַלעבאָס האָט געקוקט... אָבער דער באַלעבאָס האָט אים צו מאָל קיין בריק נישט געגעבן, נאָר געקוקט און געטראַכט.

איז דער הונט אַוועק אין ווינקל פֿון דער וועראַנדע, זיך אויסגעצויגן אויף אַלע פֿיר און דעם קאָפּ אויסגעשטרעקט פֿלאַך צו דער ערד און געקוקט אַהין, ווו דער באַלעבאָס קוקט, און געוואָיעט.

און אין די פארטערערטע אויגן האָט זיך געשפּיגלט אַ טרויעריקע הינטישע פֿראַגע:

— וואָס זעט ער דאָרט?...

*

## דער זומער־פּאָדעם

טראָגט זיך לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, אין דעם גאָלדענעם זומער נאָך מיטאָג, אַ ווײַסער שימערירנדיקער זומער־פֿאָדעם... אַן אָפּגעריסענער, לויזער, צו קיינעם נישט פֿאַראַנטוואָרטלעכער זײַדענער טרוים...

פֿון וואַנען שטאַמט ער? וווּהין טראָגט ער זיך?
קיינער ווייסט נישט, ער אַליין אויך נישט...

אָבער צו וואָס שטעלן אַזעלכע פֿראַגעס, ווען אַרום איז גרין און רויִק, און די לאָנקע איז באַשפּריצט מיט ראַמאַשקעס [1], און דורך די זאַנגען לאַכן־אַרויס די בלויע קאָרנבלומען, און פֿון אונטער די טונקל גרינע קוסטעס פֿינקלען די רויטע יאַגדעס, און דער הימל דרעמלט אין זײַן גאַנצער לויטערער ברייטקייט?

וועט זיך דער פֿאָדעם אַ מאָל פֿאַרטשעפּען אין אַ בוים אָדער אין אַ קוסט, דאַן וועט ער זיך פֿאַרטראַכטן...

און דאַן וועלן די ביידע פֿראַגעס אים טאַקע קיין רו נישט לאָזן:
— פֿון וואַנען שטאַם איך און וווּהין בין איך אייגנטלעך געגאַנגען...

דער קוסט וועט לאַכן:
— איצט ביסטו דאָ און דײַן זונשפּאַציר איז געענדיקט...

1912

*

## וואָס איך דערצייל זיך אַליין

ווען דער אָוונט קומט און די שאָטנס פֿאַלן געדיכטער און געדיכטער, זיץ איך אין דעם טונקעלן צימער בײַם פֿענצטער און קוק צו, ווי אין הימל צינדן זיך אָן די שטערן און אונטן, ווײַט אַוועק אין טאָל, פֿלאַקערט־אויף אַ ים פֿון עלעקטרישע ליכט. די גרויסע שטאָט, אײַנגעוויקלט אין חושך, ציטערט און ווינקט מיט טויזנטער פֿיבערישע אויגן. ווען ניט ווען הערט זיך אַ פֿײַף פֿון אַ צוג אָדער דאָס סווישטשען פֿון אַ דאַמפֿער, וואָס בראָדזשעט ערגעץ ווו אין דעם האָדסאָן. אַ מאַטער פלאָנטער פֿון קולות הייבט זיך אַרויף צו מיר פֿון דעם נאַכטיקן בבֿל...

---

[1] געוויקסן (רומיאַנעק?), געלע מיט ווייסע בלעטלעך.

איך מאַך־צו די אויגן און נעם זיך אַליין דערציילן מעשׂיות... ווילדע אויסטראַכטענישן...

איך ווייס אַליין נישט ווי זיי קומען צו מיר...

— 1 —

אַט דערצייל איך זיך אַזאַ מעשׂהלע:

אַמאָל איז געווען אַ בלייכער מאַן, וואָס האָט געהאַט גרויסע, שוואַרצע אויגן און אַ גרויס, ליכטיק האַרץ. און אין דעם גרויסן, ליכטיקן האַרצן איז געווען אַ ים מיט ליבשאַפט, וואָס האָט זיך אַרויסגעגאָסן דורך זײַנע אויגן און איבער זײַנע ליפּן — ווען ער האָט גערעדט.

ער האָט געזוכט געליבטע און האָט געזוכט פֿרײַנד. ער האָט ביידע געפֿונען. אָבער די געליבטע האָבן אים אַלע פֿאַרראָטן. וואָלט ער ניט אַזוי הייס געליבט, וואָלט ער לכל הפּחות זיך געקענט מיט אַ ביסל גלײַכגילטיקייט פֿאַרמאַסקירן — וואָלטן זיי אפֿשר צו זײַנע פּיס געלעגן. אָבער פֿון זײַנע אויגן און איבער זײַנע לעפֿצן איז דער וואַרעמער שטראָם פֿון זײַן צערטלעכקייט געפֿלאָסן... און זײַנע „לאַוראַס" האָבן אים אויסגעלאַכט.

און די פֿרײַנד האָבן אים נישט פֿאַרשטאַנען. טרײַ זײַנען זיי אים געווען, אָבער זײַן נשמה איז פֿאַר זיי געווען פֿאַרהוילן. זיי וואָלטן פֿאַר אים אין פֿײַער און אין וואַסער געגאַנגען, אָבער מיט זייער שטאַרקן אײַנדרוק האָבן זיי אים אָפֿט ווי געטאָן, זײַנע בלומען האָבן זיי צעקוועטשט...

האָט זיך דער בלייכער מאַן אַ כּישוף אויסגעלערנט און איז אַוועק ווײַט פֿון זײַנע פֿרײַנד און ווײַט פֿון דער וועלט, אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם טאָל, בײַ אַ גרויסן, רוישיקן ים... דאָרטן האָט ער אַ קליין הײַזל פֿאַר זיך געבויט, און אַ גאָרטן האָט ער געפֿלאַנצט, און אין דעם גאָרטן האָט ער אײַנגעפֿלאַנצט פֿאַרשיידענע בלומען, פֿאַר יעדן פֿרײַנד אַ בלום...

און אַ גאַנצן טאָג, פֿון דעם ערשטן מאָרגנשפּראָץ ביז דער דע־

מערונג פֿון אָוונט, פֿלעגט ער זיצן און צוקוקן זיך צו זײַן בלומענ־פֿעלד... דען דאָס בעסטע, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט אין זײַן לעבן, זײַנע פֿרײַנד, זײַנען איצט געווען פֿאַרוואַנדלט אין דופּטיקע בלומען...

— 2 —

אַ צווייט מעשהלע דערצייל איך זיך און עס הייבט זיך אָן פֿון אַ מיטן:

...זײַן קאָפּ איז צוריקגעפֿאַלן אויף דעם רוקן פֿון שטול און שטאַרע ווײַסלעך האָבן געקוקט צום סופֿיט...

אין איין האַנט איז נאָך געלעגן דער פּענדזל און פֿון דער אַנדע־רער איז נאָר וואָס אַרויסגעפֿאַלן דאָס מאָלברעט און איז געלעגן מיט די פֿאַרבן אַרויף־צו אויף דער ערד...

אויף דעם אויפֿגעצויגענעם לײַוונט איז דאָס בילד כּמעט געווען פֿאַרטיק. דאָס איז געווען אַ יונג בלאָנד מיידל, לאַכנדיק איר זונענ־שײַן אין דעם טויטן קינסטלערס געזיכט אַרײַן...

געפֿעלט האָט בלויז דאָס בלימל, וואָס דאָס מיידל האָט געזאָלט האַלטן שפּילנדיק צווישן דעם גראָבן און מיטלסטן פֿינגער... קוים אָנגעמאַרקירט איז עס געווען...

אַרום זײַנען געשטאַנען די צעשראָקענע פֿרײַנד פֿון דעם גע־שטאָרבענעם און אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקייט איז געווען צוגע־קלעפּט צו דעם אָרט, אַוו דאָס בלימל האָט געזאָלט אויסגעמאָלט זײַן.

וואָס האָט עס געזאָלט זײַן: אַ רויז? אפֿשר אַ ליליע? אפֿשר אַ בינטל פֿיאָלקעס?

די ניט־געענדיקטע קווייט איז פֿאַר זיי געווען די טראַגעדיע פֿון זײַן פּלוצלינגן טויט.

עמעצער האָט זיך אָפּגערופֿן:

— און וויפֿל בלומען זײַנען אים אין קאָפּ פֿאַרבליבן?...

— 3 —

און איך דערצייל זיך ווײַטער סתּם אין דער וועלט אַרײַן:

אין אינדיע, בײַ דעם טײַך גאַנגעס, דאָרט ווו די הייליקע לאָטאָס־בלעטער טרוימען בײַ טאָג אין די שטראַלן פֿון דער זון און וויגן זיך סודותפֿול בײַ נאַכט אין דער שײַן פֿון דער לבֿנה, שטייט אַן אַלטער טעמפּל. אין דעם טעמפּל, פֿון קדמונים אָן, שטייט אַ בודאַ־געשטאַלט געשניטן פֿון ווײַסן מאַרמאָר און באַצירט מיט גאָלד.

אַנשטאָט אויגן זײַנען שוואַרצע דימענטן אַרײַנגעזעצט געוואָרן און דער גלאַנץ פֿון די איידלשטיינער איז געווען הונדערטער יאָרן אַ היילונג פֿאַר די קראַנקע, וואָס פֿלעגן אַהין קומען פֿון אַלע עקן פֿון אינדיע.

אין אַ טאָג איז אַן אויג פֿאַרשווונדן... אַ גאָט־פֿאַרשווערער פֿון פֿרעמדע לענדער האָט אַ שוואַרצן דימענט אַוועקגעטראָגן.

און געוואַנדערט האָט דער געגנבֿעטער שטיין. ווער קען זײַנע גילגולים אויסדערציילן?... צום סוף איז ער אָנגעקומען אין אַ לאָמבאַרד אין פּאַריז...

דאָרט שטייט ער אין אַ שויפֿענצטער צוזאַמען מיט די פּערל פֿון אַ פֿאַרשטאָרבענער זינגערין — אַ מתּנה פֿון אַן אויסגעלאַסענעם מאַרקיז, וואָס איז צוליב איר זעלבסטמאָרד באַגאַנגען...

און יעדע נאַכט פֿינקלט דאָס איינציקע אויג פֿון בודאַ אין דעם טעמפּל אין אינדיע, און זוכט און זוכט...

און דאָס אויג אין לאָמבאַרד פֿינקלט און בענקט נאָך דעם גאַנגעס...

1913

# אין ארץ־ישראל אין 1914 — 1915

## רחלס קבר

אויף די פֿעלדער פֿון בית־לחם,
ווו דער וועג קיין אפֿרת גייט,
שוין פֿון יאָרן און פֿון דורות
אויפֿגעבויט אַ קבֿר שטייט...

און ווען אַלץ אַרום איז רויִק
און עס קומט־אָן האַלבע נאַכט,
קומט־אַרויס אַ פֿרויענצימער
פֿון דעם קבֿר־גרוב פֿאַרטראַכט.

צו דעם טײַך פֿון ירדן גייט זי,
קוקט זיך אין די וועלן אײַן
און פֿון אירע שיינע אויגן
דאָרטן פֿאַלט אַ טרער אַרײַן...

שטיל פֿליסט איין טרער נאָך דער צווייטער,
אָן אַ קרעכץ, אָן יאָמערשטים,
פֿאַלט־אַראָפּ אין ירדן־וואַסער
און צעמישט זיך שטיל מיט אים...

# תל־אָביב

וֵוי לאַנג עס איז געווען צוריק —
אַ טויזנט יאָר? אַן אויגנבליק?
צי איז עס רעכט, צי איז עס ניט —
גיי פרעג, ווען דרייסט און פעסט דער טריט
זיך שטעלט, און ערד און זונענשיין
און הימל רופן: עס איז דיין...

די גאַנצע צײַט, וואָס מיר זײַנען געפֿאָרן דורך די גאַסן פֿון יפֿו, האָט געשפּריצט אַ לײַכטער שפּרײַרעגן. ווען מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן אין תּל־אָבֿיב, האָט דער רעגן אויפֿגעהערט. דער הימל איז געווען אין גאַנצן אויסגעלײַטערט און דער גאָלדענער זונענשײַן האָט אומעטום צוריקגעפּראַלט פֿון די ווײַסע ווענט און פֿון די שויבן, און האָט זיך צעשאָטן איבער די ציכטיקע טראָטואַרן און איבער די ברוקירטע גאַסן.

מע האָט מיר געזאָגט, אַז תּל־אָבֿיב איז די פֿאָן פֿון דעם נײַעם ישובֿ. דער אויסדרוק האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן מער ווי בלויז אַ מליצה.

פֿון אַלע זײַטן האָבן זיך געוואָרפֿן אין די אויגן די צוויי ליכטיקע פֿאַרבן פֿון דער ציוניסטישער פֿאָן: ווײַס און בלוי... אונטן — ווײַסע, בלענדנדיק ווײַסע הײַזער. אויבן — בלוי, בלענדנדיק בלויע הימלען... און אין הינטערגרונט אַ בלויער, טיף בלויער ים.

קיין האַלבפֿאַרבן, קיין שאַטירונגען, קיין שעמעוודיקייט אָדער צווייפֿל, נאָר קלאָרע העלע קאָלירן, וואָס האָבן געווירקט אַזוי ווי טרומפּייטן־שאַלן...

קאָפּ און האַרץ זײַנען מיר מיט אַ מאָל געוואָרן אויסגעלײַטערט אַזוי ווי די הימלען פֿון אויבן. די זוניקייט און די יום־טובֿדיקע ציכטיקייט אַרום זײַנען געווען באַגריסונגען צו מיר. איך האָב עס

געוווּסט אַזוי זיכער ווי איך האָב געוווּסט, אַז איך בין אָנגעקומען אין ארץ־ישׂראל.

די זונענשײַן איז געווען ייִדישע זונענשײַן, אַזוי ווי די הײַזער זײַנען געווען ייִדישע הײַזער, אַרויסגעכּישופֿט דורך ייִדישן פֿלײַס אויף אַ וויסטן זאַמד־מדבר. אַזוי ווי די מענטשן אויף די גאַסן זײַנען געווען ייִדן, אַזוי ווי די קלאַנגען, וואָס מײַן אויער האָט געכאַפּט, זײַנען געווען ייִדישע קלאַנגען...

אַלצדינג האָט גערעדט צו מיר, האָט געזונגען צו מיר...

•

מיר זײַנען פֿאַרבײַגעפֿאָרן אַן אַלטן, באָרוועסן אַראַבער, וואָס האָט געפֿירט אַן אָנגעלאָדענעם קעמל. זײַנע אָבֿות־אבֿותיו פֿון גאָט ווייס וויפֿל דורות האָבן דאָ אַוודאי קעמלען געטריבן און שאָף געפּאַשעט, און לײַוונטענע בײַדלעך אויפֿגעשטעלט, און פֿאַר נאַכט האָבן זיי פֿײַערן אָנגעצונדן און האָבן פּיטעס געבאַקן און דערנאָך זײַנען זיי קעגן די פֿײַערן געזעסן, און האָבן געריכערט, און זיך דערציילט מעשׂיות אין דער שטילער נאַכט.

איך — בין נאָר וואָס געקומען, פֿון אַ ווײַטן לאַנד, נאָך צו מאָל אַ נאַכט אין ארץ־ישׂראל ניט איבערגעשלאָפֿן, נאָך צו מאָל אַ גלאָז וואַסער אין איר ניט געטרונקען, נאָך צו מאָל קיין ד׳ אמות אויף איר ניט געשפּאַצירט, און דאָך — האָב איך אויף אים געקוקט ווי אויף אַ פֿרעמדן. איך בין געווען דער תּושבֿ און ער דער אײַנגעוואַנדערטער...

דאָס געפֿיל פֿון יושר און גערעכטיקייט האָט זיך געשעמט... אָבער פֿון מײַן בלוט האָט עס געשריִען:

— נחלת אָבֿות...

•

מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן אין רחובֿ הרצל, פֿאַרבײַגעפֿאָרן רחובֿ ליליענבלום און געקומען צו שדרות רוטשילד, ווו עס איז געווען אויפֿגעשטעלט אַ טריומף־טויער באַצירט מיט פּאַלמענצווײַגן און

מיט בלומען. דאָס האָט מען זיך גערינכט אויף באַראָן עדמאָנד דע ראָטשילד, וואָס האָט געזאָלט קומען הײַנט־מאָרגן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ פּענסיאָן אויף דעם עק פֿון רחוב הרצל און רחוב אחד העם, גלײַך אַקעגן דער העברעיִשער גימנאַזיע — אַ הויכער אײנפֿאַך געבויטער ווײַסער בנין מיט צוויי טורעמלעך אין מיטן. די גימנאַזיע איז דער מיטלפּונקט און דאָס שײַנדל פֿון תּל־אָביב. אָנקומענדיק אין שטעטל, קריגט מען דעם ערשטן קבלת פּנים פֿון איר, ווי זי וואָלט זאָגן:

— זײַ וויסן, אַז אַלע הײַזער, וואָס דו זעסט אַרום, און אַלע מענטשן, וואָס גייען אויף די גאַסן, זײַנען אַלע נאָר צוליב מיר געשאַפֿן געוואָרן. דער עיקר בין איך.

קוים זיך איבערגעטאָן און אונטערגעלענט דאָס האַרץ, גיי איך אַרויס אָנקוקן דאָס שיינע שטעטל.

•

דאָס גאַנצע שטעטל גייט כאָדאָראָם צוליב די הכנות, וואָס מע מאַכט לכּבֿוד דעם באַראָן. די פֿאָרשטייערס פֿון דער גימנאַזיע און פֿון דעם ועד העיר זײַנען ווי אין אַ פֿיבער. אַלע ווײַלע קומען־אָן שטאַפֿעטן און ברענגען נײַע ידיעות: דער יאַכט פֿון באַראָן זעט זיך שוין פֿון דער ווײַטן, דער יאַכט איז שוין פֿאַראַנקערט, אאַז״וו.

בײַ די אַכט הונדערט שילערס פֿון דער גימנאַזיע איז צוליב דעם באַראָנס קומען אַ יומא דפּגרא. איז די גאַס מיט זיי פֿול. שיינע, געזונטע בחורים און מיידלעך, אַ מחיה אויף זיי צו קוקן. די שפּראַך — העברעיִש. מע לאַכט און מע פּלוידערט, און מע וויצלט זיך, און מע יאָגט זיך איינער נאָך דעם אַנדערן.

אָט פֿליט פֿאַרבײַ אַ שיינע ייִדישע טאָכטער אויף אַ וועלאָסיפּעד און ווערט פֿאַרשוווּנדן אין אַ ווינקל גאַס. דראָזשקעס [1] לויפֿן הין־און־הער און די גלעקלעך אויף די פֿערד קלינגען און קלינגען אָן אויפֿהער. דער דיליזשאַנס, וואָס פֿירט פֿאַר צוויי „מעטעליק [2] פֿון תּל־

[1] וועגל פֿאַר פּאַסאַזשירן. — [2] טערקישע מטבע.

אָבֿיבֿ קיין יפֿו, קען ניט צושטעלן פּלעצער גענוג פֿאַר די פּאַסאַ־זשירן.

אויף די הײַזער זײַנען אויסגעהאַנגען פֿאָנען און דער עולם ווערט געשפּאַנטער וואָס אַ מינוט.

•

הײַנט איז פֿרײַטיק. דער באַראָן איז ניט געקומען און וועט ניט קומען ביז זונטיק. דערווײַל נידערט־אַרונטער אויפֿן שטעטל דער ערבֿ־שבת פֿאַר נאַכט. דער דיליזשאַנס לויפֿט ניט מער. די דראָזש־קעס זײַנען נעלם געוואָרן. ניטאָ מער קיין זכר פֿון וואָכעדיקייט.

די זון איז שוין פֿאַרגאַנגען. ווייכע שאָטנס שפּרייטן זיך געדיכ־טער און געדיכטער. דער הימל ווערט אָנגעשאָטן מיט שטערן און די גאַסן ווימלען מיט פּאָרלעך און קאָמפּאַניעס, וואָס שפּאַצירן אין אַלע ריכטונגען. דורך די אָפֿענע פֿענצטערס גיסן־אַרויס פֿון די הײַזער שטראָמען ליכט. דאָ און דאָרט גיסט זיך אַרויס צוזאַמען מיט דעם ליכט אַ געזאַנג. דאָס זינגט מען זיצנדיק אַרום טיש, נאָך דער שבת־דיקער סעודה... די ווערטער און די קלאַנגען זײַנען באַקאַנטע, היי־מישע.

אויף די האַלב־פֿינצטערע וועראַנדעס זיצט מען אין דער פֿרי־שער אָוונטלופֿט און מע שמועסט. אויף אַלצדינג און אויף אַלעמען איז אויסגעגאָסן די זיסע, ציכטיקע מנוחה פֿון שבת...

•

מע דערציילט מיר, אַז נאָך ניט לאַנג צוריק פֿלעגט מען שבת בײַם אַרײַנפֿאָר אין תּל־אָבֿיבֿ אַרונטערלאָזן דעם שלאַגבוים און קיין וואָגן אָדער רײַטער איז ניט דערלויבט געווען צו פֿאַרשוועכן דעם הייליקן רוטאָג.

מאַכט זיך איין מאָל, אַז אַ דעפּוטאַט פֿון דעם אָטאָמאַנישן פּאַר־לאַמענט באַזוכט יפֿו אין שבת, און, אַזוי ווי ער האָט זיך פֿיל אָנ־געהערט פֿון דעם שיינעם תּל־אָבֿיבֿ, בלײַבט בײַ אים זיך אַהין דורכ־צופֿאָרן אין אַ פֿאַעטאָן.

טרעפֿנדיק דעם שלאַגבוים אַראָפּגעלאָזט, איז ער געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. און אויף מאָרגן איז ער אַרויס אין אַן אַראַבישער צײַטונג מיט אַן אַטאַקע אויף דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, וואָס וויל גרינדן אַ רעגירונג אין אַ רעגירונג.

איצט לאָזט מען קיין שלאַגבוים ניט אַרונטער. אָבער זעלטן ווען אַז אַ ניט־ייִדישע דראָזשקע אָדער אַ ניט־ייִדישער רײַטער זאָל דורכפֿאָרן שבת. פֿון ייִדן איז אָפּגערעדט. אַפֿילו דער ראַדיקאַלסטער יום־כּיפּור־באַלניק[3] וועט זיך שטאַרק מיישבֿ זײַן איידער ער וועט וואַגן מחלל־שבת זײַן בפֿרהסיא.

געווען אַ פֿרוי, וואָס האָט געפּרוווט אַרבעטן אין איר גערטל שבת. איז זי שיִער ניט געלינטשט געוואָרן, ניט חלילה פֿון ייִדן מיט לאַנגע פּאות, נאָר פֿון די — יונגע שילערס פֿון דער העברעיִשער גימנאַזיע.

די זעלביקע בחורים האָבן בײַ אַן אַנדער געלעגנהייט באַלאַגערט דאָס הויז, וווּ עס איז אײַנגעשטאַנען אַ באַרימטער ייִדישער שריפֿט־שטעלער און האָבן אים ניט געלאָזן גיין אויף אַ רעפֿעראַט, וואָס ער האָט געזאָלט האַלטן אין ייִדיש. בײַ אַ צווייטער געלעגנהייט האָבן זיי געטאָן עפּעס, וואָס האָט געפֿאָדערט ווייניקער העלדישקייט. דער־פֿאַר האָט עס אָבער געווירקט שנעלער און שטאַרקער. זיי האָבן גע־מאַכט אַ „כעמישע אָבסטרוקציע" אין אַ טעאַטער, וווּ די ייִדישיסטן — וועלכע האָבן אומגעפֿער אַזוי פֿיל שאַנסן אין תּל־אָבֿיבֿ ווי די וואָס אַגיטירן פֿאַר דעם דיבור העבֿרי אין שיקאַגאָ — האָבן אויפֿגע־פֿירט אַ ייִדיש שטיק.

פֿאַר די וואָס ווייסן ניט, וואָס „כעמישע אָבסטרוקציע" איז, וויל איך בלויז זאָגן, אַז דאָס איז אַ מעטאָד פֿון אַרגומענטירן, וואָס איז מער איבערצײַגנדיק פֿאַר דער נאָז ווי פֿאַרן שׂכל, און באַשטייט

---

[3] אין נאָרד־אַמעריקע, סוף 19טן יאָרהונדערט, האָבן ראַדיקאַלן אײַנגע־אָרדנט בעלער דווקא צו כל נדרי...

אין דעם געברויך פֿון אַזעלכע שטאָפֿן, וואָס אַפֿילו די מאַרטירער־נאָז פֿון אַ ייִדישיסט קען ניט פֿאַרטראָגן.

•

דער באַראָן איז ענדלעך געקומען. עס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַן ערך פֿיר־פֿינף טויזנט מענטשן. די אָרדענונג האָבן געהאַלטן די מיטגלידער פֿון דעם אַטלעטישן קלוב „המכּבי“. זיך האַלטנדיק האַנט בײַ האַנט, האָבן זיי געבילדעט אַ קייט הינטער דעם באַראָנס קאַרעטע און האָבן העלדיש צוריקגעהאַלטן די טויזנט קעפּיקע מאַסע, וואָס האָט זיך געשפּאַרט מיט אַלע כּוחות זיך דורכצורײַסן.

•

די ידיעה פֿון דעם באַראָנס קומען האָט זיך אויך פֿאַרשפּרייט צווישן דער אַראַבישער באַפֿעלקערונג אין יפֿו.

מיט דעם פֿײַנעם חוש, וואָס אַלע אַראַבערס האָבן פֿאַר פּאַסיקע צונעמענישן, האָבן זיי דעם באַראָן אַ נאָמען געגעבן „אַבו׳ל מאַסאַרי“ — דער פֿאָטער פֿון געלט. אַנדערע האָבן אים מער מליצהדיק גערופֿן „אַבו סונדוק“ — דער טאַטע פֿון דעם קעסטל.

איך האָב געזען דעם „אַבו סונדוק“, ווי ער איז געשטאַנען אויף אַ באַלקאָן און האָט אַרונטערגעקוקט אויף דעם גרויסן עולם, וואָס איז געקומען אים אָפּצוגעבן כּבֿוד. ער איז געווען שטאַרק גערירט. אויף זײַן אַלטן פּנים איז געווען דער אויסדרוק פֿון אמתער פֿרייד...

מיט פֿופֿצן יאָר צוריק, ווען ער איז געקומען קיין פּאַלעסטינע, האָט ער געטראָפֿן קאָלאָניסטן, וואָס האָבן אויסגעקוקט אויף זײַן שטיצע און אַ ישובֿ, וואָס איז געהאַנגען אויף זײַנע חסידים, אויסגעטיילט דורך אומערלעכע אָדער אומפֿעיִקע שליחים.

איצט האָט ער געפֿונען זעלבשטענדיקע פּיאָנערן, וועלכע האָבן אים באַגריסט מיט האַרציקער ליבע און מיט באַוווּנדערונג, אָבער אָן שום הכנעה. זיי האָבן קיין זאַך פֿון אים ניט דערוואַרט. זיי זײַנען געקומען מיט אים צוזאַמען זיך פֿרייען אויף די שיינע פֿרוכטן,

װעלכע האָבן אַרויסגעשפּראָצט פֿון דעם זוימען, װאָס ער און אַנדערע האָבן מיט אַזױ פֿיל מי און האַרצװײ פֿאַרזייט...

באַזונדערס האָט ער געקליבן נחת פֿון יענע אַנשטאַלטן און קאָ־לאָניעס, אין װעלכע ער אַליין האָט לחלוטין קיין חלק ניט געהאַט. ער, װאָס דער ישובֿ פֿון פּאַלעסטינע איז פֿאַר מער װי דרײַ צענדליגג יאָר נאָך אַנאַנד געװען זײַן אייניציקער טרוים — האָט מער װי װער עס איז אַן אַנדערער געװוּסט צו שאַצן יענע אױפֿטוען, װעלכע זײַנען זיך באַגאַנגען אָן זײַן הילף.

תּל־אָבֿיבֿ איז בײַ אים אין גאַנצן געװען אַן אַנטפּלעקונג.

●

אָבער דאָ און דאָרט האָט זיך אַ שװאַרצער פֿאָדעם דורכגע־געזאַפּט...

אין ראשון לציון, זאָגט מען, האָט דער באַראָן געפֿרעגט:

— װי קומט עס, װאָס ער שטױסט זיך אָן אין פּאַריז אויף אַזױ פֿיל זין פֿון ארץ־ישׂראלדיקע קאָלאָניסטן?

אין עקרון — אפֿשר די צוריקגעשטאַנענסטע קאָלאָניע פֿון יהודה — איז דעם באַראָן אַרויס אַנטקעגן אַ כאָר פֿון קליינע קינדער זינגענדיק העברעיִשע לידער, האָט ער באַמערקט װי אייניקע קינ־דער האָבן שלעכטע אויגן, האָט ער געפֿרעגט, אויב אַנשטאָט צו לערנען די קינדער זינגען װאָלט ניט געװען מער יושר זיי גוט אויס־צװואַשן די אויגן...

װען מע האָט די באַראָנעסע אײַנגעלאַדן אין דער העברעיִשער מוזיקשול פֿון תּל־אָבֿיבֿ, האָט זי געזאָגט:

—Vous commencez toujour par le dessert . . .[4]

נאָך די אַלע הכנות װאָס מע האָט לכבֿוד אים געמאַכט, איז דער „אַבו סונדוק“ אין תּל־אָבֿיבֿ אין גאַנצן פֿאַרבליבן בלויז אַ פּאָר שעה. ער האָט זיך געאײַלט אָפּצופֿאָרן קיין ירושלים.

---

[4] איר הייבט שטענדיק אָן פֿונעם צימעס.

## האַרינטע און שפּחה

ייִדיש איז דאָ טריף ווי חזיר. ריידן ייִדיש אויף דער גאַס פֿאָדערט געוואַלטיקן מוט.

כימנאַזיסטן פֿון דעם זיבעטן און אַכטן קלאַס קומען אָפּט אַריבער צו מיר. איך פּרוּוו מיט זיי ריידן העברעיִש. איין גאָט אין הימל ווייס, אַז מײַן כּוונה איז גוט, אָבער מײַן צונג איז נאָך ניט געווינט. הייב איך אָן ריידן ייִדיש. ריידן זיי אויך ייִדיש. גייען־פֿאַרבײַ זייערע חבֿרים אָדער לערערס פֿון דער גימנאַזיע אָדער גלאַט מענטשן און קוקן קרום, אי אויף מיר, אי אויף זיי.

בין איך געקומען אַהער פֿאַרשפּרייטן שמד?

דער אַלטער וועטעראַן פֿונעם ישובֿ, דער גרײַזגרויער אײַזנשטאַט, באַגעגנט מיך און פֿרעגט מיך, צי עס איז טאַקע אמת, וואָס מע זאָגט, אַז איך בין געקומען אַרויסגעבן אין פּאַלעסטינע אַ „זשאַרגאָנישע“ צײַטונג?

איך פֿאַרזיכער אים, אַז אַזאַ שרעקלעכער פֿאַרברעך האָט זיך מיר אַפֿילו אין חלום ניט געקענט אויסדאַכטן. מאַכט ער אַ מינע ווי ער גלייבט מיר באמונה שלימה, שמייכלט און זאָגט, אַז ער וואָלט אין לעבן ניט געוואָרפֿן אויף מיר אַזאַ מיאוסן חשד. ער האָט מיר נאָר דערציילט וואָס אַנדערע ריידן. דערבײַ זע איך, אַז זײַן האַרץ איז ניט גאַנץ רויִק.

מיט די וואָס שרײַבן „ז׳רגונית“ (זשאַרגאָניט) קען מען קיין מאָל צו זיכער ניט זײַן.

אַ סוחר, פֿאַר וועמען הער גרזובֿסקי שטעלט מיך פֿאָר ווי אַ „משורר ז׳רגוני“, פֿרעגט מיך מיט אמתער רחמנות, צי איך שעם זיך ניט וואָס איך שרײַב אויף „ז׳רגון“. איך בין זיך מוסר נפֿש און זאָג „ניין“. זע איך מיט אַ מאָל ווי זײַן געזיכט ווערט פֿאַרוואָלקנט און זײַן פֿריִערדיקע רחמנות גייט־איבער אין פֿאַראַכטונג...

אַבי ער האָט געמיינט, אַז איך בין אַ בעל־תשובֿה.

●

אַ יונג מיידל, קענטיק נאָר וואָס אָנגעקומען אין תּל־אָבֿיבֿ, שטעלט מיך אָפּ אויף דער גאַס און פֿרעגט מיך אויף אַ זייער צע־קאַליעטשעטן העברעיִש, ווו אַ געוויסע גאַס געפֿינט זיך. איך ענט־פֿער ניט שנעל גענוג און זי דרינגט, אַז איך פֿאַרשטיי ניט איר העב־רעיִש. פֿאַרשעמט זי זיך און פֿרעגט מיך אויף אַ צרהדיקן רוסיש.

— אָבער וואָס פֿרעגט איר ניט אויף מאַמע־לשון? — קום איך אַרויס מיט מײַן ליטווישן דיאַלעקט.

איך האָב דאָס מיידל מחיה געווען, און זי האָט זיך צערעדט אויף אַ ייִדיש, וואָס הלוואַי אויף אַ סך פֿון אונדזערע ייִנגערע שרײַ־בערס געזאָגט געוואָרן.

— ייִדיש אין תּל־אָבֿיבֿ, היתּכן?

— האָט זי, נעבעך, געמוזט זיך פּלאָגן אויף רוסיש...

•

איך האָב זיך צוגעקוקט, ווי אַ גרופּע יונגע גימנאַזיסטן האָבן געשפּילט פֿוסבאָל. עס זײַנען געווען די געוויינטלעכע געשרייען און רײַסערײַען, אָבער אין דער גרעסטער היץ פֿון שפּיל האָט זיך קיי־נער פֿון זיי ניט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ ניט־העברעיִשן וואָרט. דאָס איז בײַ מיר געווען דער בעסטער באַווײַז, אַז די שפּראַך איז זיי אַרײַן אין דער נשמה און איז אין זיי אָרגאַניש אַרײַנגעוואַקסן.

אַ גרויסער זיג פֿאַר די פּיאָנערן פֿון דער שפּראַך־אויפֿלעבונג.

•

דערפֿאַר אָבער ווײַזן־אַרויס די דערוואַקסענע מענטשן, הגם זיי ריידן העברעיִש זייער פֿליסיק, אַ סך געקינצלטקייט, אַ סך גע־צוווּנגענקייט, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן זאָגן:

— מיר האָבן אַ זאַך באַשלאָסן און מיר וועלן זי דורכפֿירן, ווי שווער עס זאָל ניט זײַן.

דאָס רובֿ געשפּרעכן אָדער, לכל הפּחות, די וואָס מיר איז אויס־געקומען צו הערן, זײַנען פֿלאַך און בלוטלאָז און דרייען זיך אַרום איין אויסגעדראָשענעם אידייען־קרײַז. ווייניק המצאות ווערן געזאָגט

און דער לעבעדיקער הומאָר פֿעלט אין גאַנצן. איך שרײַב עס צו צו דער אומנאַטירלעכקייט פֿון זייער העברעיִש ריידן. עס דאַכט זיך, אַז אַזוי שנעל ווי זיי וואָלטן נעמען ריידן ייִדיש, וואָלטן זיי פֿרײַער אויפֿגעאָטעמט און גערעדט אינטערעסאַנטער, האַרציקער, הומאָריסטישער.

דאָ זײַנען דאָ די גאָר עלטערע ייִדן, וואָס מאַטערן זיך, נעבעך, צו ריידן העברעיִש. ווען זיי זאָלן זיך ניט שעמען, וואָלטן זיי גערעדט ייִדיש. אָבער עס פּאַסט עפּעס ניט פֿאַר די יונגע. ברעכט מען די אַלטע ציינער אַבי ניט אויסגעלאַכט צו ווערן, ממש ווי די עלטערע ייִדן מוטשען זיך אין אַמעריקע מיט זייער געבראָכענעם ענגליש.

אָבער עס איז ארץ־ישׂראל און די מאַטערניש איז ליב. מע קוקט אויף די אייגענע קינדער און מע הערט ווי געשמאַק און ווי נאַטירלעך זיי ריידן העברעיִש, און עס צעגייט דאָס האַרץ פֿון פֿרייד.

מיט דער שפּראַך אַליין איז נאָך אַ האַלבע צרה, אָבער די חבֿרה הספֿרדית...

אַ פֿרומער ייִד האָט מיר מיט אַ זיפֿץ דערציילט, אַז ער האָט שוין כּמה וכמה מאָל געפּרוּווט דאַווענען מיט דער חבֿרה הספֿרדית, האָט זיך אים די צונג גענומען קלעפּן און ער האָט ניט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין דעם פּירוש המילות... איז געבליבן בײַ אים — אויף דער גאַס ווי אויף דער גאַס, אָבער אין שול — די אַלטע שניפּישקער חבֿרה...

איך בין אויפֿגעשטאַנען איין טאָג גאַנץ באַגינען. אויף דער גאַס איז נאָך כּמעט קיין מענטש ניט געווען צו זען. דער אייזל, באַלאָדן מיט פֿרישע בולקעס פֿון כ״צס מאַפֿיה [1] איז נאָר וואָס פֿאַרבײַגעגאַנגען, וואָס דאָס מיינט, אַז עס איז נאָך געווען זייער פֿרי.

זע איך ווי אַן עלטערער ייִד מיט אַ גרויליכער באָרד שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פֿון אַ פֿענצטער, קוקט־אַריבער אויף דער צווייטער זײַט גאַס און גיט אַ זאָג צו עמעצן, וואָס ער האָט דאָרט מסתּמא

---

[1] בעקעריי.

דערזען, אַ היימישן „גוט מאָרגן". דערבײַ האָט זיך דער ייִד פּאָסמאַ־קעוועט. דאָס האָט מען געקענט זען אויף זײַן געזיכט.

אַרײַנגעכאַפּט אַ ייִדיש וואָרט...

— אַ רחמנות אויפֿן דור המדבר.

•

נאָך אַ גרעסערע רחמנות איז אויף די „אַנוסים", וואָס האָבן, נעבעך, צוליב דער ביטערער פּרנסה געמוזט אָננעמען די „אמונה" פֿון תּל־אָבֿיבֿ.

אַזאַ איז געווען דער יונגער מאַן פֿון דער „מספרה" (מאַספּיירא), וווּ איך בין אַרײַן זיך אָפּשערן די האָר. ער האָט לכתּחילה אויסגע־לאָזט אויף מיר די פּאָר העברעיִשע ווערטער און פֿראַזעס, וואָס ער האָט זיך, קענטיק, מיט שווערער מי אויסגעלערנט. ווען אָבער ער האָט אויסגעפֿונען, אַז איך וועל אים ניט פֿאַרראַטן, האָט ער מיר אין האַרציקן מאַמע־לשון אַנטפּלעקט דעם שרעקלעכן סוד...

•

די איינציקע אויסגעשפּראָכענע ייִדישיסטן, וואָס האָבן דעם מוט פֿון זייער איבערצײַגונג, זײַנען די אַראַבערס וואָס קומען פֿאַרקויפֿן זייערע סחורות אין תּל־אָבֿיבֿ. אָט פֿירט אַ הויכער, דאַרער אַראַבער אַ קליין אייזל באַלאָדן מיט ליימענע כּלים און שרײַט אונטער דעם סאַמע שאָטן פֿון דער גימנאַזיע, אין קלאַסישן ייִדיש, „טע־לער־לעך, טע־פּע־לעך, שי־סע־לעך!", און פֿון עק גאַס קומט־אָן אַן אַראַבערקע מיט אַ קויש אויפֿן קאָפּ און זינגט־אויס, מיט אַ האַלב־טרויעריקן, האַלב־ברוגזדיקן ניגון „גוטי מאַראַנצי, מאַראַנצי גוטי"...

•

און דאָך, ווי לעכערלעך און ווי קליינלעך עס זאָל ניט זײַן די שׂנאה פֿון די אָרטיקע קנאים צו ייִדיש, איז זי אָבער גאַנץ נאַטיר־לעך. מענטשן האָבן יאָרן און יאָרן זיך געמיט און געקעמפּט און גע־אַרבעט מיט אַלע כּוחות, און געבראַכט אַלערליי קרבנות צו באַלעבן די אַלטע שפּראַך, געטראַכט בײַ טאָג און געחלומט בײַ נאַכט פֿון

דער דאָזיקער באַלעבונג, און איצט, אַז זיי זעען די ערשטע שפּראַצונג פֿון זייער זריעה — ווי קען מען דערוואַרטן, זיי זאָלן זײַן טאָלעראַנט צו דער שפּראַך, וואָס זיי באַטראַכטן פֿאַר דעם געפֿערלעכסטן קאָנקורענט פֿון זייער אידעאַל?

•

איך אַליין גלייב וואָס אַ טאָג אַלץ מער אין דער מעגלעכקייט צו באַלעבן פֿון דאָס נײַ דעם לשון פֿון אונדזערע אָבֿות אין ארץ־ישׂראל. העברעיִש איז תּמיד געווען אַ נויטווענדיקייט אין פּאַלעסטינע ווי אַ שותּפֿותדיקער לשון אויף וועלכן ייִדן, וואָס קומען אַהער פֿון אַלע פֿאַרשיידענע לענדער, האָבן זיך געקענט צוזאַמענריידן. דער ייִד פֿון פּערסיע און דער ייִד פֿון אַפֿגאַניסטאַן, דער ייִד פֿון דײַטשלאַנד און דער ייִד פֿון תּימן, האָבן געמוזט געברויכן העברעיִש, כּדי איינער אין דעם אַנדערן אַ ברודער צו געפֿינען.

די דאָזיקע נויטווענדיקייט ווערט וואָס אַ טאָג אַלץ שטאַרקער און וועט זײַן אַ שטענדיקער אַנטרײַב צו דעם „דיבור העבֿרי". מיט דער צײַט קען העברעיִש ווערן אַזוי נאַטירלעך פֿאַר די איצטיקע אײַנוווינערס פֿון פּאַלעסטינע ווי פֿאַר זייערע אור־אור־עלטערן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק.

נאָך אַלעמען איז העברעיִש שטענדיק געווען אַ וויכטיקער עלעמענט אין אַלע דיאַלעקטן, וואָס ייִדן האָבן אָנגענומען אין די פֿאַרשיידענע מדינות וווהין דער גלות האָט זיי פֿאַרטריבן.

אפֿשר וואָלט מען מיט אַ דוחק אויך ייִדיש געקענט אָנרופֿן אַ העברעיִשער דיאַלעקט?

— פֿון דער אַנדערער זײַט, טראַכט איך אָפּט וואָס פֿאַר אַ גרויסער טייל פֿון גוטע פּיאָנער־ענערגיע גייט־אַוועק אויף דער שפּראַך אין ארץ־ישׂראל.

דערמאָן איך זיך וואָס הײַנע האָט ערגעץ ווו געזאָגט: ווען די רוימערס וואָלטן געדאַרפֿט זיך ערשט אויסלערנען לאַטײַן, וואָלטן זיי קיין צײַט ניט געהאַט די וועלט צו באַזיגן...

•

אין אונדזער פּענסיאָן שטייען־אײַן אייניקע גימזאַניסטן פֿון די העכערע קלאַסן. זיי קומען פֿון רוסלאַנד, האָבן דאָרט געלערנט אין גימנאַזיע און איצט זײַנען זיי געקומען אין תּל־אָבֿיבֿ פֿאָרזעצן זייער שטודיום.

הער איך יעדן אין דער פֿרי, ווי זיי חזרן זייערע לעקציעס. איינער פֿון זיי לערנט זײַן לאַטײַנישע אויפֿגאַבע אין העברעיִש — טויטער לאַטײַן אין לעבעדיקן העברעיִש.

הייבט זיך מיר שטאָלץ דאָס האַרץ און איך טראַכט:

— ירושלים האָט באַזיגט רוים...

•

אויף וואָס פֿאַר אַ שפּראַך דער ים רעדט אין תּל־אָבֿיבֿ ווייס איך ניט, אָבער איך וואָלט ניט מיד געוואָרן אים צו הערן נאָך אַנאַנד... דער טאָג איז ניט לאַנג גענוג.

אין דער פֿרי שטיי איך אויף דעם גילדערנעם זאַמד און זע, ווי די בלויע כוואַליעס פֿון דעם ים הגדול שלאָגן און צעברעכן זיך אין דעם פֿעלדזיקן ברעג, און דער שנייוויַיסער שוים שימערט אין די שטראַלן פֿון דער זון.

אָפֿט באַגלייט מיך פֿיכמאַן און מיר קוועלן ביידע אָן פֿון ים און פֿון הימל, און קענען זיך ניט זאַט אָנפֿרייען און אונדזערע גע־שפּרעכן זײַנען אַ טייל פֿון דער פֿריידיקייט אַרום...

•

ער זאָגט צו מיר:

— איר ווייסט, עס ווילט זיך דאָ אַ שורה ניט שרײַבן. צו וואָס שאַפֿן שיינע זאַכן, ווען אַרום איז אַזאַ שיינע, ליכטיקע וועלט?...

מיר פֿון צונג די ווערטער אַרונטערגענומען...

מיט דעם ים פֿיל איך זיך היימיש און פֿאַרגעס אין מײַן שאַנד, וואָס איך בין אַ „משורר ז׳רגוני“ און וואָס איך פֿאַרשפּרייט די כּפֿירה, רחמנא לצלן, צווישן אומשולדיקע ייִדישע בחורים. און איך בין גליקלעך, איבער גליקלעך, וואָס איך בין אין ארץ־ישׂראל...

און בײַ נאַכט ווערט דער הימל אָנגעפּערלט מיט שטערן און אין דער פֿינצטער הערט זיך ווי דער ים רוישט און טומלט, און איך ווייס, אַז דאָס רוישט ער און טומלט פֿון דער געבורט פֿון אַ פֿאָלק, פֿון אַ גרויסן חלום וואָס ווערט פֿאַרווירקלעכט...

און צו גלײַך נעמט מיך אַרום אַ זיסער ווייטיק און אַ שמאַכטע־ניש, און אַ ווונד הייבט אָן בלוטיקן...

## אַ בריוו

טײַערער...

...דאָס צו קענען פֿאַרשטיין, מוז מען זײַן אין ארץ־ישׂראל. און אפֿשר קען מען עס גאָר ניט און מע דאַרף עס גאָר ניט פֿאַרשטיין... מע פֿילט עס הי אין דער לופֿט, מע פֿילט עס אין די אָדערן און אין די מוסקולן, און אין יעדן האַרצקלאַפּ. אָט די אַלע קשיות, וואָס מע האָט אָנגעגרייט פֿון פֿריִער און אויף וועלכע מע האָט דערוואַרט דאָ צו געפֿינען אַן ענטפֿער — זיי ווערן דאָ ניט פֿאַרענטפֿערט. נאָר דו כאַפּסט זיך אויף אין אַ פֿרימאָרגן און דאָס גאַנצע פֿינצטערע געזינדל איז מער נישטאָ. איבער נאַכט זײַנען זיי אַלע פֿאַרשוווּנדן ווי אַ ווינסטער קאָשמאַר און קיין זכר איז פֿון זיי ניט געבליבן...

דו טרויסט ניט. קלערסט: ערגעץ האָבן זיי זיך פֿאַרלויערט... זוכ־סטו זיי ווי מיט ליכט און קענסט זיך קוים דערמאָנען ווי זיי האָבן אויסגעזען.

דו פֿאַרלאַנגסט ניט מער ווי אַ פּתרון אויף דײַן צעריסענעם חלום. דו זעסט אַרום זיך די פֿעסטע העלע ווירקלעכקייט און דו צווייפֿלסט אויב דו האָסט גאָר ווען עס איז אַזאַ מין חלום געהאַט.

ארץ־ישׂראל האָט איר אייגענע לאָגיק, אַזוי ווי יעדער גרויסער

גלויבן האָט זײַן אייגענע לאָגיק. די ביליקע וואָכעדיקע לאָגיק הייבט דאָ ניט אָן צו טויגן. מיט איר וועסטו דאָ גאָר ניט מאַכן...

יענער שוואַרצער בלײַענער וואָלקן, וואָס איז געהאַנגען אויפֿן געמיט און האָט אָפּגעשלאַפֿט און אָפּהענטיק געמאַכט, איז פֿון דער העלער ארץ־ישׂראלדיקער זון צעקראָכן.

איצט ערשט, אַז איך בין אין ארץ־ישׂראל און מײַן נשמה פֿילט זיך זיכער מיט דער צוקונפֿט, הייב איך אָן צו פֿאַרשטיין וויפֿל שווע־רע שטיינער עס האָבן אויף מײַן האַרצן געדריקט אין גלות... איצט ערשט זע איך, וואָס פֿאַר אַ כּוח איך האָב זיך געמוזט דאָרט אָנטאָן, כּדי ניט אַרונטערגעשלעפּט צו ווערן פֿונעם יאוש...

אַ בריק פֿון שפּינוועבס און אונטן אַזאַ תּהום, און ער האָט גע־צויגן און געצויגן...

...ארץ־ישׂראל איז דער עיקר און דער צענטער. אין דער העב־רעיִשער גימנאַזיע ווערן אַלע קעגנשטאַנדן געלערנט פֿון דעם שטאַנד־פּונקט פֿון ארץ־ישׂראל. אין געאָגראַפֿיע ווערט פּאַלעסטינע אָנגענו־מען צו זײַן דאָס היימלאַנד פֿון די תּלמידים און ממילא דער מיטל־פּונקט פֿון וועלכן אַרויס אַלע אַנדערע לענדער דאַרפֿן געשטודירט ווערן.

פֿאַראַן דאָ אויך תּלמידים פֿון רוסלאַנד און פֿון אַנדערע לענדער, וועלכע זײַנען בלויז געקומען אַהער צו ענדיקן זייער קורס און זיך דערנאָך אומקערן אין זייער געבורטשטאָט. און דאָך האָט זיך בײַ זיי אויך שוין אַנטוויקלט אָט דער דאָזיקער קוק אויף ארץ־ישׂראל ווי אויף דעם נאָפּל און דעם צענטער פֿון אַלע לענדער. אַלע די אַ לענ־דער זײַנען חוץ־לאָרץ.

האָבן ניט זייערע עלטערן, לעבנדיק אין שנייִקע צפֿון־לענדער, מתפּלל געווען נאָך סוכּות אויף גשם און נאָך פּסח אויף טל, ווײַל אַזוי דאַרף מען מתפּלל זײַן אין דעם סובטראָפּישן ארץ־ישׂראל? בײַ די אַלטע איז עס געווען אַן אײַנגעחזרטע תּפֿילה און אַ בענקעניש; בײַ די יונגע איז עס אַ לעבעדיקע איבערצײַגונג און אַ מוטיקער ווילן.

איך גיי־אַרויס אויף דער גאַס און קוק זיך אַרײַן אין די אויגן

פֿון די ייִדן, וואָס גייען מיר פֿאַרבײַ. איך זע זייער גאַנג, זייער אויפֿהייבן דעם קאָפּ, זייער ריידן, זייערע באַוועגונגען, און איך שפּיר, אַז אַן ענדערונג איז אין זיי פֿאָרגעקומען. איך שפּיר אין זיי אַן עפּעס, וואָס איך האָב ניט באַמערקט אין קיין ייִדן אין קיין לאַנד אויף דער וועלט...

דאָס איז זיי געקומען מיט דעם אַוויר פֿון ארץ־ישׂראל, וואָס זיי אָטעמען אין זיך אײַן. דאָס האָבן זיי געקראָגן, ווען זייער פֿוסזויל האָט די ערד פֿון זייערע עלטערן באַרירט. אויף זייער פֿוסזויל האָט עס די דאָזיקע ערד הונדערטער און הונדערטער יאָרן געוואַרט, און ווי זיי האָבן דעם באָדן באַרירט, זײַנען פֿאַרבאָרגענע זאַפֿטן ארויסגעקוואָלן פֿון די טיפֿענישן און האָבן זיך אין זיי אַרײַנגעגאָסן, און האָבן זייערע נשמות באַפֿרוכפּערט און זייערע הערצער געשטאַרקט... האָט זיך דער רוקן אַזוי ווי מיט אַ כּישוף אויסגעגלײַכט און די אויגן האָבן אַזוי ווי דורך אַ ווונדער זיך אָנגעפֿולט מיט מוטיקייט און מיט ווערדע, און די הענט און אַלע אבֿרים זײַנען געוואָרן פֿרײַער, זיכערער...

פֿאָלק און לאַנד האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפֿן און די באַגעגעניש פֿון דעם לאַנג צעשיידטן צווילינג איז געשען אַזוי ספּאָנטאַן, אַזוי פֿול מיט לוסטיקן אימפּעט, ווי די באַגעגעניש פֿון אַ כעמישן זיווג...

דו ווײַנסט איצט, און איך האָב ביז מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק געוווינט, אין אַ לאַנד וווּ ייִדן זײַנען פֿרײַ, זייער פֿרײַ, רײַך, זײַער רײַך. מיר האָבן ביידע געזען, ווי אונדזערע ברידער האָבן זיך רחבֿותדיק צעלייגט אין דער גרעסטער שטאָט פֿון אַמעריקע, און אָנגעקוואָלן האָבן מיר, ווען מיר האָבן געזען אין די טראַמווײַען און אין די „סאָבווייס“[1] פֿון ניו־יאָרק ייִדן זיצן מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע ייִדישע צײַטונגען ווי בײַ זיך אין דער היים.

אָבער דער אויסדרוק, וואָס די אויגן האָבן אין ארץ־ישׂראל,

---

[1] אונטערערדישע באַנען אין דער שטאָט.

האָבן זיי דאָרט ניט... אין ארץ־ישׂראל האָבן די אויגן זיך לחלוטין אויפֿגעהערט אומצודרייען: וואָס וועלן לײַט זאָגן?... ס׳איז אַ ייִדיש־קייט, וואָס לעבט אויף זיך און מיט זיך, און פֿילט, אַז אַ דין וחשבון דאַרף זי קיינעם נישט אָפּגעבן אַחוץ זיך אַליין. אַ ייִדישקייט וואָס ציט־פֿונאַנדער די גלידער און גרייט זיך צו טאָן גרויסע זאַכן...

ניין, דו האָסט ניט געטראָפֿן. איך בין ניט פֿאַרבלענדט. ניט אַלע וואָס קומען אין ארץ־ישׂראל זײַנען בײַ מיר העלדן און אידעאַליסטן. אָבער דאָס איז דאָך כּלל ניט וויכטיק... אָנזעצערײַ גייט דאָך ניט איבער בירושה און אַ דור המדבר מוז זײַן.

זאָלן זיי נאָר קומען אַ סך, אַ סך. די צײַט דרעגגט [2] און מע קען זיך ניט שטעלן קלײַבן. די גוטע זײַנען אָפּט שווער אויף די פֿיס. מיר דאַרפֿן נאָר צאָל, כּמות — די איכות גייט אונדז ווייניק דעראָן [3]. פֿון מײַנעט וועגן פֿערד־גנבֿים — דעם פֿערד־גנבֿס זיידע איז אַ שיי־נער ייִד געווען און דעם פֿערד־גנבֿס זון אָדער אייניקל וועט זײַן אַ געזונטער גוטער ארץ־ישׂראלדיקער בחור...

באַגעגן איך איינעם פֿון יענע קליינע נפֿשותלעך, וועלכע זעען אין דעם ישובֿ בלויז אַ פֿעלד פֿאַר זייערע פּיצימאָנציקע אינטערעסן, וואָס שטעלן זיך אויף דעם קאַרק פֿון פֿאָלק, כּדי מע זאָל מיינען, אַז זיי זײַנען דער קאָפּ — אָדער איך טרעף זיך מיט איינעם פֿון יענע שאַכער־מאַכערס, וועלכע פֿאַרטיידיקן די ערד און מאַכן די מינע פֿון בויערס און פּיאָנערן, וואָס האָבן ציון אויף די ליפּן און דעם עגל הזהב אין די הערצער — ווערט מיר ארץ־ישׂראל ניט אויף אַ האָר ווייניקער ליב. די דאָזיקע לײַט וועלן ארץ־ישׂראל ניט פֿאַראומרײי־ניקן אָדער פֿאַרשוועכן. גיכער וועט ארץ־ישׂראל לײַטערן און רייניקן, אויב ניט זיי, איז יענע וואָס וועלן אַרויסגיין פֿון זייערע לענדן.

דאָס זײַנען די פֿאַרפֿוילטע קערנער, פֿון וועלכע עס וועלן אַרויס געזונטע, פֿולע זאַנגען.

---

[2] דריקט, איילט, טרייבט. — [3] אָן (אין זינען).

הינטער יעדן פֿון די דאָזיקע קליינע מיאוסע מענטשעלעך זע איך אַ שאָטן זיך שלײַכן. און דער שאָטן איז אַ גאַנץ פֿאַרשיידענער פֿון זיי... דאָס איז דער שאָטן פֿון איינעם וואָס וועט „אַרבן דאָס לאַנד און וווינען אויף אים".

אָט זע, בײַ אונדז זײַנען אויסגעוואַקסן „זעליגס" און „דזשיפּ דהי בלאָדס"[4], מינים, וואָס מיר האָבן קיין מאָל נישט געהאַט. אַזוי האָט אַמעריקע געלײַטערט דאָס ייִדישע פֿאָלק. פֿאַר יעדן מיליאָנער — אַ גענגסטער[5]. פֿאַר יעדן דזשאַדזש[6] אַ ווײַסע־שקלאַפֿן־הענדלער.

דאָ אין ארץ־ישׂראל פּאַסירט אָט וואָס:

אַ יונגער בחור, אַ זון פֿון רײַכע עלטערן אין אַ גרויסער שטאָט אין רוסלאַנד, איז אַרויס לתּרבות רעה. ער האָט זיך אָנגעהויבן חבֿרן מיט גאַסניונגעץ און מיט אויסוואָרפֿן ביז ער איז אַליין געוואָרן אַ גנבֿ און אַ כוליגאַן פֿון ערגסטן סאָרט. פֿאַרווילט זיך אים מיט אַ מאָל פּרובירן ארץ־ישׂראל. דאָס האַלב בעדויִנישע לעבן פֿון די שומרים אַפּעלירט צו זײַן ווילדער, אומרויִקער נאַטור. שיסן קען ער גוט און רײַטן רײַט ער ווי דער טײַוול אַליין. באָט ער זיך אָן צו דער אָרגאַניזאַציע פֿון השומר און ווערט אַרײַנגענומען.

איצט איז ער איינער פֿון די איבערגעגעבנסטע און אידעאַליסטישסטע חבֿרים פֿון דער דאָזיקער העלדישער גרופּע.

ארץ־ישׂראל האָט אים מתקן געווען...

אין ארץ־ישׂראל וועט די גאַנצע ייִדישקייט געפֿינען איר תּיקון. די פֿרייד און די ליכטיקייט פֿון תּורת משה און פֿון די נבֿיאים איז פֿאַרפֿינצטערט געוואָרן מיט שרעק און מיט בילדער פֿון טויט... פֿאַרצויגן געוואָרן מיט אַ דיקן שפּינוועבס פֿון מרה שחורה. אַזוי ווי די ייִדן האָבן אומגעוואַנדערט אין גלות, אַזוי האָט די שכינה אומגעוואָגלט, אַזוי איז דאָס ליכט און די העלקייט פֿון דעם אַמאָליקן ייִדישן לעבן פֿאַרמיאוסט געוואָרן... אַ נר תּמיד האָט געצאַנקט און אַ קליין

---

[4] בלוטזויגערס. — [5] איבערפֿאַלער. — [6] ריכטער.

ווינקעלע נעבן אָרון קודש האָט עס פֿון דעם חושך קוים אָפּגעגנבֿעט... איצט וועט עס ווערן אַ גרויסע זון. די ייִדישע זוניקייט און די ייִדי־שע פֿריידיקייט וועלן געפֿינען זייער אויסלייזונג.

דער קוואַל פֿון עצבֿות איז אָנמאַכטיקייט, דער קוואַל פֿון פֿרייד איז מאַכט. מיר וועלן איצט מעכטיק ווערן און אונדזער לעבן וועט זײַן איין פֿרייד.

...וויפֿל כּוחות וועלן אונדז צוקומען! דער גרעסטער טייל פֿלעגט דאָך אין ניוועץ גיין אויף בויען געטאָ־מויערן... אונדזערע שטאַרק־סטע האָבן געמוזט שומרים ווערן און די טויערן היטן, מע זאָל זיך צו אונדז איבער נאַכט ניט אַרײַנרײַסן אָדער איבער נאַכט זאָל זיך עמעצער פֿון אונדז ניט אַרויסגנבֿענען. אָט די אַלע כּוחות וועלן איצט בויען תּל־אָבֿיבֿס, פֿלאַנצן אָראַנזשן־גערטנער, עפֿענען ייִדישע פֿאַ־בריקן און גרינדן ייִדישע אוניווערסיטעטן...

אונדזער אַנקער וועט איצט זײַן ניט אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, נאָר אין דער צוקונפֿט... ניט מער — אין נאָמען און פֿאַר דעם כּבֿוד פֿון אונדזערע עלטערן, נאָר — אין דעם נאָמען פֿון אונדזערע קינדס־קינדער...

דו וועסט עס קיין מאָל ניט פֿאַרשטיין, ווײַל עס איז ניט געמאַכט געוואָרן צו פֿאַרשטיין. קום אַהער און עס וועט דיר מיט אַ מאָל אַלץ ווערן קלאָר און ליכטיק ווי דער אור הגנוז... נאָר איין זאַך זאָלסטו מיטברענגען: ליבשאַפֿט אָדער, לכל הפּחות, דעם ווילן צו ליבן...

האַס פֿאַרשליסט, און דו וועסט אַוועקפֿאָרן אַזוי ווי דו ביסט געקומען... אפֿשר נאָך מיט אַן אָנגעזאַמלטן פּראָצענט אויף דעם מיט־געבראַכטן קרן פֿון האַס און אומצופֿרידנקייט און פֿעלער־זוכערײַ.

און זע, נאָר איין זאַך וועל איך דיר זאָגן: עס איז איצט די גרוי־סע התחלה. מע לייגט די ערשטע שטיינער. קום, לאָמיר ווי קליינע קינדער שטיין און צוקוקן ווי מען בויט אַ הויז... דאָרט איז דאָך שוין אַלץ פֿאַרטיק אָדער כּמעט פֿאַרטיק.

דײַן...

## זונפעדעם

פעדעם אין דער זון
שימערן און שוועבן,
מאַכן מיר דערפון
ליכטיקע געוועבן...

פעדעם אין דער זון
האָבן מיר געפאַנגען
שפינען מיר דערפון
זוניקע פאַרלאַנגען...

אָנגעקומען אַ סך נײַע געסט מיט אַ מאָל אין אונדזער מלון[1].

שלום אַש איז מיט זײַן פרוי אַהער געקומען פון גליל. זיי וועלן דאָ פאַרברענגען אַ לענגערע צײַט.

דערווײַל איז היימלעכער געוואָרן אויפן האַרצן.

צוזאַמען מיט אַשן איז געקומען אַהער דער פעטערבורגער מי־ליאָנער פ... און דער אַלטער שניי האָריקער פײַנבערג, דער מחלק פון דער „מומע" יִקאַס צדקות אין רוסלאַנד.

•

אַשס צימער איז סאַמע אַקעגן מײַנעם. צווישן אונדז איז מפסיק דער לאַנגער עסצימער. האַלטן מיר נאָך אַנאַנד אין אָפּשטאַטן איי־נער דעם אַנדערן וויזיטן.

הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר.

— יבֿאָ!

קומט־אַרײַן אַש. נעם איך אים אויף מיט גרויס פּאַראַד. זעץ אים אַוועק אויף דער איינציקער שטול, וואָס מיר האָבן און טראַקטיר אים מיט באַנבאָנס, וואָס זײַנען אײַנגעוויקלט אין פּאַפּירלעך מיט הערצלס בילד. איך אַליין זיץ אָנגעלענט בהסבה אויף דעם בעט.

---

[1] האָטעל.

בלײַבט, אַז ער איז שוין גענוג געזעסן און צײַט איך זאָל אָפּ־צאָלן דעם באַזוך. גייט אַש צוריק אין זײַן צימער און אײדער ער האָט נאָך באַוויזן די טיר אין גאַנצן צוצומאַכן, קלאַפּ איך שוין אָן.

— יבֿאָ!

נעמט ער מיך אויף מיט גרויס פּאַראַד און איז מיך מכבד מיט ווײַסן לעקעך. און אַזוי גייט עס אַ גאַנצן העלן טאָג.

•

אָפּט גיי איך מיט אַשן דורך דער אַלייע פֿון מימאָזן און עקאַ־ליפּטן, קומען מיר צו דעם בערגל און פֿון דאָרט שפּאַצירן מיר אַוועק ווײַט, ווײַט, ביז צו דער ביאַרע פֿון כאַוואַדזשאַה מוסאַה. ליגט דאָס גאַנצע לאַנד אַרום ווי איין שטיק זונענשײַן. און דער וועג, אויף וועלכן מיר גייען, איז פֿון בײדע זײַטן געדיכט באַזוימט מיט פֿעלד־בלומען פֿון אַלערליי קאָלירן.

ריידן מיר פֿון אַלצדינג אין דער וועלט און מער ווי אַלצדינג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. וואַרעמט די ליכטיקע זון אַרויס פֿון אונדז באַהאַלטענע האָפֿענונגען און פּלענער, וואָס וואָלטן אין אַ וואָכעדיקער סבֿיבֿה ניט דעם מוט געהאַט זיך אַרויסצוזאָגן. ווערן אַלע חלומות אָנגעגורט מיט שמשונס גבֿורה.

מיר האָבן אַ פֿאַרטיקן פּלאַן אַרויסצוגעבן מיט אַ גרויסן פֿאַר־נעם אַלע ייִדישע קלאַסיקערס אין אַן אײנהײַטלעכער אויסגאַבע, וואָס וועט העלפֿן פֿאַרשפּרייטן די ייִדישע ליטעראַטור און וועט זײַן אַ כּבֿוד און אַ פֿרייד פֿאַר אַלע פֿרײַנד פֿון דעם ייִדישן וואָרט.

געלט? ס׳וועלן זיך געפֿינען מעצענאַטן, וואָס וועלן זיך אין דעם פּלאַן אָנכאַפּן. איבעריקנס וועלן די פֿאַרלעגערס בײַ דעם עסק ניט צולייגן. די אויסגאַבע וועט האָבן אַ ריזיקן דערפֿאָלג און די ביכער וועלן זיך פֿאַרקויפֿן ווי מצה־וואַסער.

•

אַחוץ דעם פּלאַן פֿון די ייִדישע קלאַסיקערס, וואָס מיר האָבן פֿאַר דער גלות־וועלט, האָבן מיר נאָך אַ סך אַ ראָמאַנטישערן פֿאַר ארץ־ישׂראל.

מיר ווען נעבן רחובות אָפּקויפן אַ גרויס שטיק לאַנד און גרינדן אַ קליינע קאָלאָניע פון לויטער יחידי סגולה. שריפטשטעלערס, דיכטערס, גרויסע מוזיקערס, מאָלערס און סקולפּטאָרן.

מיר זעען שוין פאָרויס ווי די דאָזיקע קאָלאָניע מיט אירע שיינע, געשמאַקפולע ווילעס וועט אויסקוקן. איטלעך הויז — אַ חלום אין ציגל און קאַלך. פאַר יעדן הויז אַ גאָרטן פון די שענסטע בלומען און פלאַנצונגען. די גאַסן — ברייטע, געפלאַסטערטע מיט גראָזן פוןביידע זייטן.

אַלצדינג וועט זיין אַ קוויקונג פאַרן אויג און אַן עסטעטישער תענוג פאַר דיכטערס און קינסטלערס.

מיר הייבן אָן אויסרעכענען וועמען מיר ווען אַריינגעמען אין דער דאָזיקער קאָלאָניע. קונדן וועלן ניט פעלן. עס וועלן נאָך זיין צו פיל. וואָסער גרויסער יידישער קינסטלער וועט ניט בויען פאַר זיך אַ ווילע אין אונדזער „קאָלאָני ד׳עליט״?

מישאַ עלמאַן, צימבאַליסט, שניצלער. ווער רעדט שוין פון די נאַציאָנאַליסטישע יידישע שריפטשטעלערס.

•

אַז מיר האָבן דערציילט פון אונדזער פלאַן דעם קאָלאָניסט ג., האָט זיך זיין כוח הדמיון צעשפּילט נאָך מער ווי ביי אונדז. אַ גרויסאַרטיקער פלאַן! אָט איז טאַקע פאַראַן אַ שטיק לאַנד ניט ווייט פון דער קאָלאָניע. עס געהערט צו אַ געוועזענעם קאָלאָניסט, וואָס איז איצטער אין ניו־יאָרק. וועט ער תיכף שרייבן צו אים. ער גלייבט, אַז מע וועט די ערד קריגן אין גלייכן געלט.

•

הייסט עס — מיט לאַנד זיינען מיר שוין פאַרזאָרגט. מיט קינסטלערס וועט זיין אַ קנאַפּע דאַגה.

אַז מיר ריידן פון דעם פלאַן, ווערט אונדז יום־טובדיק אויפן האַרצן.

פּיר האָבן מיר שוין. אַש, ניט איינס; דער זאָלאָג אהרני, ניט צוויי; דער דיכטער פּיכמאַן, ניט דרײַ; און איך, ניט פּיר.

•

פֿאַראַן אין רחובֿות אַ יונגער, קליינגעוויקסיקער, בלאָנדער אַג־ראָנאָם פֿון אַ יאָר דרײַסיק. זײַן פֿאָטער איז אַ רוסישער ייִד, וואָס האָט זיך באַזעצט אין בעלגיע און איז דאָרט געוואָרן אַ רײַכער דיי־מענט־הענדלער. ער אַליין האָט אויסגעשטודירט אַגראָנאָמיע און איז אַוועק אין בראַזיל, וווּ ער האָט פֿאַרנומען אַ פּראָפֿעסאָר־שטעל אין אַן אַגריקולטור־שול. פֿון דאָרט איז ער געקומען אַהער צו זײַן אַן אויפֿזעער איבער דער גרויסער ביאַרע, וואָס זײַן פֿאָטער צוזאַמען מיט נאָך בעלגישע ייִדן האָבן געקויפֿט אין רחובֿות.

ער באַקענט זיך מיט מיר און מיט אַשן און לאַדט אונדז ביידן אײַן אים צו באַזוכן.

ער איז נאָך אַ בחור, אָבער ער באַוווינט אַ שיין הויז מיט אַזוי פֿיל אייראָפּעיִשע קאָמפֿאָרטן, וויפֿל מע קען האָבן אין רחובֿות. ער ווײַזט אונדז זײַנע ביכער, זײַנע בילדער און אַנטיק־זאַכן. מיר אײַלן זיך ניט מיט אונדזער באַוווּנדערונג. מיר וואַרטן ביז ער איז אונדז מכבד מיט זיסע ליקערן, ערשט דאַן רימען מיר זײַן פֿײַנעם געשמאַק מיט אמת גוטן געוויסן.

ענדלעך — נעמט ער אַרויס פֿון אַ שופֿלאָד אַן עלעגאַנט אײַנ־געבונדענעם העפֿט און נעמט מיר פֿאָרלייענען זײַנע פֿראַנצייזישע לידער...

ער דעקלאַמירט אויסגעצייכנט. די פֿראַנצייזישע באָזקלאַנגען גיבן־צו זײַן דעקלאַמאַציע אַ פֿײַערלעכן טאָן... איך זע, אַז ער איז שטאַרק באַגײַסטערט פֿון זײַן פֿאָרלייענען. איך זוך מיט די אויגן אַשן, ער זאָל מיר אַרויסהעלפֿן. וואָס עפּעס איך אַליין?... זע איך, אַז אַש האָט זיך גאַנץ פֿײַן אויסגעטרונקען זײַן בענעדיקטין און זיך

אַרויסגעמאַכט אין אַ צווייטן צימער. מיך געלאָזט, הייסט עס, אין שטיך [2]. איך וועל עס אים קיין מאָל ניט פאַרגעסן...

•

דאָס איז ניט דאָס איינציקע מאָל, וואָס אַש האָט מיך געלאָזט אין שטיך.

איין מאָל שפּאַצירן מיר אַזוי צוזאַמען דורך דער קאָלאָניע. מיט אַ מאָל גייט־צו צו אונדז אַ יונגער פּועל אָנגעטאָן אין בעדויִנישע מלבושים און אידער וואָס־ווען ציט ער אַרויס פון בוזעם — אַ ליד...

ער איז אַ שומר אין אַ כּרם. ער לעבט „נאָענט" צו דער נאַטור און מיט אויסגעשטערנטע נעכט איז ער אויף „דו". איז, בכן, וויל ער הערן מבֿינות...

שווערט זיך אַש, אַז ער איז קיין מבֿין ניט. גיט זיך דער בחור אַ נעם צו מיר. דעם זעלביקן תּירוץ זאָגן פּאַסט ניט. עס ווילט זיך זײַן אָריגינעל. הייס איך אים קומען אַן אַנדער מאָל.

איז אַש געווען צו גאַסט אין רחובֿות און איז אַוועקגעפאָרן. און איך האָב דעם יִדישיסטישן בעדויִנער געהאַט דערנאָך אַ לאַנגע צײַט אויף מײַנע הענט...

•

מיר זײַנען געזעסן אַרום דעם בליצלאָמפּ פון דעם מלון קליי־וויצקי, האָבן גערעדט פון דער יִקאַ, פון אַרגענטינע און פון אַלערליי אַנדערע זאַכן. ביז מיר זײַנען געקומען צו יִדישע לידער.

זאָגט דער גרײַזגרויער פײַנבערג, ער וועט אונדז דעקלאַמירן דאָס שענסטע ליד, וואָס איז דאָ אין יִדיש. עס איז אַ לאַנג ליד, אָבער ער געדענקט עס אין גאַנצן אויף אויסנווייניק נאָך פון פופ־ציק יאָר צוריק.

האָט ער דעקלאַמירט יהודה לייב גאָרדאָנס ליד „שׂמחת תּורה". און זײַנע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי פאַר פופציק יאָר צוריק, ווען די

---

[2] הינטער זיך, איינעם אַליין.

האָר זײַנען נאָך געווען שוואַרץ ווי פּעך... מען האָט געזען, ווי דאָס האַרץ גייט דעם אַלטן אויס פֿאַר בענקשאַפֿט... דערבײַ האָבן די צוויי ווײַסע רייען פֿון אַרײַנגעשטעלטע ציינער משונה געקלאַפּט איינע אין די צווייטע...

•

דער פּלאַן פֿון אַ קאָלאָניע פֿון יחידי סגולה האָט נושׂא חן געווען אַפֿילו אין די אויגן פֿון דעם געשעפֿטסמעסיקן מיליאָנער פּ... מיר האָבן גערעדט מיט אַזאַ איבערצײַגונג און אַזאַ התפּעלות, אַז מיר האָבן אים אויך אָנגעשטעקט. פֿאַר זײַן אָפּפֿאָר האָט ער מיך געבעטן, אויב עס וועט עפּעס ממשותדיקס אַרויסקומען, זאָל איך אים לאָזן וויסן.

איך האָב אים צוגעזאָגט...

•

איינער פֿון די עולי־רגל פֿון וואַרשע האָט מיר געבראַכט פֿון מײַן שוועסטער אַ פּאַקעט מיט כּל טובֿ. דערינען איז געווען אַ גרויסע געראויכערטע צונג.

איז געבליבן בײַ מיר און אַשן, אַזוי ווי אַ צונג האָבן מיר, זאָלן מיר זיך אַליין מאַכן אַ באַנקעט, און דער באַנקעט זאָל אָפּגעהאַלטן ווערן אין אהרניס הויז.

אַרום נײַן אַ זייגער, אין אַ קילער שמעקנדיקער נאַכט, האָבן מיר אָנגעפּולט אונדזערע קעשענעס מיט גוטע זאַכן צו עסן און צו טרינקען און האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבערן בערגל צו דעם זאַאַלאָגס דירה.

די צונג איז שוין אַוועקגעשיקט געוואָרן לאַנג אַפֿריִער און אַלע געהעריקע הכנות זײַנען געמאַכט געוואָרן פֿאַר דער סעודה.

אַז מיר זײַנען געקומען, איז שוין געווען דער טיש געדעקט און די אָפּגעבראָטענע וואַרשעווער צונג האָט זיך געהנדלט מיט די צוגעברוינטע ארץ־ישׂראלדיקע בולבעס.

מיר האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום דעם וואַקלדיקן טיש, ווער אויף דער סאָפֿע, ווער אויף אַ בענקל, און האָבן קודם־כּל זיך אַרײַנ־

געלאָזט אין אַ וויכּוח מכּוח ייִדיש, ווי אונדזער שטייגער איז געווען, ווען מיר פֿלעגן זיך צוזאַמענקומען. איז געוואָרן אַ ליאַרעם און אַ געפּילדער, אַז מע האָט געקענט הערן פֿון יענער זײַט קאָלאָניע.

אַז מיר האָבן זיך שוין צעקריגט און די גרגרת איז געווען איט־לעכן טרוקן פֿון שרײַען, האָבן מיר זיך גענומען צו דער סעודה.

מיר האָבן זיך זייער פֿײַן משׂמח געווען. מער ניט, יעדעס מאָל, וואָס איך האָב גענומען אַ ביסל אין מויל, איז מײַן אויג געפֿאַלן אויף אַן אײַנגעמאַרינירטער יאַשטשערקע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ סלאָי אויף דער אַנטקעגנדיקער פּאָליצײַ — פֿלעגט מיר דער ביסן בלײַבן שטעקן צווישן די ציינער.

די געשיכטע מיט דער „אילת אהבֿים“ [3], וואָס קען ניט געפֿינען קיין ייִדישן קונה, איז מיר קיין מאָל ניט אַרויס פֿון זינען. פֿון דעם טאָג אָן ווען אַהרני האָט עס מיר צו ערשט דערציילט.

אַז דער פּעטערבורגער מיליאָנשטשיק איז געקומען אין אונדזער האָטעל, איז מיר אײַנגעפֿאַלן, אַז עס וואָלט געווען אַ יושר גמור אים צו פֿאַראינטערעסירן מיט דער דאָזיקער חיה. אולי ירחם...

אין רחובֿות האָב איך געהערט, אַז ער פֿאַרמאָגט ניט אַ קאָפּיקע ווייניקער ווי פֿופֿצן מיליאָן רובל. אַ סבֿרה, אַז מער. אין תּל־אָבֿיבֿ האָט מען געזאָגט, אַז פֿופֿצן ניט, אָבער זעקס לכל הפּחות.

קלער איך, דרײַ מיליאָן האָט ער דאָך אַוודאי, און אַזוי ווי אָפּקויפֿן די „אילת אהבֿים“ קען מען מיט אַ פֿיר־פֿינף הונדערט רובל, וועט ער דאָך אַ וואָרט ניט זאָגן און וועט גלײַך אַן עפֿן טאָן דעם בור־מאַזשניק [4]:

— אַזאַ קלייניקייט, פּאָזשאַלוסטאַ [5]...

•

האָב איך מיט אַשן אים אַריבערגעפֿירט צו אַהרנין. האָט אים דער זאָאָלאָג באַוויזן זשוקעס, בינען, פֿליגן, מײַז און פֿייגל. און מיר

---

[3] /בדרך משל/ רייצנדיקע פרוי. — [4] בייטל פּאַר פּאַפּירגעלט. —
[5] /רוסיש/ זייט אַזוי גוט!

זײַנען געשטאַנען דערבײַ און האָבן געהאַלטן אין איין כאַפּן התפּעלות...

דערווײַל צי איך אַרויס דורך אַ קונציקן קרײַצפֿאַרהער פֿון אַהרנין דעם גאַנצן סיפּור פֿון זײַן זאָאָלאָגישער טעטיקייט און פֿון דער שטיצע, וואָס ער קריגט ניט און פֿון די אומגעהײַערע שוועריקייטן אונטער וועלכע ער מוז אָנפֿירן זײַן אַרבעט און — פֿון דער „אילת אהבים“. זאָל דער גבֿיר וויסן.

שלום אַש צעהיצט זיך און שיט פּעך און שוועבל אויף דער אומדאַנקבאַרקייט פֿון דעם כּלל־ישׂראל, איך האַלט אין איין שרײַען, אַז אַן עגלה ערופֿה וועט מען דאַרפֿן ברענגען, און קוק מיט אַ ווינקל פֿון אויג אויפֿן גבֿיר...

הערנדיק אונדזערע דיבורים, דערמאָנט זיך מאַדאַם אַהרני אין זייער קלאָגעדיקן מצבֿ און שיסט־אויס מיט אַ ביטערן געוויין...

לאַנג לעבן זאָל מאַדאַם אַהרני... איר געוויין איז איצט ווי געווונטשן.

דער מיליאָנשטשיק שווײַגט, אָבער איך ווייס, אַז ער איז טיף גערירט... כּמדומה לי, אַז זײַנע אויגן זײַנען אַ קאַפּעלע פֿײַכט. די „אילת אַהבים“ איז שוין אונדזערע, און אויב איך מאַך קיין טעות ניט, וועט אַהרני האָבן אַן אייגן הויז און אַ יערלעכע סטיפּענדיע.

אָבער מיר לאָזן ניט אָפּ. עס איז נאָך געבליבן אַ סלאָי מיט אַ קליינער שלאַנג. זאָל ער דאָס אויך זען. זאָל ער זען אַהרניס גרויסקייט און געבן ביד נדיבֿה...

דער מיליאָנשטשיק האָט געטאָן אַ קוק און זײַן האַנט האָט זיך אויפֿגעהויבן...

מײַן האַרץ טוט אַ שפּרונג. דאָס גייט זי צום בוזעם־בײַטל. וויפֿל אַן ערך? אַ טויזנטער מסתּמא, און אַ צוזאָג אויף נאָך שפּעטער.

די האַנט הייבט זיך און הייבט זיך, און שטעלט זיך אָפּ קעגן — מויל...

דער מיליאָנשטשיק טוט אַ שטאַרקן גענעץ און זאָגט: —

— שוין שפּעט, צײַט שלאָפֿן...

## "יודענשטאַט"

טײַערער...

...זיי וועלן מיך פּסלען, אויב זיי וועלן זיך דערוויסן, אַז הערצלס יודנשטאַט האָב איך געלייענט צום ערשטן מאָל, ווען איך בין שוין געווען אין רחובֿות, און אויך נאָר דורך אַ צופֿאַל. אָבער ס'איז פֿאַר מיר געווען אַ גרויסער טיפֿער געגוס. די נאַיִווע געוואַגטקייט פֿון דעם בוך איז אַזאַ דערפֿרישנדיקע, אַזאַ קרעפֿטיקנדיקע. שטייט פֿאַר דיר אַ מאַן און בויט אין לופֿט און פֿון לופֿט. מיט אַזוי פֿיל ערנסט און אַזוי פֿיל זיכערקייט, אַזוי ווי ער וואָלט אין זײַנע הענט די גראַניט־שטיינער געפֿילט...

הערצל האָט ניט געהאַט די ייִדישע איבערגעשפּיצטקייט. די ייִדישע אַלץ פֿונאַנדערדרײַסנדיקע פּקחות און דאָ ליגט זײַן גרויסקייט און דער סוד פֿון זײַן פֿירערשאַפֿט. אָט די פּקחות, וואָס מיר האָבן אַנטוויקלט אין אונדזער גלות־לעבן, אַזוי ווי דער קאַקטוס זײַנע שטעכערס און דער יעזש[1] זײַנע נאָדלען און די קלאַפּערשלאַנג אירע קלאַפּערס — זיך צו שיצן און פֿאַרטיידיקן אַקעגן אַ פֿײַנטלעכער אויסנוועלט — אָט די פּקחות וועלן מיר אין ארץ־ישׂראל פֿאַרלירן. די ערד וועט אונדזער איבער־קלוגשאַפֿט אַרײַנציִען אין זיך און מיר וועלן ווערן געזינטער...

אַז הערצל איז געקומען און האָט מיט איין גרויסן מוטיקן מאַך מיט דער האַנט אַוועקגעשאַרט אין אַ זײַט אונדזער גאַנצע שׂכלדיקייט, אונדזער גאַנצע שרעקעדיקע פּקחות, האָבן מיר אין אים דערשפּירט דעם גואל און דעם באַפֿרײַער, ווײַל די שׂכלדיקייט אונדזערע האָט אונדז ווי אַ זשאַווער געגעסן און מיר האָבן זיך אַליין פֿאַראַכט, ווײַל מיר האָבן געוווּסט, אַז זי איז די פֿרוכט פֿון פּחדנות און שוואַכקייט און וועט פֿירן צו אונטערגאַנג...

---

[1] נאָדל־חיהלע.

...דער מחבר פֿון יידנשטאַט איז געווען אַ שטיק ארץ־ישׂראל מגולגל אין פֿלייש און בלוט. דער גאַנצער זאַפֿטיקער ערדגערוך פֿונעם ארץ־ישׂראלדיקן באָדן שמעקט־אַרויס פֿון צווישן זײַנע ווערטער, די גאַנצקייט און געזונטקייט, די היילנדיקע און גאַנץ מאַכנדיקע קראַפֿט פֿון דעם ארץ־ישׂראלדיקן באָדן... און דאָס גרויסע נײַע וואָרט, וואָס ער האָט אונדז געבראַכט און וואָס וועט אונדזער הילף זײַן: אַז מיר מוזן אויפֿהערן קלוג צו זײַן...

ער איז געווען אַ בויער און אַ צוזאַמענשטעלער, און וואָס ער האָט געטאָן און געשאַפֿן איז געווען מעור אחד, פֿון איין שטיק. מיר האָבן פֿאַלשע בויערס געהאַט. זיי זײַנען געווען בויערס על־פּי טעות... געשאַפֿן זײַנען זיי געוואָרן לכתּחילה כּדי צו זײַן פֿונאַנדערזונדע־רערס, אָבער דער גורל האָט זיי אויף צו להכעיס פֿאַר בויערס גע־מאַכט. האָט מען אומעטום די שפּאַלטן און די נעט געזען. ער איז געווען דער געבוירענער גאַנצמאַכער און בויער...

פֿון שׂכלדיקייט און פֿון דעם קרעמעריש־קלוגן „היתּכן?”, ווי פֿון דער בית־המדרשדיקער קשיות־פֿרעגערײַ, האָט ער ניט געוווּסט און ניט געוואָלט וויסן...

...איצט זאָלסטו פֿון מיר מער קיין מיינונג ניט פֿאַרלאַנגען. איך בין שוין פּסול־לעדות. אויב איך בין נאָך צו ארץ־ישׂראל ניט צו־געוואַקסן איז אָבער ארץ־ישׂראל שוין אַרײַנגעוואַקסן אין מיר... איך זע אָדער, ריכטיקער געזאָגט, שפּיר אַלצדינג פֿון אינעווייניק אַרויס. איך אָטעם מיט דעם. איך געדײַ דערפֿון, איך האָב עס אין מײַנע גלי־דער און שפּיר, אַז אַנדערש קען עס ניט זײַן דאָ איז די עלמא דקשוט [2]...

עס איז אַ יום־טובדיקע ארץ־ישׂראל, אַ פּאַראַדנע, אַ הידד־שרײַענדיקע, און עס איז דאָ אַ וואָכעדיקע, האָרעפּאַשנע און געזונטע ארץ־ישׂראל... די ערשטע איז פֿאַר די טוריסטן און פֿאַר די שקל־צאָלערס, וואָס קומען זען ווו זייערע שקלים גייען (איך האָב געקענט

[2] /אַראַמעיש/ עולם האמת.

איינעם, וואָס איז געקומען זען זײַן בוים אין הערצל־וואַלד); די צווייטע אַנטפּלעקט זיך ערשט צו דעם נאָענטן, צו דעם אייגענעם.

דאָס וואָס די הייליקייט איז אַראָפּ, געפֿעלט מיר. דער פּיאָנער פֿון ארץ־ישׂראל מוז זיך אויפֿהערן צו באַטראַכטן פֿאַר אַ מאַרטירער, וואָס יעדער נײַ־געקומענער מוז אים צאָלן לויב און אָנערקענונג, און מוז אויך אויפֿהערן צו זאָגן בײַ יעדן פֿלאַנצן פֿון אַ בוים „הריני מוכן ומזומן לקיים מצוות וכ׳...“

אין גאַנצן איז עס נאָך ניט געשען. מע רעדט נאָך אַלץ מער ווי מע טוט און דער גראָבער פֿינגער אַרבעט מער ווי די האַנט... און עס זײַנען אויך דאָ אַזעלכע, וואָס זײַנען ניט וואָכעדיק און ניט שבת־דיק, געוועזענע אידעאַליסטן מיט שפּורן פֿון אָפּגעבליאַקעטן אידעאַליזם נאָך שטאַרק ניכּר. זיי מאַכן דעם אײַנדרוק פֿון אַן אָפּגעריבענער אַטלאַס־זשופּיצע אָדער פֿון עפּעס זייער אַ טײַערער משקה, נאָר אַן אויסגעוועפּטע...

...באַפֿאַלט מיך אַ טונקעלער מאָמענט, דריי איך אום דעם פּסוק און זאָג: אַ ווייל לאַנד האָבן מיר, און האָט מען אַ לאַנד, וועט מען שוין האָבן די פּאַסיקע מענטשן. די ערד וועט זיי דערציִען...

...עס איז נאָך פֿרי... איצט מוז מען לעבן אויף מיטגעבראַכטן קאַפּיטאַל. און ווערט דער קאַפּיטאַל אָפּגעניצט אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן, בלײַבט מען פֿאַראָרעמט, הייבט מען גאָר אָן זיך אָפּלערנען פֿון דעם אַראַבער... אָבער איך קוק אויף אַלץ ווי אויף אַ צוזאָג און דער צוזאָג איז אַ זיכערער, אַ קוראַנטער. אַן ענגלישע באַנקנאָטע איז ניט זיכערער...

פֿלעג איך און דו זיצן אָפֿט און זאָגן: ווײ צו אונדז, וואָס מיר זײַנען געבוירן אין אַ דור פֿון שוואַכקייט. ווען דער אמת וואָלט אָפֿט גע־מיינט פֿאַרראַט... פֿלעגן מיר מקנא זײַן אונדזערע נאָכקומערס וואָס וועלן זיך קענען פֿאַרגינען דעם תּענוג פֿון זעלבסטקריטיק מיט אַ גוטן געוויסן...

דאָ לכל הפּחות וועט די מורא פֿאַרשווינדן. די רייפֿן זײַנען

שטאַרק אַרום. און וועט איין פֿאַרפֿוילטע קליעפּקע אַרויסגעוואָרפֿן ווערן, וועט קיין סכּנה פֿאַר דעם פֿאַס ניט זײַן...

אָט וועל איך דיר דערציילן וועגן אַ באַזוך, וואָס איך האָב געמאַכט:

אין אַ ווײַסער שטילער לבֿנה־נאַכט האָב איך אַריבערגעשפּאַצירט צום „קלוב הפּועלים“. אַז איך בין אַרויס פֿון דעם עקאַליפּטן־וועלדל, דורך וועלכן דער וועג פֿירט אַהין, האָב איך פֿון דער ווײַט דערזען דאָס קליינע הויז העל באַלויכטן און אַ געמיש פֿון יונגע לוסטיקע קולות, לאַכנדיק און זינגענדיק, האָט זיך צוזאַמען מיט דעם לבֿנה־ליכט צעשאָטן איבערן גאַנצן טאָל.

איך בין אַרויף אויף דעם בערגל און בין אַרײַן אין קלוב. דאָס צימער איז געווען אָנגעפֿולט מיט אַ הונגעריקן עולם. דער קאָאָפּעראַטיווער בופֿעט איז געווען באַלאַגערט און דער פֿאַרקויפֿער, אַ יונגער מאַן מיט אַ פּאָר ערנסטע מרה־שחורהדיקע אויגן האָט ניט שנעל גענוג געקענט דערלאַנגען די פֿאַרלאַנגטע נאַשוואַרגן: ברויט, טיי און אָראַנזשן. די וואָס האָבן שוין אײַנגעהאַנדלט זייער וועטשערע זײַנען געזעסן אויף לאַנגע בענק אַרום די ווענט אָדער אַרום דעם גרויסן נאַקעטן טיש און האָבן גענומען מיט אַזאַ יום־טובֿדיקער אויפֿגעראַמטקייט, ווי פֿאַר זיי וואָלטן געשטאַנען מעדני מלך.

איך האָב געפֿרעגט דעם שטילן פּועל בײַם בופֿעט, צי עס געפֿינען זיך אין בופֿעט נאָך אַנדערע מיני עסנוואַרג צו פֿאַרקויפֿן אַחוץ טיי, אָראַנזשן און ברויט.

— מיר האָבן — זאָגט ער — הערינג אויך אין זאַפּאַס. אָבער דאָס קען זיך ניט אַבי ווער פֿאַרגינען.

— און פּוטער? — פֿרעג איך ווי אַן אמתער עם־הארץ.

— וועגן פּוטער גייען־אַרום לעגענדעס...

אַ יונגער פּועל פֿון אַ יאָר נײַנצן, אַ שטאַרקער בחור, מיט וועמען איך האָב זיך באַקאַנט אַ פּאָר טעג פֿריִער, דערזעט מיך און קומט מיר דריקן די האַנט.

— גיט עפּעס אַן עצה וועגן אַפּעטיט.

— קאַליע געוואָרן? — פֿרעג איך מיט גרויס רחמנות.

— וואָס מיר קאַליע? — לאַכט ער מיט ווײַסע ציין, וואָס קענען, דאַכט זיך, צעקײַען אַ פּאָדקאָווע — ער וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג... אַמאָל איז אַ ברויטל פֿאַר פֿינף מעטעליק געווען גענוג. איצט וויל ער — מיינענדיק דעם זינדיקן אַפּעטיט — ניט אַנדערש ווי אַ ברויטל און אַ האַלב, דאָס מיינט אַ קימאַ־לן פֿון זיבן און אַ האַלב מעטעליקס. און מעטעליקס, פֿאַרשטייט איר מיך, איז בײַ אַ פּועל אין ארץ־ישׂראל אַן אײדעלע זאַך...

אַ יונג בחורל האָט בשעת מעשׂה אַראָפּגעשלונגען זײַן לעצטן ביסן און הייבט־אָן זינגען. דער עולם האַלט־אונטער און עס ווערט אַ זינגערײַ און אַ פּאַטשערײַ מיט די הענט:

ברוך אלהינו שבראנו לכבודו
ברוך אלהינו שבראנו לכבודו
אַי לכ—בו—דו...
לאַי—די—די, לאַי—דאַ—דאַ,
לאַי—די—די—דאַם—דאַם...

איך האָב געקלערט, וואָס אַן ערד וואָלט פּאַסירט, ווען איך האַק זיי פּלוצלינג איבער אין מיטן זינגען און איך לייען־פֿאַר ראָזענפֿעלדס באַוווּסט ליד:

נאָר ברויט מיט טיי און ברויט מיט טיי,
דאָס איז אַ קעסט אַז אָך און וויי...

זיי וואָלטן דאָך מיך אויף שטיקער צעריסן. דער פּועל מיטן זינדיקן אַפּעטיט וואָלט דאָך דער ערשטער געהייסן מיך אַרויס־וואַרפֿן...

וואָרעם דער ברויט מיט טיי־עסער ווייס, אַז ער איז דער בויער און דער יורש פֿון לאַנד...

אַזוי לאַנג ווי מע האָט זיך געשפּילט אין „ישוב“ און עס איז אַ לוקסוס געווען, זײַנען די פֿײַנע באַלעבאַטים גענוג געווען. אָבער

אַז דער ישובֿ איז געוואָרן די ערנסטע גרויסע זאַך פֿונעם פֿאָלק, איז געקומען די ריי צו זיי, צו די אַרבעטערס...

דער פּרדס און דער כּרם איז נאָך אַלעמען דאָך ניט קיין „סוועט־שאַפּ". דער בלויער הימל און די זון דערלייגן מיט דער פֿולער האַנט, וואָס דער „בועז" דערצאָלט ניט...

איבעריקנס האָט „בועז" אַ סך מקריבֿ געווען און אַ סך געליטן צוליב ארץ־ישׂראל, און איז צו איר צוגעטאָן מיט אַלע פֿעדעם פֿון זײַן נשמה. און די שותּפֿותדיקע ליבע צו לאַנד און פֿאָלק איז פֿיל שטאַרקער און גרעסער ווי די חשבונות וואָס מ'האָט מיט אײנאַנדער...

דײַן...

## ווינטמילן

מײַן יונגער באַקאַנטער, דער גימנאַזיסט פֿון אַכטן קלאַס, וואָס איז מײַן אינפֿאָרמאַציע־ביוראָ וועגן אַלצדינג און אַלעמען, זאָגט, אַז איך מוז דורכויס זען דעם אַלטן מיכל האַלפּערן. דאָס איז — זאָגט ער — איינער פֿון די מערקווערדיקסטע טיפּן, וואָס מע קען געפֿינען אין ארץ־ישׂראל.

זײַן אין תּל־אָבֿיבֿ און ניט זען מיכל האַלפּערן איז נאָך אַ גרע־סערע שאַנד ווי זײַן אין רוים און ניט זען דעם פּויפּס.

אַ געבירטיקער איז דער דאָזיקער האַלפּערן פֿון ווילנע. זײַן טאַ־טע איז געווען אַ פּראָצענטניק, אַ שײַלאָק, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער גאַנצער סבֿיבֿה מיט זײַן מוראדיקער קאַרגשאַפֿט. אַז דער קמצן איז געשטאָרבן, האָט ער איבערגעלאָזן אַ פֿאַרמעגן פֿון מערערע הונדערט טויזנטער רובל און אַן איינציקן יורש — זײַן זון מיכל.

און דאָ הייבט זיך אָן מיכלס בונטע און אינטערעסאַנטע קאַריערע.

קודם־כּל האָט דעם קאַרגנס זון אָנגעהויבן אַ לעב טאָן אויפֿן

גרויסן פֿוס, געפֿאָרן אויף קאַרעטעס נאַשפּיץ [1], געהאַט אַ סך משר־תים און געוווינט ווי אַ גראַף.

אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהוליעט, האָט ער גענומען פּלאַנעווען אַלערליי גרויסע אונטערנעמונגען, וועלכע ער האָט קיין מאָל ניט אויסגעפֿירט. צווישן די דאָזיקע פּלענער איז אויך געווען די אויסגאַבע פֿון אַ ריזיקער תּלמודישער ענציקלאָפּעדיע.

שפּעטער פֿאָרט ער אָפּ קיין ארץ־ישׂראל, גרינדעט אַ פֿאַבריק צוזאַמען מיט אַ שותּף און פּטרט אַ גרויסע סומע געלט אין גאָר אַ קורצער צײַט. פֿון יענער צײַט ווערט דערציילט, אַז ער אַליין האָט איין מאָל אָנגעפֿירט אַ שטרײַק פֿון די אַרבעטערס קעגן זײַן אייגענער פֿאַבריק.

פֿאַרטיק געוואָרן מיט דער פֿאַבריק, קערט ער זיך אום צוריק קיין רוסלאַנד און וואַרפֿט זיך אַרײַן מיט לײַב און זעל אין דער סאַמאָאָבאָראָנאַ [2], די ס. ס. [3] און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען.

נאָך אַ צען־צוועלף יאָר פֿאַרבענקט ער זיך ווידער קיין פּאַ־לעסטינע און פֿאָרט צום צווייטן מאָל אַהין אַוועק.

פֿון דער גאַנצער ירושה זײַנער איז אים מער גאָר ניט געבליבן און ער מוז זיך און זײַן ווײַב און קינדער דערנערן מיט דעם וואָס ער איז אַ שומר.

אָבער אַז מ׳קלײַבט נדבֿות פֿאַר די יונגע טערקן און מיכל האַל־פּערן האָט ניט קיין צעבראָכענעם קאַבאַק [4] בײַ זײַן לײַב און לעבן — טוט מיכל האַלפּערן אויס זײַנע גרויסע רוסישע שטיוול און שענקט זיי אַוועק פֿאַר דער טערקישער רעוואָלוציע, און אַליין גייט ער אַוועק באָרוועס אַהיים.

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק שרײַבט ער אַרײַן אין אַ טעגלעכער ייִדישער צײַטונג אין ניו־יאָרק „אַן אָפֿענעם בריוו“, אין וועלכן ער

---

[1] אויבן אָן. — [2] זעלבשוץ. — [3] סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן. — [4] /דאָס מינדסטע/ אַפֿילו אַ דיגיע, דאָס ביליקסטע.

אַפּעלירט צום ייִדישן פֿאָלק, פֿאַר אַ סומע פֿון פֿופֿציק מיליאָן דאָלאַר. פֿאַר דער דאָזיקער סומע גאַראַנטירט ער אַריבערצוברענגען אַ מיל־יאָן ייִדן פֿון גלות און זיי באַזעצן אין ארץ־ישׂראל.

אויב ער וועט די זאַך ניט אויספֿירן, נעמט ער אַליין אויף זיך אַ שטראָף פֿאָרויס, און זאָגט צו דעם כּלל ישׂראל, אַז ער וועט זיך שיסן.

ער שטעלט זיך איין מאָל אַוועק אין מיטן גאַס אין יפֿו מיט אַ שווערד אין דער האַנט און טוט אַ געשריי:

— מיר מוזן באַצווינגען אונדזער לאַנד, איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל, עס מוז נעמען אַ סוף!

און גלײַך אויפֿן שטעל, כּדי צו באַווײַזן, אַז ער איז גרייט צו טאָן זײַן חלק און וועט זיך ניט אָפּשטעלן פֿאַר קיין זאַך, גיט ער זיך אַליין אַ זעץ מיט דער שווערד און האַקט זיך שיִער ניט אַרונטער דעם אָרעם. דאָס האָט אים געקאָסט שיינע עטלעכע וואָכן אין שפּי־טאָל, אָבער זײַן ענטוזיאַזם האָט עס ניט אָפּגעקילט אויף אַ האָר.

הערנדיק אַזעלכע סיפּורים, בין איך געווען טשיקאַווע דעם אַלטן צו זען און האָב געבעטן מײַן גימנאַזיסט מיך מיט אים צוזאַ־מענברענגען אַזוי שנעל ווי מעגלעך.

•

אין אַ טאָג, ווען איך שטיי אָנגעשפּאַרט אויף דער שטיינערנער ווערענדע פֿון אונדזער פּענסיאָן, קומט־אַרויף אַ מאַן פֿון אַ יאָר פֿינף און פֿופֿציק, מיט ווײַסע האָר, וואָס הענגען צעפּאַטלט איבער די שול־טערן, מיט אַ ברייטער, ווײַסער באָרד און קליינע, שוואַרצע, גוט־מוטיקע אויגן וואָס שמייכלען קינדיש. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ ווײַסער לויזער בליוזע מיט אַ ברייטן לעדערנעם גאַרטל און אַ גראָבער פֿילצענער הוט.

פֿון ווײַטן האָט מען אים געקענט אָננעמען פֿאַר טאָלסטאָיען. ער דערנענטערט זיך צו מיר:

— שלום! איר זײַט אָדון יהואָש פֿון אַמעריקע?

— יאָ.

דערלאַנגט ער מיר אַ ברייטע וואַרעמע האַנט:

— איך בין מיכל האַלפּערן.

איך קווענקל זיך אים צו דערמאָנען וועגן זײַן אַרטיקל אין דער ניו־יאָרקער צײַטונג. איך קלער, ער האָט שוין אַוודאי פֿאַרגעסן און שעמט זיך מיט דעם... רייד איך האַלבע ווערטער, רונד אַרום, און האָב מורא צו קומען צו דעם עצם ענין.

אָבער ער פֿאַרשפּאָרט מיר די אַלע דיפּלאָמאַטישע קונצן. ער אַליין לאָזט זיך תּיכף אַרײַן מיט מיר אין אַ שמועס וועגן דעם דאָזיקן פּלאַן, אין וועלכן ער גלייבט איצט אַזוי פֿעסט ווי ער האָט געגלייבט דעמאָלט, ווען ער האָט זיך געווענדט צום כּלל ישׂראל מיט אַן אָפֿענעם בריוו.

דער פּלאַן איז קלאָר ווי דער טאָג: „סקאָטאָוואָדסטוואָ[5]... ייִדן דאַרפֿן זיך נעמען צו „סקאָטאָוואָדסטוואָ".

„סקאָטאָוואָדסטוואָ" פֿאָדערט כּמעט קיין געלט נישט. „סקאָטאָוואָדסטוואָ" כּפֿלט זיך אָן אַ שיעור אין אַ גאַנץ שנעלער צײַט אַזוי״ו. „סקאָטאָוואָדסטוואָ" וועט אויפֿבויען דאָס ייִדישע פֿאָלק און וועט ברענגען די גאולה. מיר מוזן ווערן בעדויִנערס.

איך זע, אַז דאָס וואָרט „סקאָטאָוואָדסטוואָ" איז בײַ אים אַ ליבלינגוואָרט.

— די „אידעאַליסטן" — היצט ער זיך פֿונאַנדער — זײַנען די איינציקע, וואָס האָבן עפּעס אויפֿגעטאָן. משה רבנו, קריסטוס, מחמד, לאַיאָלאַ — ער האָט בפֿירוש געברויכט דעם לעצטן נאָמען — זײַנען די איינציקע וואָס האָבן עפּעס אויפֿגעטאָן. די „רעאַליסטן" — לשונו ממש — האָבן קיין זאַך אויפֿן לעבן ניט אויפֿגעטאָן.

— דאָס לאַנד מוז מען באַצווינגען מיט מאַכט. מלחמה האַלטן מוז מען. בחרבי ובקשתי, אַחד העמס מרכּז רוחני פֿירט צו קיין זאַך ניט, קעמפֿן מוז מען! — און זײַנע פֿויסטן בײַלן זיך.

[5] פּיצוכט.

דערבײַ שמייכלען די גוטמוטיקע קינדישע אויגן, אַזוי ווי זיי וואָלטן זאָגן:

— הערט אים ניט! ער איז בטבֿע אַ ווייכער, מילדער מענטש...

•

ער דערציילט מיר, אַז אין דער צײַט פֿון דער ערשטער רעוואָלוציע פֿון די יונג־טערקן האָט ער צוזאַמענגעשטעלט אַ ייִדישע ראָטע [6], וואָס האָט געזאָלט איבערנעמען אויף זיך די שמירה פֿון דער שטאָט און פֿאַרנעמען דאָס פּלאַץ פֿון די סאָלדאַטן פֿון דעם יפֿור גאַרניזאָן, וועלכע האָבן געזאָלט מאַרשירן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אָבער די רעוואָלוציע האָט זיך געענדיקט איידער עס איז דערצו געקומען. געבליבן איז אים נאָר אַ בילד, אויף וועלכן ער איז פֿאָטאָגראַפֿירט צוזאַמען מיט אַנדערע טערקישע אָפֿיצירן און אונטער זײַן

"Capitain de la brigade Juive"

מײַן קאָדאַק האָט מיך גענומען רופֿען [7]:

— פֿאָטאָגראַפֿיר דעם „קאַפּיטאַן פֿון דער ייִדישער בריגאַדע!...“ — האָב איך דעם נסיון ניט געקענט בײַשטיין.

ער האָט אײַנגעוויליקט, נאָר בתּנאַי, איך זאָל דאָס בילד קיין מאָל ניט געברויכן פֿאַר אַ צײַטונג אָדער אין דער עפֿנטלעכקייט. אָבער אין די קינדישע אויגן פֿון דעם „קאַפּיטאַן“ האָט זיך געפּיעשטשעט די פֿאַרבאָרגענע האָפֿענונג, אַז איך זאָל עובֿר זײַן אויף דעם תּנאַי...

האָב איך אַרויסגעבראַכט מײַן קאָדאַק און מיר זײַנען אַרונטער פֿון דער וועראַנדע. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט ניט ווײַט פֿון הויז און די זון האָט אים תּיכּף אָפּגעגאָסן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. אָנגעצילעוועט דעם אַפּאַראַט, אַ קוק געטאָן אין דעם פּרוווּשײַבל און געזען ווי דער אַלטער שמייכלט גוטמוטיק אין זײַנע ווייכע וואָנצעס, האָב איך אַ צי געטאָן דאָס העקל און זיך אָפּגעגעבן „מזל־טובֿ“ אויף מײַן געלונגענער שטיקל אַרבעט.

---

[6] קאָמפּאַניע. — [7] ציִען בייסן, נישט לאָזן צו רו.

שפּעטער מיט טעג, ווען איך האָב דעם פּילם געלאָזט אַנטוויקלען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די השגחה האָט מער באַשיצט דעם קאַפּיטאַנס עניוות ווי ער אַליין. אַנשטאָט מיכל האַלפּערן איז אַרויסגעקומען אַ מין אָנצוהערעניש אויף אַ רוסישן העמדל מיט אַן אומבאַשטימטן פּלעק וואָס האָט געזאָלט באַדײַטן אַ קאָפּ...

•

אין פֿאַרלויף פֿון דעם געגויעם יאָר, וואָס איך האָב פֿאַרבראַכט אין ארץ־ישׂראל, האָב איך זיך באַגעגנט מיט נאָך אַנדערע מיטגלידער פֿון דאָן קישאָטס משפּחה.

איינער פֿון זיי, אַ קאָלאָניסט פֿון גדרה, אַ ייִד אין די זיבעציקער, איז געקומען אין רחובֿות אומיסטן מיך צו זען, ווײַל — זאָגט ער — ער האָט געהערט, אַז איך האָב געמאַכט איבערזעצונגען פֿון תּנך אין „זשאַרגאָן“. איז ער מיר געקומען זאָגן, אַז ער אַליין האָט מיט כּמה יאָרן צוריק געמאַכט אַן איבערזעצונג פֿון שירת האזינו.

מיר שמועסן זיך פֿונאַנדער. דערציילט ער מיר אין אָטעם, אַז ער איז אַן אייניקל פֿון דעם ש״ך [8], אַז ער האָט אַ גרויסע געמישטע ווירטשאַפֿט אין גדרה, און אַז ווי אַלט ער איז, אַרבעט ער נאָך אין פֿעלד צוזאַמען מיט זײַנע אַרבעטערס.

ער שטרעקט־אויס זײַן אָרעם און הייסט מיר פֿילן.

איך טו זײַן רצון: אײַזנשטאַרק...

שמייכלט ער:

— הרי אֲני כּבן שבֿעים שנה און, ווי איר זעט מיך, קען איך נאָך אויך איצט צעאַקערן אַ פֿעלד איינער אַליין.

האָט ער קינדער?

— יאָ, אַ זון! — און דער שמייכל פֿאַרשווינדט — ער טאָר אין דער קאָלאָניע ניט זײַן. ער געפֿינט זיך אין גליל... געווען אַ געשלעג

---

[8] שבתי כהן, 1621—1662, רב, פּוסק, דיין אין ווילנע, האָט באַשריבן כמעלניצקיס פּאָגראָמען, מחבר פֿון שפתי כהן, פּירושים אויף יורה דעה און חושן משפּט.

צווישן ייִדן און אַראַבערס... האָט זיך אַן אַראַבער אויף אים אַרויפֿגעוואָרפֿן: אַ יונג אַ גיבור איז זײַן זון, האָט ער דעם אַראַבער אַ קלאַפּ געטאָן, אַ צו שטאַרקן קלאַפּ... געמיינט בלויז צו פֿאַרבלוטיקן און אויסגעלאָזן האָט זיך אַ מאָרד...

אַראַבערס און ייִדן האָבן זיך דערנאָך אַרײַנגעלייגט אין אַ שלום. די אַראַבערס קענען דעם אַלטן. מע האָט מיט די גואלי הדם צוזאַמען אַ שעפּס געשאָכטן און דאָס פֿלייש געגעסן, אָבער ווען זײַן זון זאָל זיך באַווײַזן, קען מען דאָך ניט זיכער זײַן, עמעצער פֿון די גואלי הדם זאָל ניט וועלן אײַנמאָנען דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט...

אַרבעט בײַ אים אַן אַראַבער, איינער פֿון די גואלי הדם, איז ווען ער, דער אַלטער, איז אַ מאָל מיט אים אין פֿעלד אַליין, אויג אויף אויג, דערזעט ער ווי בײַ יענעם צינדט זיך אָן אַ פֿײַערל און ער אײַלט זיך אָפּצוטרעטן.

און אַז מיר שמועסן ווײַטער, קומען מיר צום עיקר: ער טראָגט זיך שוין פֿון יאָרן און יאָרן אַרום מיט אַ פּלאַן ווי אָנצושיטן אַ טייל פֿון דעם ים־הגדול און עס פֿאַרוואַנדלען אין יבשה...

אין זײַן צוואה האָט ער בדעה צו לאָזן דערויף אַ געוויסע סומע וואָס זאָל אַוועקגעלייגט ווערן אויף פּראָצענט, און פּראָצענט דפּראָצענט, און ווען עס וועט זיך אָנזאַמלען אַ גרויסער קאַפּיטאַל, זאָל מען זיך נעמען צו דער אַרבעט...

מײַן פֿראַגע: צו וואָס אָנפֿולן אַ טייל פֿון ים, ווען דרײַ פֿערטל פֿון דער יבשה פּוסטעוועט? וויל ער אַפֿילו גאָר ניט הערן:

— מע דאַרף האָבן וואָס מער לאַנד...

## אין אַ ביאַרע [1]

שושקען וואָרצלען צו דעם שטאַם:
טרינקען וועלן מיר אַ ים
פּרי און שפּעט און נאַכט און מאָרגן,
וואַסער־שפּע צו באַזאָרגן...
ווי אַ שפּריץ און ווי אַ טריף,
פון דער הויך און פון דער טיף,
זופּן וועלן מיר און נאַשן
און דערנאָך דעם בוים באַוואַשן,
וועט אַ ברכה זיין דערפון,
און דעם רעשט וועט טאָן די זון...

שושקעט צו דעם שטאַם אַראָפּ
פון דער הויך דער בוים: מיין קאָפּ
איז פון שטראַלן אויסגעצוואָגן,
וועל איך שיינע פּירות טראָגן —
גרויס און רונד און פריש באַטויט,
ווייִן דאָס האַרץ און גאָלד די הויט,
וועט מען זיי מיט שמחה פליקן,
וועט מען זיי אויף ימים שיקן,
איינס אין איינס געפּאַקט געדיכט,
רויטע שטיקער זונענליכט...

ס׳איז שבת אין דער פּרי. דער בית־הספר איז צוגעמאַכט און אין דער קאָלאָניע איז נאָך שטילער ווי געוויינטלעך. פון דער שול אויפן באַרג קען מען הערן ווי דער בעל־תּפילה זינגט־אויס קדושה. די שמידערײַ הינטער אונדזער הויז איז צוגעמאַכט און די טיר איז פאַרשפּאַרט מיט אַ האַלב פאַרטיקן ראָד. דער הינקעדיקער שמיד האָט זיך אויסגעפּוצט אין זײַן ווײַסער אויסגעגייטער בליוזע און לאָזט זיך מיט זײַן יונגן ווײַב אַוועק באַקוקן דעם קליינעם כּרם, אין וועלכן

[1] /אַראַביש: בי׳אַר/ ברונעם אָדערברכה (בורקע) בירקע, וואָס יעדער אָראַנזש־גאָרטן מוז האָבן פאַר באַוואַסערונג.

ער טוט־אַרײַן אַלץ וואָס ער קען אָפּשפּאָרן פֿון זײַנע קליינע פֿאַרדינסטן.

רופֿט מיך מײַן שכן כאַוואַדזשאַה מוסאַה אויף אַ שפּאַציר צו זײַן ביאַרע. מיר גייען צווישן ווײַנגערטנער. גייען־פֿאַרבײַ אַן אייקאַליפּטוס־וועלדל און לאָזן זיך איבער די פֿעלדער אַראָפּ אין טאָל.

איך זוך מײַנע ליבלינגען. די געלע מאַרגעריטקעס און ווילדע רויטע מאָנבלומען — נישטאָ מער קיין זכר פֿון זיי.

איצט איז די צײַט פֿון מער ערנסטע זאַכן ווי בלומען. די מאַנדלען צײַטיקן זיך און די טרויבן פֿולן זיך אָן מיט ווײַן — פֿלײַס און אַרבעט זאָלן זייער באַלוינונג קריגן...

•

מיר קומען צו דעם פּרדס. אויסגעצויגן אויף דער הוילער ערד נעבן זײַן הײַזל שלאָפֿט דער שומר, אַ הויכער דאַרער גורדזשי, אין אַ לאַנגן שווערן קאַפֿטאַן, מיט ליידיקע און האַלב צעריסענע געווערטעשקעלעך אויף דער ברוסט און אַ שוואַרץ באַראַנקאָוו היטעלע, כאָטש די זון ברענט ווי אַ פֿײַער. נעבן זײַנע באָרוועסע פֿיס פּינטלט מיט די אויגן אַקעגן דער זון אַ גרויער מאָגערער הונט, וואָס זעט־אויס ווי אַ שאַקאַל.

דער שומר כאַפּט זיך אויף:

— שבת שלום! (שאַבאַט שאַלאָם)

— שבת שלום!

ס'איז הייס, טראָגט ער אונדז אַרויס אַן „איבעריק״ קאַלט וואַסער צום טרינקען.

מיר גייען שטיל דורך די רייען פֿון די געדיכט באַצווײַגטע, נידעריקע אָראַנזש־ביימער. פֿון די טונקל גרינע שירעמס — פֿינקלען אין דער זון בראָנדז־פֿאַרביקע האַלב רײַפֿע מאַראַנצן... דער פֿעסטער שטאַם נעמט אַלע זײַנע כּוחות צונויף, צו טראָגן אויף זיך די שווערע לאַסט...

מוז מען אָפּט צו הילף קומען. די עשירות צו גרויס. די צווײַגן

חלשן־אַראָפּ מיט זייער טײַערער משׂא, מוז מען זיי מיט שטאַנגען אונטערלענען.

צווײַגן, בלעטער, שטאַם און פּרוכטן — אַלע זײַנען פֿאַרנומען מיט איין זאַך — וואַקסן... די וואָרצלען זויגן און ציִען־אַרײַן דאָס וואַסער, וואָס די ברכה (בירקע) שיקט זיי צו דורך אײַזערנע רערן און ווילן נאָך און נאָך...

●

מיר שפּרײַזן פֿון איין שורה צו אַ צווייטער. אומעטום די זעלביקע, געדיכטע, פֿעסט געבויטע טונקל ערנסטעביימער, פֿאַרטאָן בלויז אין איין זאַך, אָנשטרענגענדיק אַלע כּוחות אויף איין אַרבעט — וואַקסן און ברענגען וואָס מער שפֿע... גייען מיר צווישן זיי און זיי ווינקען מיט די גרינע קעפּ: —

— אָסור להפֿסיק...

כאַוואַדזשאַה מוסאַה קוקט אויף זײַנע ביימער מיט ליבשאַפֿט.

— קומט, איך וועל אײַך די התחלה ווײַזן...

●

ער גייט פֿאָרויס און איך גיי אים נאָך. מיר ריידן ניט אַ וואָרט. מע קען נאָך, חס וחלילה, די אָראַנזש־ביימער אין זייער אַרבעט שטערן...

קומען מיר צום סאַמע עק פֿון דער ביאַרע. דאָ איז די שול. דאָ האָדעווען זיך די ריטלעך פֿון זיסן ציטראָן. אַ לאַ־יוצלח איז דער זיסער ציטראָן, אָבער פֿון אים קומען די געשמאַקע, זאַפֿטיקע מאַראַנצן אַרויס...

פֿון דער שול נעמט מען דעם לאַ־יוצלחדיקן האָדעוואַניק אַרויס און מע פֿלאַנצט אים אײַן אין גוטער, רײַכער ערד, און מע פּילעוועט אים און מע פּאַסט אים אויף. און אַז ער האָט וואָרצלען געשלאָגן און איז אַ תּושבֿ געוואָרן אין זייער נײַער היים, שנײַדט מען אים די ברוסט אויף און מע שטעקט אַהין אַרײַן אַ גרעף[2] פֿון מאַ־

---

[2] וואָרצל.

ראַנצן... זייגט דער גרעף די זאַפּטן פֿון דעם טויגעניכטס און שיסט־אַרויס אַ צווײַגל... מיינט דאָס די ענד פֿון דעם זיסן ציטראָן, האַקט מען אים אָפּ, איבער דעם נײַעם מאַראַנצן־צווײַגל. וואַקסט דער יורש און געדײַט, און דער שטיפֿטאַטע איז פֿאַרגעסן...

שיסט דער ציטראָנשטאַם פֿון אונטן אַרויס ריטלעך. אַ זכרון כאָטש וויל ער. האַקט מען זיי ארונטער. אַ שאָד די זאַפּט. דער מאַראַנצן־צווײַג דאַרף יעדן טראָפּן האָבן. איינעם נאָר לאָזט מען איבער. עס איז געזונט פֿאַרן בוים. רופֿן די אַראַבערס דאָס איינציקע ריטל פֿון דעם געוועזענעם ציטראָנבוים — „חינזיר“ (חזיר).

•

פֿון דאָרטן קומען מיר צו אַ נײַ־געפֿלאַנצטן פּרדס פֿון אָראַנזשן און לעמאָנען, וואָס געהערט צו דעם ניו־יאָרקער ציוניסט ל... כאַוואַדזשאַה מוסאַה האָט פֿאַר אים די ערד געקויפֿט און די ביימער געפֿלאַנצט און איז טאַקע אַליין דער פֿאַרוואַלטער איבער דער נײַער ביאַרע.

אויב יאָ דאָס אייגנטום פֿון אַן אַמעריקאַנער, וויל איך האָבן באַקשיש [3] — אַ שטעקל פֿון לעמאָן־האָלץ. כאַוואַדזשאַה מוסאַה זאָגט מיר צו. ער שמייכלט:

—אײַערע אַמעריקאַנער האָבן מזל. דער פּרדס, וואָס איר זעט, וועט אַ מאָל זײַן איינער פֿון די בעסטע וואָס געפֿינען זיך אין רחובֿות...

•

מיר גייען־אַרויס פֿון דער ביאַרע. דער הימל בלענדט מיט זײַן בלויקייט און די לאַנדשאַפֿט איז דיק באַשנייט מיט זונענשײַן...

— איר ווייסט — רופֿט זיך אָפּ מײַן באַגלייטער — עס בענקט זיך צײַטנווײַז נאָך שניי... דער רוסישער פֿראָסט און די ווײַסע פֿעלדער קומען אָפֿט צו חלום און די נשמה גאַרט נאָך זיי... דאָ הי איז שטענדיק זומער, צו מאָל קיין רעכטער פֿרילינג ניטאָ... ניטאָ די פֿרייד פֿון פֿרילינג, אַזוי ווי עס איז ניטאָ די פֿאַרצווייפֿלונג און דער טויט פֿון ווינטער...

---

[3] לאַפּקע, שוחד, אונטערקויף־געלט.

## פון דאַנען און פון דאָרטן

ס׳האָט ניט לאַנג גענומען דעם עולם אין דער קאָלאָניע אויסצוגעפינען, אַז מיט יעדער פּאָסט קריגן מיר אַרײַן גאַנצע פּעק ייִדישע צײַטונגען פון אַמעריקע. איז מען געקומען בעטן, איך זאָל געבן צו לייענען. לכתחילה האָב איך זיך געקווענקלט. די ראָלע פון אַ מיסיאָנער פאַר ייִדיש אין ארץ־ישׂראל איז ניט געווען אין מײַן גוסט... חוץ מזה האָב איך ניט פאַרגונען דעם אַלטן פּ., מיט די גרויסע בלויע ברילן, אַז זײַן נבֿיאות זאָל מקוים ווערן. דער דאָזיקער פּ., וואָס איז מיר איבעריקנס געווען אַ גאַנץ גוטער פרײַנד, האָט אַ פּאָר חדשים נאָך מײַן אָנקומען אין רחובֿות פאָרויסגעזאָגט, אַז איך וועל פאַרייִדישן די גאַנצע מושבֿה מיט אַ שמייכל. אָט דווקא דאָס, וואָס איך רײַס זיך ניט דעם פּעלץ פאַר „ז׳רגונית” און בין כלומרשט אַ פרײַנד פון העברעיִש, האָט ער באַטראַכט פאַר די גרעסטע סכּנה...

אָבער אַז איך האָב געזען ווי די בערג מיט צײַטונגען ווערן גרעסער וואָס אַ טאָג און וואָס אין זיי אײַנצוּוויקלען איז ניטאָ, האָט מײַן שטרענגקייט גענומען נאָכלאָזן. דערצו נאָך זײַנען די, וואָס זײַנען געקומען נאָך צײַטונגען, אַזוי צוגעשטאַנען, אַז מען האָט געדאַרפט האָבן אַ האַרץ פון קיזלשטיין זיי אָפּצוזאָגן. האָב איך אָפּגעוואַשן מײַנע הענט פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. זאָל געשען וואָס ס׳וועט געשען און זאָל די עבֿירה פאַלן אויף די רעדאַקציעס, וואָס שיקן מיר זייערע צײַטונגען.

די צײַטונגען פלעגן פאַרצוקערט ווערן. מען האָט שוין אויף זיי געוואַרט מיט אומגעדולד און זיי פלעגן גיין פון האַנט צו האַנט. איניקע האָבן פאָרויס באַשטעלט, איך זאָל למען השם קיין אַנדערן ניט געבן פריִער פון זיי.

בדעבֿד האָט עס מיר הנאה געטאָן. אָט — האָב איך געקלערט — זאָלן די רחובֿותער ייִדן וויסן וואָס פאַר אַ גרויסע, שיינע ליטעראַטור מיר האָבן אין אַמעריקע אויפגעבויט.

שפּעטער, אַז מײַנע קונדן האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף

געוויסע נומערן, איז מיר אַ חשד אײַנגעפֿאַלן, און נאָך אַ קורצער אויספֿאָרשונג האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ניט־ווילנדיק און ניט־וויסנדיק האָב איך געהאָלפֿן פֿאַרשפּרייטן אין ווײַטע לענדער דעם „פֿאַרלוירענעם חתן“ — אַ ראָמאַן פֿון מאָרד און ליבע, פֿון ניו־יאָרקער לעבן“...

•

צו גלײַך מיט די ייִדישע צײַטונגען האָבן מיר אַרײַנגעקריגן ענגלישע זשורנאַלן, גענוג אויסצושטאַטן אַ קליינע ביבליאָטעק. יעדער איינער פֿון אונדזערע גוטע פֿרײַנד אין אַמעריקע, באַשר הוא שם, האָט עס געהאַלטן פֿאַר אַ חובֿ קדוש אונדז צושיקן איין אָדער מערערע וועכנטלעכע אָדער מאָנאַטלעכע זשורנאַלן. ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז יעדער פֿון זיי האָט אויסגעקליבן דעם זשורנאַל, וואָס ער אַליין האָט פֿון אים די פֿינגער געלעקט, און ער האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן אויך דערפֿון הנאה האָבן.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אונדז זײַנען אָנגעקומען זשורנאַלן איבער ספּאָרט, איבער מעדיצין, איבער שאַכשפּיל און איבער וואָס איר ווילט אַליין. אַז הומאָר און וויץ זײַנען שטאַרק פֿאַרטראָטן צווישן מײַנע פֿרײַנד אין אַמעריקע, האָט באַוויזן די גרויסע צאָל קאָמישע זשורנאַלן און וויצבלעטער, וואָס איך האָב געקראָגן.

אַ יונגער אַמעריקאַנער בחור פֿון ניו־יאָרק, אַזוי ווי אַ פֿרומער ייִד פֿאַרפֿעלט ניט תּשליך, האָט ניט פֿאַרפֿעלט יעדן חודש מיר צו שיקן אַ זשורנאַל פֿון „דעטעקטיוו סטאָריס“. אַ צווייטער האָט געהאַט אַ חזקה אויף שיקן די „פֿאָני פּיידזשעס“ (די קאָמישע אָפּטיילונגען) פֿון אַלע זונטיקדיקע ניו־יאָרקער צײַטונגען.

... צו אונדזער עמערסאָניסטישן פֿרײַנד מ. איז געקומען אַ גאַסט פֿון אַמעריקע — זײַן ברודער פֿון פּענסילווייניע. דאָס איז דער באַלעבאָס פֿונעם הויז ווו מיר וווינען, און ער איז ממילא אונדזערער אַ מחותּן.

ער באַזוכט אונדז יעדן טאָג. אַז ער קומט, גייען מיר אַרויס אין דעם נײַ געפֿלאַנצטן פּרדס, און אַז מיר קומען פֿאַרבײַ אַ בוים,

נעמט ער אָן דעם שטאַם אָדער ער בייגט־אַראָפּ אַ צווײַגל און גלעט עס מיט גרויס ליבשאַפֿט: זײַנע פֿאַרטרעטערס אין ארץ־ישׂראל. ווען ניט דאָס ווײַב, וואָס האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און זאָגט, אַז מען מוז וואַרטן ביז די קינדער וועלן דורכמאַכן סקול, וואָלט ער שוין לאַנג דאָ הי געווען מיט זײַן פֿאַמיליע.

ער שפּירט צו אונדז אַ באַזונדערע קרובֿהשאַפֿט, ווײַל מיר קענען יעדן טאָג דורך אונדזערע פֿענצטערס זען זײַנע ארץ־ישׂראל־דיקע ביימער. ער איז אונדז מקנא... אין דעם פֿאַרוואָרפֿענעם שטעטל אין פּענסילווייניע צווישן גויִים, ציט אים דאָס האַרץ צו די דאָזיקע ביימער און ער ציילט די טעג און די וואָכן, ביז די קינדער וועלן ענדיקן „סקול".

שוין דאָס צווייטע מאָל, וואָס ער קומט באַקוקן זײַן אייגנטום אין ארץ־ישׂראל. אַז ער קערט זיך אום פֿון זײַן נסיעה און הייבט ווידער אָן זײַן וואָכעדיק לעבן, לעבט ער אין דעם זכות פֿון די טעג, וואָס ער האָט פֿאַרבראַכט אין פּאַלעסטינע, ביז די בענקעניש איז ווידער גובֿר און ער פֿאָרט ווידער זיך אָנשעפּן מיט ארץ־ישׂראל...

אַ גרויס געשעפֿט האָט ער אויפֿגעבויט אין דעם שטעטל ווו ער וווינט. אַ חשובֿ איז ער צווישן דער גויִישער באַפֿעלקערונג, און פֿון אַנטיסעמיטיזם ווייס מען דאָרט בכלל ניט. ער אָבער פֿילט זיך דאָרט פֿרעמד און פֿרעמדער פֿון טאָג צו טאָג...

•

ער דערציילט מיר, ווי נאָך פֿון קינדווײַז אָן איז ארץ־ישׂראל געווען דער מיטלפּונקט און דער מאַגנעט פֿון אַלע זײַנע געדאַנקען. שפּעטער, אַז דער גורל האָט אים געבראַכט קיין אַמעריקע, האָט זיך דאָס געפֿיל פֿאַרשטאַרקט. אין די ערשטע יאָרן איז ער געווען אַ פּעדלער [1], און אַז ער פֿלעגט פֿאָרן אין זײַן וועגל פֿון איין דאָרף אין צווייטן, פֿלעגט ער אָפּלאָזן די לייצעס, לאָזן דעם פֿערד לאַנגזאַם בראָדזשען אין דעם ווייכן קויט און ער אַליין פֿלעגט פֿאַרזינקען אין פֿינצטערע מחשבֿות... ער איז געווען אַ ציגײַנער אָן אַ היים און אָן אַ

[1] גאַסנהענדלער.

לאַנד... איז זײַן אויג געפֿאַלן אויף די שטיקער בלאָטע, וואָס האָבן זיך צוגעקלעפּט צו די שפּאַקן [2] פֿון די רעדער, און ער האָט געזאָגט צו זיך: אָט זיץ איך און האָב געלט אין קעשענע, וואָס איז מײַנס, און סחורה אויפֿן וואָגן, וואָס איז מײַנע, און דער וואָגן איז מײַנער, און די רעדער זײַנען מײַנע, אָבער דאָס שטיקל ערד, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו דעם ראָד, איז ניט מײַנס. דאָס איז פֿרעמדע ערד, מיט וועלכער איך געהער זיך גאָר ניט אָן.

און אָט דער בוים, וואָס איך האָב ניט געפֿלאַנצט און ניט גע־וועזן צו מאָל דערבײַ, ווען ער איז געפֿלאַנצט געוואָרן, ער איז מײַ־נער אַן אייגענער, און די ערד איז מיר אַ נאָענטע און רעדט מיר צום האַרצן...

•

הײַנטיקס מאָל איז מיט אים מיטגעקומען איינער פֿון זײַנע גויִשע אָנגעשטעלטע אין דעם מעבל־געשעפֿט, אַ מ״ר קונס, וואָס אים האָט זיך שטאַרק פֿאַרגלוסט צו זען „דהי האָלי לענד״ [3]. אַ הויכער, שטאַר־קער יונג מיט שטרוי העלע האָר און גרויסע האַמעטנע הענט, וואָס רעדט זייער ווייניק און איז קיין מאָל אין זײַן לעבן ווײַטער ווי קיין פּיטסבורג ניט געפֿאָרן. געגוג צו טאָן אַ קוק אויף אים, צו זען, אַז אים איז דער יום־טובֿ שטאַרק נמאס געוואָרן און אַז אים בענקט זיך נאָך דער „פֿאָרניטשור־סטאָר״ [4]...

מ. איז אַ קליינער און אַן אויסגעמאָגערטער, און גרייכט זײַן באַגלייטער ניט העכער ווי ביז דער וועסט־קעשענע, אָבער דער הויכער קונס האַלט זיך בײַ מ...ן ווי אַ קראַנק קינד בײַ דער מאַמעס פֿאַרטעך. ער האָט אים מורא אָפּצולאָזן אויף אַ טריט. אָן אים פֿילט ער זיך ווי אַ פֿאַרלוירענער.

זײַן גאַנץ קומען אַהער איז קענטיק אַ מקח טעות און מ. פֿאַר־שילט זיך דאָס לעבן, וואָס ער האָט אים מיטגענומען. אין „דזשע־רוזאַלעם״, ווו די „לאַנדסלײַט״ זײַנען געפֿאָרן צוזאַמען און האָבן

---

[2] פלעקלעך. — [3] /ענגליש/ דאָס הייליקע לאַנד. — [4] מעבל־געשעפט.

פֿאַרבראַכט אַ פּאָר טעג, איז געווען גענוג פֿאַרביידן. אין רחובֿות איז אויף דעם גוי אַ גאַנץ רחמנות. ראשית, זעט עס לחלוטין ניט אויס ווי „דהי האָלי לענד" און, צווייטנס, איז אים פּשוט לאַנגווײַליק.

אין דעם האָטעל, וווּ מ. האָט אים אײַנגעקוואַרטירט פֿאַר דער צײַט, וואָס ער וועט בלײַבן אין דער קאָלאָניע, פֿאַרשטייט מען ניט אַ וואָרט ענגליש. קיין גרויסער בעל־דברן, ווי געזאָגט, איז דער גוי ניט. און עס וואָלט רעכט געווען בײַ אים אָן ריידן אויך. קומט אָבער צום עסן, ווערט ער אויסגעריסן.

אַ קרבן פֿון נײַעם ישובֿ...

•

אַז מ. האָט אים דאָס ערשטע מאָל געבראַכט צו פֿירן אין אונדזער הויז, האָט ער אָפּגעלעבט. ער איז געוואָרן ריידעוודיק און האָט פֿון זײַן ריידן הנאה געהאַט, אַזוי ווי מען האָט הנאה קײַענדיק אַ געשמאַק עסן, וואָס מען האָט שוין לאַנג ניט געקראָגן צו פֿאַרזוכן.

מיר האָבן אים אָנגעבאָטן אַלערליי צײַטונגען און זשורנאַלן צו לייענען. אָבער לייענען איז קענטיק קיין מאָל ניט געווען מ"ר קונס' שוואַכקייט, האָט ער זיי געבלעטערט פֿון יוצא וועגן און געוואַרט, מיר זאָלן זיך אָפּקערן, כּדי ער זאָל זיך קענען גוט אויסגעזעצן. האָט מײַן קליינע טאָכטער אים צוגעטראָגן אַ פּאַק מיט „פּאָני פּייפּערס" פֿון חדשים צוריק און דער גוי האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די „קאַצעניאַמער קידס" מיט אַ שׂמחה, אַזוי ווי ער וואָלט געפֿונען זײַנעם אַ פֿאַרלוירענעם ברודער. די נאָזלעכער האָבן זיך צעשפּרייט, די אויגן האָבן געשײַנט און ער האָט אָפּגעלעבט...

•

נעכטן אָוונט בין איך מיט אַ באַקאַנטן געגאַנגען הערן קינות זאָגן.

אַן עלטערער ייִד איז געזעסן נעבן עמוד אויף דער ערד. האָט זיך שטאַרק געשאָקלט און געזאָגט „איכה". אַרום אים איז געשטאַנען אַ הויפֿן ייִנגלעך און זיך צוגעהערט פֿון נײַגעריקייט וועגן... די ווײַ־

סע זקנים פֿון דער קאָלאָניע זײַנען געזעסן אויף דער ערד און האָבן ווי פֿון יוצא וועגן, נאָכגעזאָגט דעם חזן מיט דעם סקאַרבאָוון אומעטיקן ניגון... קיין געוויין אָדער קרעכץ האָט זיך פֿון קיינעם נישט געהערט. די ייִנגערע קאָלאָניסטן זײַנען געשטאַנען אין רעדלעך אויף דער ברייטער וועראַנדע פֿון דער שול און האָבן געפּלוידערט וועגן אַלערליי זאַכן אָדער שטילערהייט צוגעקוקט ווי די לבֿנה קומט־אָן פֿון יבֿנה און באַשימערט די גערטנער און פּרדסים אַרום דער קאָלאָניע...

ווערט מסתּמא קומען אַ צײַט, ווען דער נײַנטער טאָג פֿון אָבֿ וועט זײַן אַ גרויסער יום־טובֿ און ייִדישע טעכטער וועלן טאַנצן אין די ווײַנגערטנער און זיך חנדלען מיט ייִדישע בחורים...

דערווײַל איז דער איבערגאַנג... די קינות האָבן זייער גלות־חן פֿאַרלוירן און דאָס נײַע ליד ווערט ערשט געשאַפֿן. דער גרויער בין־השמשות פֿון ערבֿ־צוקונפֿט...

•

זײַנען מיר אַוועק צו די תּימנים. מיר האָבן באַזוכט דרײַ פֿאַרשיידענע מנינים. אין אַלע האָט זיך געשפּירט דער אמתער אָנגעווייטיקטער תּשעה באָבֿ. דער גאַנצער עולם האָט געזאָגט איכה מיט אַ וויינענדיקן ניגון, און אַ סך האָבן טרערן פֿאַרגאָסן...

דרויסן, אַרום די טירן און די פֿענצטערס פֿון די שולכלעך, זײַנען געזעסן תּימנישע ווײַבער... איינע האָט ביטער געשליוכצט. איין גאָט ווייס, צי איבער דעם חורבן אָדער ווײַל דער מאַן האָט זי אויסגעביטן אויף אַ ייִנגערע...

•

צוריקגייענדיק האָבן מיר געזען אַ הויפֿן תּימנים גיין שטיל און האַסטיק פֿאַרבײַ דעם אָליוון־וועלדל.

דאָס איז געווען אַ לוויה פֿון אַ קליין קינד. איינער האָט געטראָגן דעם קליינטשינקן בר־מינן אײַנגעוויקלט אין תּכריכים אויף די הענט.

די איבעריקע האָבן געטראָגן ברעטלעך, אַ גראָבאײַזן און אַנדערע קברנישע כּלי מכשירין.

זיי האָבן אונדז אַריבערגעיאָגט און זײַנען לויפֿנדיק אַוועק אין דער ריכטונג פֿון דעם בית־עולם. הינטער זיי זײַנען נאָכגעלאָפֿן זייערע משונה לאַנגע שאָטנס...

## שרעקן

אַ שטיין צו אַ שטיין, אַ ציגל אויף אַ ציגל,
וווּ ווונדערשיין געשטיגן איז דער מויער
ווי פעלדזנשטאַרק דער גלויבן פון די בויערס! —
האָט מיט אַ מאָל אַן אומגליקפולער פליגל
געפלאַטערט שוואַרץ אויף אונדזער קלאָרן הימל,
און שלאַף איז אונדזער האַנט אַראָפּגעפאַלן,
און אויסגעטריקנט אַלע גלויבנקוואַלן,
און טיף אין האַרצן האָט אַ וויסט געווימל
פון בייזע שלאַנגען שאַרף געגומען נאָגן:
אין קראַך פון פעלקער און אין פאַל פון קרוינען,
ווער וועט די נעסט פון אונדזער חלום שוינען?
און נאָך דער נאַכט — פאַר אונדז ווי וועט עס טאָגן?...

די שווערע פּלאָגן פֿון דער מלחמה אין אייראָפּע לאָזן זיך פֿילן אַלץ מער און מער, און די לאַגע ווערט וואָס אַ טאָג אַלץ געדריקטער און ערנסטער. אַ גאַנץ יאָר האָט מען געהאָפֿט אויף די מאַנדלען, פֿאַר וועלכע מצרים איז תּמיד געווען אַ נאָענטער און באַקוועמער מאַרק. אַלע יאָר אַרום דער צײַט פֿלעגן קומען די עגיפּטישע קונים און פֿלעגן די סחורה אויסכאַפּן פֿון די הענט. צוליב דעם פֿינאַנציעלן קריזיס, וואָס איז אַרײַנגעטראָטן אין מצרים מיט דעם אויסבראָך פֿון קריג, קען מען זיך אויף קיין קונים פֿון דאָרט ניט ריכטן.

אָזוי ווי אומיסטן צו רייצן זיך מיט די קאָלאָניסטן, האָבן די

מאַנדלען זיך אײַנגעגעבן הײַיאָר מער ווי אַלע מאָל. ליגן זיי איצט אין די גרויסע זעק און ווערן וואָס אַ טאָג אַלץ טריקענער און ליכ־טיקער און צו גלײַך אָפּגעצערטער אין געוויכט... און די געזיכטער פֿון די קאָלאָניסטן ווערן וואָס אַ טאָג געקנייטשטער און פֿינצטערער.

עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער דוחק אין געלט, און ווו צו באָרגן איז ניטאָ. פֿון דער „אַנגלאָ־פּאַלעסטינאַ באַנק", וואָס איז תּמיד געווען די אויסהעלפֿערין אין אַן עת־צרה, קען מען ניט קריגן געבאָרגט אַ פּרוטה. די קליינע סומע, וואָס די באַנק האָט פֿון אָנהייב אויסגעצאָלט יעדע וואָך אויף דעפּאָזיטן, האָט זי איצטער אויך אויפֿגעהערט צו צאָלן אין גאָלד. אַלע צאָלונגען מאַכט זי איצט אין טשעקן. די טשעקן זײַנען אויסגעמאַכט אויף רונדע סומעס: צען פֿראַנק, צוואַנציק פֿראַנק אאַז"וו. און אַז עס קומט עפּעס צו קויפֿן און מע דאַרף קריגן רעשט, וויל דער פֿאַרקויפֿער נישט „ליגן די לעבעדיקע אויף די טויטע" — נעמען פּאַפּירן און געבן צוריק מינץ. פֿאַלן די טשעקן וואָס אַ טאָג אַלץ נידעריקער אין קורס.

•

אין רחובֿות אַזוי ווי אין ירושלים, יפֿו און אַלע אַנדערע יידישע קאָלאָניעס צירקולירן איצט אַלערליי פּאַפּירענע קליינגעלט אַרויס־געלאָזט פֿון דעם ועד המושבֿה [1], פֿון דער אַגודת נטעים [2] אָדער גאָר פֿון יחידים. צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג זײַנען זיי קוראַנט און זעלטן ווען, אַז עמעצער זאָל האָבן די חוצפּה זיי ניט צו נעמען. אַ צרה איז נאָר מיט די אַראַבערס. זיי ווילן פֿון די נײַ געבאַקענע „בומאַזשקעס" [3] ניט וויסן, און פֿאַרלאַנגען מע זאָל זיי באַצאָלן פֿאַר די פּראָדוקטן, וואָס זיי ברענגען אין דער קאָלאָניע, מיט קלינגענ־דיקע מטבעות.

זײַנען די ווײַבער פֿון דער קאָלאָניע זיך צוזאַמענגעקומען און האָבן געזאָגט, אויב שוין יאָ אָוועקגעבן די אַראַבערס דעם לעצטן

---

[1] מוניציפּאַליטעט פֿון ישוב. — [2] געזעלשאַפֿט פֿון פֿלאַנצערס. — [3] פּאַ־פּירגעלט.

מעטעליק, זאָל מען כאָטש זען, אַז זיי זאָלן די פּראָדוקטן ניט פֿאַר־טײַערן אַזוי ווי זיי טוען די לעצטע צײַט.

איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז קיין אַראַבער טאָר ניט אויף להבא אַרומגיין פֿון הויף צו הויף פֿאַרקויפֿן זײַנע פּראָדוקטן. אַלע מוזן קו־מען אויפֿן מאַרק, ווו די שומרים וועלן אויפֿפּאַסן, אַז די מקחים זאָלן ניט זײַן העכער ווי אַ באַשטימטע טאַקסע.

דער באָיקאָט האָט זיך געענדיקט מיט אַ מיאוסן דורכפֿאַל. די אַראַבערס, זיך דערוויסנדיק פֿון דער נײַער גזירה, האָבן אין גאַנצן אויפֿגעהערט צו קומען אין דער קאָלאָניע. מע האָט קוים מיט צרות געפּועלט, זיי זאָלן זיך לאָזן איבערבעטן אויף די אַלטע פּרײַזן...

ערשט איצט ווײַזט זיך אַרויס, ווי ווײַט די קאָלאָניע, וואָס פֿאַר־זאָרגט גלאַסגאָ און אָדעס מיט אָראַנזשן, איז אַליין אָפּהענגיק פֿון די אַרומיקע אַראַבישע דערפֿער אין די נויטווענדיקסטע לעבנסמיטלען ווי ירקות, אייער אאַז״וו.

•

צו אונדז פֿלעגט קומען אַלע פּאָר טעג דער בלינדער איבראַ־הים מיט זײַן קליינעם אייניקל פֿאַרקויפֿן אייער. מיר זײַנען געווען בײַ אים אָנגעלייגטע קונדן און גרויסע בטוחים. אָפֿט פֿלעגט אַוועק־גיין אַ וואָך אָדער צוויי איידער ער פֿלעגט קומען זײַן חוב אײַנמאָנען.

איצטער, אַז ער האָט טאַפּנדיק אויסגעציילט די אייער און מע זאָגט אים „מאַ פֿיש איל־יאָם מאַסאַרי[4], שאַרט ער תיכף צונויף אין זײַן קויש אַרײַן און נעמט דאָס אייניקל, און שפּרײַזט־אַוועק אָן אַ „זײַט געזונט“.

מוז מען דאָס ביסל מזומן, וואָס מע קריגט־אַרײַן, האַלטן אָנגע־גרייט פֿאַר די אַראַבערס.

•

די פֿאַרבינדונג מיט דער דרויסנוועלט איז אין גאַנצן אָפּגעריסן. בלויז די פּאָסט קומט נאָך אַרײַן. און דאָס אויך נאָר זעלטן. דאָס

---

[4] /אַראַביש/ נישטאָ היינט קיין געלט.

ביסל נײַס פֿון דער מלחמה, וואָס דערגרייכט צו אונדז, האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען דער טעגלעכער „החרות“, וואָס ווערט מיט אַ טאָג פֿריִער געדרוקט אין ירושלים און וואָס מע זאָגט אויף איר, אַז אירע „טעלעגראַמעס“ דרוקן זיך איבער פֿון „הצפֿירה“. די רעדאַקציע אַליין האָט זיך נאָך ניט אַרויפֿגעאַרבעט אויף אַ מדרגה צו קענען אויסשרײַבן די וואַרשעווער צײַטונג — הענגט זי אָפּ פֿון דעם חסד פֿון אַ באַקאַנטן, וואָס איז אַן אַבאָנענט.

אַזוי שנעל ווי די „החרות“ קומט־אָן, צערײַסט מען איר פֿון די הענט און בײַ דעם איצטיקן הונגער נאָך נײַס, קלעקט עס בלויז אויף איין צאָן.

קיין סחורה פֿון אויסלאַנד קומט ניט אָן. ווײַסע מעל, צוקער, פּעטראָל און אַ הונדערט אַנדערע לעבנס־באַדערפֿענישן הייבן־אָן אויסצופֿעלן, און דער פּרײַז האַלט אין איין שפּרינגען אַרויפֿצו.

יעדער איינער זוכט זיך צו פֿאַרזאָרגן מיט פּראָוויאַנט. מע קויפֿט־אײַן פֿיל מע קען און מע באַהאַלט עס אויף שפּעטער. איינער זוכט דעם אַנדערן צו פֿאַרכאַפּן.

די מורא פֿאַר אַ הונגער שרעקט אַלעמען...

•

אַזוי שנעל ווי די נאַכט פֿאַלט־צו, ווערט די קאָלאָניע פֿאַרטרונקען אין שטאָק פֿינצטערניש. זעלטן ווער עס קען זיך פֿאַרגינען דעם טײַערן לוקסוס פֿון ברענען אַ לאָמפּ...

שטייט מען אין רעדלעך אין דער פֿינצטער און מע שמועסט אָבער וועגן מלחמה און ווידער וועגן מלחמה...

די אמתע נויטלײַדנדיקע זײַנען די, וואָס לעבן פֿון האַנט צו מויל. פּועלים גייען־אַרום אָן אַרבעט אין דער קאָלאָניע, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס אין די פּרדסים פֿאָדערט זיך איצט דווקא אַ סך אַרבעט. ניטאָ קיין געלט צו באַצאָלן, דינגט מען ניט קיין פּועלים.

אויף די געזיכטער פֿון אייניקע יונגע לײַט זעען זיך אָן די סימנים פֿון הונגער...

צו אונדזער שכן קומט אַ מיידל פֿון אַ יאָר אַכצן, אַן אינטעליגענט מיידל, קענטיק, פֿון באַלעבאַטישן שטאַנד, און בעט, מע זאָל איר געבן עפּעס צו טאָן. איר קימערט ניט וואָס פֿאַר אַן אַרבעט. איר פּנים איז געל און זי האַלט ביים חלשן. שטעלט זיך אַרויס, אַז דאָס מיידל האָט שוין מערערע טעג ניט געגעסן...

•

אַ סך קאָלאָניסטן, וואָס זיינען אָטאָמאַנישע אונטערטאַנען, זיינען גערופֿן געוואָרן צום מיליטער־דינסט, צווישן זיי אויך דער זאָאָלאָג אַהרני. די גערופֿענע איז געשטעלט געוואָרן די ברירה: אָדער גיין דינען, אָדער זיך אויסלייזן מיט פֿופֿציק טערקישע נאַפּאָלעאָנס.

ניט צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג און ניט אַפֿילו צווישן די קריסטלעכע אַראַבערס איז פֿאַראַן אַ חשק זיך אָנצושליסן אין דער אַרמיי פֿון דעם סולטאַן, ווו דער סאָלדאַט מוז לעבן אונטער אַזעלכע שלעכטע און עקלהאַפֿטע באַדינגונגען, אַז אַפֿילו דער האַלב־חיהשער שמוציקער מוסלימישער פֿעלאַך זוכט זיך פֿון זיי אַרויסצומאַכן. דער לעצטער וועט זיך אָפֿט אַליין אַ מום מאַכן אַבי זיך אַרויסצודרייען פֿון טערקישער זעלנעריי.

איבעריקנס האָט מען געקענט זען בחוש, ווי די רעגירונג אַליין איז ניט אַזוי אויסן דאָס דינען ווי די פֿופֿציק נאַפּאָלעאָן אויסלייזגעלט. אַזוי ווי תּמיד, איז איצט אויך אין דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע אין פֿולער קראַפֿט דער אַלטער גוטער קאָד נאַפּאָלעאָן.

פֿיל פֿון די וואָס האָבן זיך געמעלדעט און דערקלערט גרייט צו גיין דינען, האָט מען כּלומרשט צוגענומען און אָפּגעשיקט קיין גזה; פֿון דאָרט אָבער האָט מען זיי צוריקגעשיקט אַהיים...

•

פֿופֿציק נאַפּאָלעאָנס איז אַ שלל מיט געלט אין פּאַלעסטינע, אַפֿילו אין די בעסטע צייטן. איצט איז עס אַ ריזיקע סומע. דערצו נאָך פֿאַרלאַנגט די רעגירונג די סומע ניט אַנדערש ווי אין גאָלד. דער טערמין איז אַ קורצער, אָקערט מען מיט דער נאָז די ערד, און

פֿרײַנד און באַקאַנטע שאַרן דאָס לעצטע צוזאַמען, און מע שאַפֿט דאָס אויסלייזגעלט.

די תּימנים זײַנען איצט נגידים: איינער אַ קאָלאָניסט האָט געבאָרגט פֿון זײַן תּימנישן דינסטמיידל פֿערציק נאַפּאָלעאָנס.

•

אַחוץ סאָלדאַטן פֿאָדערט די רעגירונג פֿון די קאָלאָניסטן אַלע ווײַלע תּבֿואה, שאָף אאַז״וו. האָט ניט די קאָלאָניע די פֿאַרלאַנגטע תּבֿואה אָדער שאָף, מוז זי באַצאָלן זייער ווערט אין גאָלד. מוז מען ווידער זוכן פֿון אונטער דער ערד נאַפּאָלעאָנס און צושטעלן אין דעם באַשטימטן טאָג.

אויסער געלט פֿאָדערט די רעגירונג וועגן און פֿערד פֿאַר סוחראַ[5]. אין מיטן נאַכט ווערט אַ טרעוואָגע און טערקישע מיליטער־לײַט קומען און עפּענען־אויף די שטאַלן און פֿירן־אַוועק די בעסטע פֿערד קיין יפֿו... גייען־אַוועק טעג און טעג, און ווען מע הייסט ווידער קומען אָפּנעמען די פֿערד, געפֿינט מען זיי אויסגעמוטשעטע און אויסגעהונגערטע, און מע קען זיי צו קיין אַרבעט ניט געברויכן. און אַזוי שנעל ווי מע האָט זיי אָפּגעפֿיטערט און אָפּגעכאָוועט, קומען פֿון דאָס נײַ די מיליטער־לײַט און נעמען זיי ווידער צו.

דורך דעם מאַנגל פֿון פֿערד און וועגן איז די וואָגדאַזש[6]־אַרבעט פֿאַרקריפּלט געוואָרן. ר׳ יוסף האָט מורא זיך אַרויסצורירן פֿון זײַן דיליזשאַנס פֿון רחובֿות, מע זאָל אים דעם געשפּאַן ניט אָפּנעמען און, אַז ער ריזיקירט שוין יאָ אַ נסיעה, טוט ער עס אויף סקעלעטן, וואָס האָבן בלויז געגוג הויט די ריפּן צוזאַמענצוהאַלטן. און נאָך אַלעמען האַלט ער דעם גאַנצן וועג אין איין ציטערן...

•

אַ סך אַראַבישע רעקרוטן זײַנען צוגענומען געוואָרן. אייניקע דערפֿער זײַנען אין גאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן פֿון יונגע לײַט און געבליבן זײַנען בלויז אַלטע לײַט און ווײַבער.

---

[5] צוואַנגאַרבעט. — [6] פערדצוכט.

אויף דעם סמך פֿון דער גרויסער צאָל רעקרוטן, וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט אָדער צוליב פּאָליטישע ווינטן, וואָס האָבן פֿון ערגעץ ווו אָנגעהויבן בלאָזן, האָבן זיך די אַראַבערס אָנגעהויבן פֿילן תּקיפֿים.

העצבלעטער זײַנען פֿאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אַראַבערס אין די דערפֿער. די האַלטונג פֿון די אַראַבערס צו ייִדן ווערט אַלץ פֿרעכער און בייזער, און עס הייבן זיך אָן הערן אַזעלכע אויסדרוקן ווי „באַלד וועט קומען די צײַט זיך מיט די יאַהוד אָפּצורעכענען"...

די אַלטע מאַדאַם אײַזנבערג, וואָס האָט צוזאַמען מיט איר מאַן דורכגעמאַכט די סאַמע ערשטע פּיאָנערטעג אין ראשון לציון און פֿלעגט אין די גוטע אַלטע יאָרן זיך שטעלן שלאָגן איינע אַליין מיט אַן אַראַבער, דערציילט אַז אַן אַראַבער האָט איר געזאָגט:

— וואַרט, וואַרט! עס וועט קומען קורבאַן באַיראַם[7], וועלן מיר אײַך אַלעמען ווי די שעפּסן אויסשעכטן.

איבעריקנס האָבן די דערבײַיִקע אַראַבערס, וואָס קומען אין דער קאָלאָניע מיט דער נאַטירלעכער קנאה פֿון הונגעריקער פֿוילקייט צו פֿלײַס און מזל־ברכה, שוין לאַנג צוריק געמאַכט אַ חלוקה פֿון רחובֿות... איטלעכער האָט שוין אָנגעצייכנט בײַ זיך אין די געדאַנקען דאָס הויז פֿון דעם כאַוואַדזשאַה, וואָס ער וועט פֿאַר זיך צונעמען...

•

עס הענגט אין דער לופֿט אַן אַנגסט... מע שרעקט זיך פֿאַר אַלצדינג. אַ טאַבור[8] סאָלדאַטן איז פֿאַרבײַגעגאַנגען די קאָלאָניע, האָט די קאָלאָניע דורכגעלעבט שעהען פֿון ציטערניש...

אַ סבֿרה, אַז די רעגירונג וויל אין דער קאָלאָניע אַרײַנזעצן טערקישע סאָלדאַטן, אַנשטאָט די ייִדישע שומרים.

•

[7] אַראַבישער פּירעך. — [8] מחנה.

אונדזער שכן, דער הינקעדיקער שמיד, איז געקומען בעטן בײַ אונדז אַ הלוואה.

אַ פּיסטאָלעט האָט ער אַ גוטן, וויל ער אײַנקויפֿן אַ זאַפּאַס פֿון פּאַטראָנעס [9] און זײַן גרייט...

דערמאָן איך זיך, אַז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָב איך אין מײַן צימער פּלוצעם געהערט אַ שיסערײַ. אַז איך בין אַרויסגעלאָפֿן אין הויף, האָב איך געזען ווי דער דאָזיקער שכן מײַנער שיסט אַ קאַץ. זי האָט זיך אײַנגעגנאַדיעט אין זײַן קאַטוך [10] און עסט אים די קליינע הינדעלעך אויף, האָט ער זי פֿאַראורטיילט צום טויט דורך שיסן. די פֿאַראורטיילונג איז אָבער געווען פֿיל גרינגער ווי די אויספֿירונג פֿון דער טויטשטראָף. וואָרעם אַז איך בין אַרויס מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער אַ צווייטן מאָל אויפֿן הויף, האָב איך אים געטראָפֿן נאָך אַלץ שיסנדיק די זעלביקע קאַץ. ניט געווען קיין צו גרויסער רגיל [11] אין הלכות שיסן...

פֿאַרגייט אָבער די לוסט צו לאַכן, ווען איך גער־אויס, אַז זײַן צעבראָכענע פּוס האָט צו פֿאַרדאַנקען אַ פּאָגראָם אין רוסלאַנד...

•

מײַנע באַקאַנטע און שכנים ראָטן מיר, איך זאָל אָפּפֿאָרן.

— מילא, מיר מוזן דאָ זײַן, אָבער איר... צו וואָס זאָלט איר זיך פּלאָגן אומזיסט?...

פֿיל איך זייער עצה אַזוי ווי אַ ביטערן פֿאָרוווּרף. הייסט עס, אַז איך בין נאָך אַלץ קיין תּושבֿ ניט אין ארץ־ישׂראל...

•

דער אַלטער פּיאָנער ח., איינער פֿון די אַמאָליקע ביל״וצעס, איצט אַ גרויער קאָלאָניסט, איז געקומען אומיסטן צוליב מיר פֿון גדרה. אַ בשותּפֿותדיקער פֿרײַנד אונדזערער פֿון אַמעריקע האָט אים געשריבן ער זאָל למען השם מיך זען און פֿרעגן אויב איך דאַרף ניט קיין געלט. איז ער עס געקומען אויספֿירן די שליחות.

---

[9] קוילן. — [10] אַן ענג ווינקל, ווי פֿאַר הינער. — [11] דערפֿאַרן, פּראַקטיש.

— און פֿון וואַנען האָט איר געלט איצט?

— כ׳וועל פֿאַר אײַך באָרגן! — זאָגט דער גוטער אַלטער און די ארץ־ישׂראלדיקע זון שײַנט־אַרויס פֿון זײַנע יונגע שוואַרצע אויגן.

באַדאַנק איך אים פֿאַר דער גוטער כּוונה און זאָג אים, אַז מע וועט זיך שוין באַגיין ווי עס איז, ביז אונדז וועט אָנקומען.

פֿאַרדריסט אים פֿאַר וואָס איך זאָג אים אָפּ.

מיר טרינקען טיי און דער אַלטער, פֿריש און לעבעדיק ווי אין זײַנע יונגע ביל״ו־יאָרן, דערציילט מיר פֿון אַמאָל און פֿון איצט. זײַן פּנים גייט שנעל איבער פֿון מרה־שחורה אין פֿריילעכקייט... דער שטאַרקער גלויבן ראַנגלט זיך מיט פֿאַרבאָרגענע יסורים. און אַז מיר זעגענען זיך, לאָזט ער אַראָפּ די שטימע, אַזוי ווי ער וואָלט זיך שעמען דאָס אַרויסצורײדן:

— מיר האָבן געוואָלט אַ היים פֿאַר אונדזערע קינדער בויען און האָבן צו מאָל אַ היים פֿאַר זיך אַליין נאָך ניט געמאַכט...

*

## תל־אָביב

עס רוישן אין דער נאַכט די כוואַליעס,
זיץ איך אַליין בײַם ברעג און הער,
מיר דאַכט זיך, פֿון מיליאָנען קוואַלן
קומט־אָן אַן אַלט געזאַנג אַהער.

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסן,
פֿאַר וואָס די טרערן מײַנע פֿליסן,
און ס'האַרץ איז פֿול און שווער.

דער הימל גיסט אַ ווײַסן רעגן
פֿון שטערן גרויס און וווּנדערהעל,
געשטאַלטן נידערן און פֿרעגן:
—ווי גייט? מיר וואַרטן אויף באַפֿעל...

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסן,
פֿאַר וואָס די טרערן מײַנע פֿליסן,
און ס'האַרץ קלאַפּט ווילד און שנעל.

מאַראַנצן שפּרייטן כּישוף־דופֿטן
צום שטומען שפּיל פֿון שטערנשײַן,
אַ גרויסער טרוים הענגט אין דער לופֿטן
און מישט זיך אין דעם דופֿט אַרײַן...

איך ווייס ניט און איך וויל ניט וויסן,
פֿאַר וואָס די טרערן מײַנע פֿליסן,
און ס'האַרץ פֿאַרגייט פֿון פּײַן.

1915

אָן אַ שיעור געשטאַלטן,
אָן אַ צאָל גילגולים,
נעמט עס אָן און בײַט זיך;
ווי אַ שנור אַ שוואַרצע,
ווי אַ שלאַנג אַ בייזע,
קריכט עס דורך די צײַטן;
ווי אַ שטילער יאָמער
וויינט עס דורך די דורות:

ניט דערזופּט דעם בעכער,
ניט דערגרייכט דעם באַרגשפּיץ,
ניט דערבויט דעם טורעם,
ניט דערטרוימט דעם חלום...

## אויפֿן טורעם

פֿון זײַן עלפֿנביין געלעגער
הייבט זיך אויף בײַ נאַכט דער קיניג,
אָן באַגלייטערס, אָן אַ היטער,
גייט ער צו דעם אַלטן מויער,
קלעטערט ער צום העכסטן טורעם...
איז אַ פֿענצטער דאָרט פֿאַראַנען,
קען מען זען פֿון אים דעם גרויען,

טויטן שייַן פֿון ים המלח —
זעצט זיך דאָרט אַוועק דער מלך...

פֿלעכט דער שימער פֿון לבֿנה
ווייַסע קרענץ אויף זייַנע שלייפֿן.
גליִען פֿייַכט די גרויסע אויגן,
רייַבט ער לייַכט דעם שם המפֿורש
פֿון דעם זיגל אויף זייַן פֿינגער,
זאָגט ער שטיל געהיימע ווערטער —
בליצט דער רינג מיט גרינע שטראַלן...
גיט אַ ציטער אין דער לופֿטן,
ווערט אַ דרייען און אַווירבלען,
ווערט אַ פֿייַפֿן און אַ קלאַפּן,
קומען סאַפּענדיק פֿון אימפּעט,
שדים אָן אַ צאָל צו לויפֿן,
פֿון די אַרבע פּינות עולם...

ווער פֿון אייַזבערג און פֿון שנייען,
אויפֿן ווייַטן ים הקרח;
ווער פֿון היילן אין די פֿעלדזן,
אויף די וויסטע הרי־חושך;
ווער פֿון זודיקע געזעמדן,
אין סאַהאַראַס וויסטענישן;
ווער פֿון קאָכיקן סמבטיון,
ווער פֿון וועלדער און פֿון זומפּן,
ווער פֿון ים־אוקינוס גרונטן...

שטעלן זיי זיך אויס אין רייען,
בוקן זיך פֿאַרן קיניג:
— האַר פֿון זיגל, וואָס באַפֿעלסטו?
— האַר פֿון רינג, וואָס איז דייַן ווילן?

זאָגט צו זיי דער קיניג שלמה:
—בויט מיר אויף אַ ווונדער־בנין,
וואָס זאָל קוויקן מײַנע אויגן,
שטעלט מיר אויף אַ כּישוף־פּאַלאַץ,
ווו מײַן טראָן אַוועקצושטעלן...
קומט דער קילער הויך פֿון מאָרגן,
לעשט ער אויס דעם לעצטן שטערן —
זאָל דער בנין זײַן געענדיקט...

אויסגערעדט — און שוין אין שײַטן
ליגן דעם לבֿנונס ריזן,
פֿון מצרים ווײַסע שטיינער,
פֿון לאַנד אופֿיר גאָלד און גרודעס [1],
און בורשטין פֿון ווײַטע ימים —
אַלצדינג אָנגעגרייט צום בויען...

גיט אַ ווונק דער קיניג שלמה,
גיט דער אַשמדאי אַ צייכן,
הייבן זיך מיליאָנען אָרעמס,
האַקן האָלץ און זעגן ברעטער,
צינדן פֿײַערס, מאַכן פֿורעמס,
גיסן גאָלד פֿון הייסע פֿאַנען,
לייגן שטיינער, שטעלן זײַלן,
בויען ווענט און שפּרייטן דעכער...

זיצט און לאַכט דער קיניג שלמה,
זעט ער הענט זיך פֿלײַסיק רירן,
הערט ער פֿלאַמען פֿריילעך שיפּן,
הערט ער האַמערס לוסטיק קלאַפּן,

---

[1] קופּעס, שטיקער.

שטײַגט דער בנין העכער, העכער,
ווערט זײַן האַרץ אַלץ שטאָלצער, שטאָלצער...

זיצט און לאַכט דער קיניג שלמה,
פֿון זײַן הויכן טורעם־פֿענצטער,
שטייט און טראַכט דער שדים־קיניג
קוקנדיק אַרויף צום פֿענצטער:
— פֿריִער, שפּעטער, שטאָלצער שלמה,
וועט דײַן רינג מײַן פֿינגער צירן,
וועל איך אויף דײַן טראָן רעגירן,
וועל איך אין דײַן פּאַלאַץ וווינען,
וועל איך קושן זאַט די לײַבער
פֿון די שיינע ווײַבער דײַנע...

## דער בלומען־פּאַלאַץ

אָן אַ גרונט דעם כּוס פֿון ליבע —
טרינקט פֿון אים דער יונגער שלמה,
טרינקט און קען זײַן דאָרשט ניט לעשן...
אָן אַ צאָל די רונדע היפֿטן,
ווײַסע בריסט און שוואַרצע אויגן,
און דער קיניג לעכצט נאָך אַלע...

איז פֿאַראַן אַן אַלטער גאָרטן,
רונד אַרום פֿאַרצאַמט מיט פּאַלמען,
דריקן זיך די צווײַגן דאָרטן,
איינער תּאווהדיק צום צווייטן...
שדכנט זיך דער הייסער ריח,
פֿון צעפֿלאַמטע רויזנקעפּלעך,

צו דעם דופּט פֿון ליליען־הערצער...
גליט אין שאָטן די נאַסטורציע,
רייצן צונטער רויטע מאָנען,
בײַסט די בין פֿאַרליבט די טולפּן,
רוישן שיכּור די פּאָנטאַנען,
שווימען שוואַנען אומבאַטרונקען
אין אַ טאַנץ פֿון זונען־שטראַלן...

שטייט אַ גרויסער שלאָס אין מיטן,
בליִען דאָרטן טויזנט בלומען,
אויפֿגעזוכט פֿון אַלע לענדער,
גליִען דאָרטן טויזנט ווײַבער,
קיניג שלמהס האַרץ צו פֿרייען...

אויגן — פֿרישע קאָרן־בלומען,
לײַבער מילך און צעפּ פֿון זונליכט...
ברוינע רונד געטאָקטע גלידער,
קופּערפֿעסט און קופּער־פֿאַרביק...
ווייכע, שלאַנקע טיגער־לײַבער,
אָרעמס — לאַנגע ווײַסע שלאַנגען...
יונגע אַביסיניער נימפֿן,
זודיק בלוט און קרויזע לאָקן...
שוואַרצע, טוי באַהויכטע טרויבן,
הינטער לאַנגע זײַדן־ברעמען...
פֿעדער־לײַכטע מכשפֿות,
לאַכנדיק דורך מאַנדל־אויגן —
אַלע פֿאַרבן, אַלע חנען,
האַרן אויפֿן יונגן קיניג...
רופֿט מען אָן דעם שלאָס אין גאָרטן:
„קיניג שלמהס בלומען־פּאַלאַץ״.

קיינער קען אַהין ניט קומען,
טיר און טויער צוגעריגלט,
אַלע שליסלען האָט אַמינאַ,
קיניג שלמהס אָם די אַלטע —
בלויז אַמינאַן טרויט דער קיניג...

*

פֿון באַגינען ביז אין אָוונט,
אויף זײַן טראָן פֿון זיבן טרעפּן,
זיצט דער גרויסער הערשער שלמה...
רעכטס פֿון אים אויף גינגאָלד־שטולן,
זיצן טויזנט גרויע זקנים,
לינקס פֿון אים, אויף זילבער־שטולן,
זיצן טויזנט קליינע שדים...
קומען מענטשן, קומען חיות,
קומען פֿויגלען פֿון מרחקים,
קלאָגט זיך יעדער אויף זײַן לשון,
הערט ער צו מיט שאַרפֿן שׂכל
משפּט ער מיט שטרענגער חכמה...

איז דער מידער טאָג געענדיקט,
איז די רויטע זון פֿאַרגאַנגען,
פֿון זײַן טראָן פֿון זיבן טרעפּן,
שטײַגט־אַראָפּ דער יונגער הערשער,
גייט ער אין די אָוונט־שאָטנס,
דורך געדיכט באַצווײַגטע שטעגן.
קומט ער צו אַ קליינעם טויער,
קלאַפּט ער איין מאָל און קלאַפּט צוויי מאָל,
קומט אַמינאַ מיט די שליסלען.
גייט־אַרײַן דער יונגער שלמה,

אין דעם בלומען־פּאַלאַץ זײַנעם.
וויל ער ניט דעם שם המפורש
אויף זײַן זיגלבריוו פֿאַרשווּעכן,
טוט ער אויס און גיט אַמינאָן,
בלײַבט אַמינאָ אָפּצוהיטן
טרײַ דעם רינג און טרײַ דעם טויער...

*

טראָגט זיך דורכן שטילן גאָרטן,
קיניג שלמהס פֿולע שטימע —
אין אַ פֿלעכט פֿון האַרפֿן־קלאַנגען,
הערט זיך שלמהס לוסטיק זינגען:

„איך האָב צו מײַן גאָרטן גענידערט,
די פּאַרטיקע רויזן צו פֿליקן,
איך בין צו מײַן ווײַנשטאָק געקומען,
די זאַפֿטיקע טרויבן צו דריקן..."

„כ'וועל באַלזאַם און מירע [2] מיר קלײַבן,
און שמעקן לבֿנון־גערוכן,
כ'וועל טרינקען פֿון מילכן און ווײַנען,
און גאָלדענעם האָניק פֿאַרזוכן..."

ווערט דעם קיניגס קול אַנטשוויגן,
קלינגט אַ רינג פֿון פֿרויען־שטימען,
גיסט ער גלוטיק זיך פֿונאַנדער:

„איך הער ווי עס קלאַפּט מײַן געליבטער,
זײַן שטימע פֿאַלט זיס אויף מײַן אויער:

---

[2] קרייטעכצער.

מײַן קאָפּ איז אין נאַכטטוי געבאָרן,
קום עפּן, מײַן טויב, מיר דעם טויער...
אַרײַן איז צו מיר מײַן געליבטער,
פֿאַרשיכּורט פֿון ווילדע געלוסטן,
אַזוי ווי אַ בינטל נאַרציסן,
געשלומערט [3] מיר צווישן די ברוסטן..."

„קומט, קוויקט מיך מיט שטאַרקע געטראַנקען,
און מינטערט מיך אויף מיט געזאַנגען,
איך בין אויף דער ברוסט פֿון געליבטן,
פֿון ליבע און ווייטיק פֿאַרגאַנגען..."

*

נעמט אַ סוף די נאַכט פֿון תּענוג,
הייבן־אָן אַרויסצוקריכן
קעפּ פֿון פֿאַלמען אין דער גרויקייט,
פּיפּסט אַן אָפּגעהאַקטער צוויטשער
פֿון אַ נעסט אין די ציפּרעסן —
קומט־אַרויס דער יונגער הערשער...
שטייט אַמינאַ בײַ דעם טויער,
גיט זי אים דעם ווונדער־זיגל...

*

זוכט דער אַשמדאי תּחבולות,
שלמהס יאָך פֿון זיך צו וואַרפֿן,
שלמהס רינג פֿון אים צו גנבֿען.
פֿאָרשט און שפּיאָנט דער שדים־קיניג,
האָט נקמה הונדערט אויגן,

[3] דרימלען.

איז ער גיך דעם סוד דערגאַנגען:
פון דעם טויערל אין פּאַלאַץ,
פֿון דעם מלכּס שטילן קלאַפּן,
פֿון אַמינאַ מיט די שליסלען,
היטנדיק דעם רינג בײַם טויער —
אָבער שטאַרק דער שם המפֿורש,
שטאַרק די מאַכט פֿון קיניג שלמה...

## דזשאַראַדאַ

זײַנען אַלע שדים שקלאַפֿן
טאָג ווי נאַכט פֿאַר קיניג שלמה,
זײַנען אַלע ווינטן שפּיאָנען —
פֿרי און שפּעט פֿאַר אים שטאַפֿעטן...

קומט אַ מאָל דער ווינט פֿון מזרח,
שושקעט ער אין שלמהס אויער:
— כ׳קום פֿון ים און פֿון יבשה,
כ׳קום פֿון עקן וועלט צו ווייען,
כ׳בין געוועזן אויף אַן אינדזל,
הינטער זיבן בלויע ימים...
שימערט ער פֿון לויטער גרינקייט,
שטייט ער צווישן הויכע פֿעלדזן,
קאָכן טיפֿע קעסלגריבער,
רונד אַרום די הויכע פֿעלדזן...
קען קיין אַנקער דאָרט ניט האַלטן,
קען קיין שיף אַהין ניט גרייכן,
קיניגט דאָרט אַ יונגע מלכּה,

אויף אַ טראָן פֿון פּערלמוטער,
איז צו איר ניטאָ קיין גלײַכן...
דעקט זי אויף אַ ווינקל־שלייער,
ווערט די העלע זון פֿאַרטונקלט.
וואַנדערט זי אַרום אין גאָרטן,
זינגען זיסער אַלע פֿויגלען,
פֿאַלן פֿון דיביימער קווייטן
אירע פֿיס צו קענען קושן...
ווערן הייזעריק די אינדן
שרײַענדיק אַרום דעם אינדזל:
שיינע קיניגין דזשאַראַדאַ,
פּערל פֿון די בלויע ימים...

*

ווײַכט די פֿרייד פֿון שלמהס האַרצן,
מײַדט די רו זײַן נאַכט־געלעגער,
אויף דער וואָר און אין זײַן חלום,
הערט ער ווי די אינדן רוישן:
שיינע קיניגין דזשאַראַדאַ,
פּערל פֿון די בלויע ימים...
שטײַגט ער אויפֿן טראָן באַגינען,
שווימט אַ נעפּל פֿאַר די אויגן,
הייבט זיך אויף דער גאָלד׳נער אָדלער,
טוט ער אָן די קרוין אויף שלמהן,
שטייען־אויף די גאָלד׳נע לייבן
און דערלאַנגען אים דעם צעפּטער —
ווייס ניט שלמה וואָס זיי טוען.
שלייערט זײַן געזיכט אַ וואָלקן,
שווימט אַ נעפּל פֿאַר די אויגן,
דורכן נעפּל אויף די וועלן,

שווימט אַ טראָן פֿון פּערלמוטער,
וויגט זיך אויפֿן טראָן דזשאַראַדאַ...

ברענגט דער אָוונט טענץ און לידער,
שטאַרט דער קיניג אויף די כאָרן,
גלאָצט ער אויף די ווענט פֿון פּאַלאַץ...
נענטערט זיך אַ גרינע וויספּע,
שפּראָצן פֿון די קאַלטע דילן
הויכע ווײַס באַדעקטע ביימער,
שנייען קווייטן פֿון די ביימער
אויף דער קיניגין דזשאַראַדאַ...

*

לאָזט זײַן חייל רופֿן שלמה,
טייל פֿון מענטשן, טייל פֿון שדים,
טייל פֿון חיות איז דער חייל...
הייסט ער זיי אין וועג זיך גרייטן,
קלײַבט זיך אויף אַ גרויסע מחנה —
הונדערט מײַל אויף הונדערט מײַלן...
שפּרייטן זיי פֿאַר קיניג שלמהן
פֿון אַ מײַל די גרייס אַ טעפּעך,
אויסגעוועבט פֿון רויטע זײַדן,
אויסגעשטיקט מיט גאָלד און דימענט —
פֿון די גײַסטער אַ מתּנה...
רײַבט דעם זיגל קיניג שלמה,
קומט דער שטאַרקערווירבל-שטורעם,
הייבט ער אים און זײַנע מחנות
ווי אַ פֿעדער אין דער לופֿטן...
רײַבט דעם זיגל שלמה ווידער,
קומט דער לינדער ווינט און פֿרעגט אים:

— ווּ געלוסט זיך דיר צו רײַזן?
זאָגט צו אים דער קיניג שלמה:
— טראָג מיך גרינג דורך ווײַטע לענדער,
פֿיר מיך פֿלינק צום גרינעם אינדזל...

טראָגט דער לינדער ווינט די מחנה,
איבער בערג און איבער טאָלן,
איבער אַלע בלויע ימים...
וויגט זיך ניט דאָס מינדסטע גרעזל,
קרײַזט זיך ניט אַ וואַסער־בלעזל,
ווּ עס גייט דער ווינט אַריבער...

הענגט אַ וואָלקן אַ געדיכטער
אויף די הונדערט מײַלן־מחנה,
פֿליט ער מיטן ווינט צוזאַמען...
איז דער וואָלקן לויטער פֿויגלען.
אײַנגעגנורעט איינס אין צווייטן —
לאָזן זיי אַ שטראַל ניט דורכגיין,
קילן זיי די הייסע לופֿטן...
יאָגט געשווינד דער ווינט דער לינדער —
איז אַ שעה נאָך ניט פֿאַרגאַנגען,
שטייט דער מלך שוין באַכישופֿט,
פֿאַר דער דופּטיקער דזשאַראַדאַ...

זאָגט דער מלך צו דזשאַראַדאַן:
—טויזנט בלומען אין מײַן פּאַלאַץ
זײַנען גרייט מײַן האַרץ צו פֿרייען,
ווּנדערשיין איז יעדע איינע,
פֿון איר לאַנד און שטאַם די שענסטע,
ווּעסטו זײַן די קרוין פֿון אַלע,
וועט דזשאַראַדאַ זײַן די מלכּה
איבער טויזנט קיניגינען...

רויטלט זיך די אינדזל־מלכּה,
ווי אין אָוונט גלאַנצט אַ פּערל,
ענטפֿערט זי דעם קיניג שלמה:
— איך וועל גיין אין פּאַלאַץ דײַנעם,
איין באַדינג נאָר וויל איך האָבן —
זאָלסט פֿון גאָלד מײַן אָפּגאָט שמידן,
זאָלסט אים בײַ מײַן בעט מיר שטעלן,
וועל איך רויכערן אים ווײַרויך,
וועט ער זײַן געגנאָד מיר שענקען,
וועט ער פֿון דײַן גאָט מיך שיצן...
זאָגט איר צו דער קיניג שלמה —
בליצט פֿון כּעס דער שם המפֿורש
פֿון דעם זיגל אויף זײַן פֿינגער...

*

פֿירט־אַוועק דער שטאָלצער מלך
אויפֿן לינדן ווינט דזשאַראַדאַן
ברענגט ער זי אין פּאַלאַץ זײַנעם,
קיניגט זי אויף אַלע ווײַבער —
שלמהס פֿרייד פֿון אַלע פֿריידן...

שיקט דער קיניג רופֿן מײַסטערס,
הייסט ער זיי אַ גאָלדנעץ שמידן,
לאָזט ער אויף דער גאָלדנעץ הענגען
שנורן פּערל און בריליאַנטן...
אויסגעליידיקט אוצרות גאַנצע,
נאָר דזשאַראַדאַס האַרץ צו פֿאַנגען,
נאָר צו זען די קליינע ציינער,
ווען די ליפּן אירע שמייכלען —
שאָלן שניי באַזוימט מיט רויזן...

*

רויכערט קיניגין דזשאַראַדאַ
יעדן טאָג איר אָפּגאָט וויַרויך,
קריַיזלען זיך אַרויס פֿון פּאַלאַץ
יעדער טאָג די בלויע שלענגלעך...

*

זוכט דער אַשמדאי תּחבולות,
שלמהס יאָך פֿון זיך צו וואַרפֿן,
שלמהס רינג פֿון אים צו גנבֿען
נישטערט ער אַרום דעם פּאַלאַץ,
שמעקט זיַין נאָז דעם געצן־וויַרויך,
פֿלאַמען־אויף די אויגן זיַינע —
איצטער איז די שעה געקומען...

*

זויגט נאָך זאַפֿט פֿון רויטע ליפּן,
דריקט זיך נאָך צו הייסע גלידער,
יונגער שלמה אין זיַין פּאַלאַץ —
און דער אַשמדאי בײַם טויער,
אָנגעטאָן אין שלמהס קליידער,
אָנגעקליידט אין שלמהס פּנים,
שטייט און רופֿט מיט שלמהס שטימע:
— גיב מיר אָפּ דעם רינג, אַמינאַ...

## אַשמדאי

טראָגט בײַ טאָג דער שדים־קיניג,
טראָגט די דימענטקרוין פֿון שלמהן,
טראָגט זיַין מאַנטל און זיַין פּנים...

לײַכט דער רינג אים אויפֿן פֿינגער,
קומען מענטשן, קומען חיות,
קומען פֿויגלען פֿון מרחקים,
קלאָגט זיך יעדער אויף זײַן לשון —
לאַכט דער אַשמדאי אין האַרצן...

גייט בײַ נאַכט דער שדים־קיניג
צו דעם פּאַלאַץ פֿון די בלומען,
קומט ער צו דעם קליינעם טויער,
שפּרײַזט ער דורך די שמאָלע שטעגן,
קלאַפּט ער איין מאָל און קלאַפּט צוויי מאָל —
שלמהס אויסזען, שלמהס שליסלען,
עפֿנט זי דעם שדים־קיניג...

*

גייט בײַ טאָג דער קיניג שלמה
אין די מערק און אין די גאַסן,
ווילד צעלאָזט די האָר די שיינע,
וויסט פֿאַרגלײַזט די אויגן זײַנע,
הינטער אים אַ מחנה קינדער,
ברומט און בילט, און פֿײַפֿט, און מיאַוקעט,
שפּאָט אים נאָך אויף הונדערט שטימען:
— איך בין שלמה! איך בין שלמה!...

קריכט בײַ נאַכט דער קיניג שלמה
אין די שאָטנס פֿון דעם גאָרטן,
זעט ער ווי פֿון פּאַלאַץ־פֿענצטער
פֿאַלט דאָס ליכט אין ווײַסע שטעגן...
הערט ער זינגען און געלעכטער,
קען ער יעדע שטים דערקענען,
קען ער יעדן טרעל באַזונדער,

וועלכער שענער האַלדז אים צוויטשערט...
ווייס ער — זײַנע ווײַבער זינגען
און עס קײַכט דער שדים־קיניג...

הערט ער האַרפֿנשפּיל און טאַנצן,
ווייס ער ווועמענס דינע פֿינגער
טריפֿן בשׂמים אויף די סטרונעס,
קען ער אין די טריט דערקענען,
וועמענס ראָזע פֿיס זיך גליטשן
אויף די גלאַטע מירמלשטיינער...
ווייס ער — זײַנע ווײַבער נאַקעט
פֿלעכטן ווילדע קאַראַהאָדן
רונד אַרום דעם שדים־קיניג...

שלײַכט־אַרום דער קיניג שלמה,
שלענג אין האַרצן, סם אין מוח,
קלײַבט ער אויס דאָס ווײַטסטע ווינקל,
פֿאַלט ער אויפֿגעקנוילט אַנידער,
אין די קילע לאַנגע גראָזן...
ברענען אין די צווײַגן אויבן
רונדע אויגן פֿון אַ סאָווע,
פֿליט אַ פֿלעדערמויז אַריבער,
רירט אים אָן איר קאַלטער פֿליגל...

שליוכצט אין גראָז פֿאַרגראָבן, שלמה,
שפּינט זיך פֿון דעם טונקלען הימל,
ערגעץ פֿון אַ ווײַטן שטערן,
ביז צו אים אַראָפּ אַ פֿאָדעם...
נעמט דעם פֿאָדעם קיניג שלמה,
וועבט ער אויס דערפֿון תּכריכים,
פֿאַר זײַן יוגנט און זײַן ליבע,
פֿאַר זײַן שטאָלץ און פֿאַר זײַן קנאה...

טויכט־אַרויס אַ קול פֿון ערגעץ,
הילכט ער פֿראָסטיק, קלינגט ער רויק:
צײַט פֿאַר קושן, צײַט פֿאַר שיידן,
גלײַך די וואָג פֿאַר לוסט און ליידן,
וויפֿל פֿרייד אַזוי פֿיל טרערן...

זונען קומען, זונען גייען,
הין־און־הער די ווינטן ווייען,
מוז דער קרײַז זיך ווידער קערן...

יאָגן טײַכן, ציִען שטראָמען
צו דעם ים און זײַנע תּהומען
און דער ים — קאָן פֿול ניט ווערן...

1915

# זוך איך אין מזרח און אין מערב...

## הין און הער

איין שטערן האָט גערעדט צום צווייטן
און צווישן זיי געווען איז די ערד,
איז מיר אַ וואָרט פֿאַרבײַגעפֿלויגן,
האָב איך דאָס וואָרט געהערט...

איין שטערן איז אַוועק אין מזרח,
דער צווייטער פֿליט אין מערבֿ־רוים,
זוך איך אין מזרח און אין מערבֿ
דעם פֿאָטער פֿון מײַן טרוים...

1914

# פאַרלוירן

— 1 —

כ׳האָב אַ חלום געזען אין דער נאַכט
און האָב אים פֿאַרגעסן אויף מאָרגן,
געגאַנגען בין איך און געטראַכט:
— ווו ליגט איצט מײַן חלום פֿאַרבאָרגן?

כ׳האָב אַ חלום געזען אין דער נאַכט
און ער איז פֿאַרשוווּנדן באַגינען,
ער ליגט אין אַ ווינקל און לאַכט:
— ווּעסט, נאַרעלע, מיך ניט געפֿינען...

— 2 —

כ׳האָב דורך פֿעלדער און וועלדער געוואַנדערט:
— מײַן נאַכטיקער חלום ווו איז?
כ׳האָב אַלע סימנים פֿאַרלוירן
און ווייס בלויז — מײַן חלום איז זיס.

האָב איך אויף מײַן וואַנדער געטראָפֿן
חלומות פֿיל ווונדערלעך שיין:
— האָט איר ניט מײַן חלום באַגעגנט?
געענטפֿערט מיר האָבן זיי: — ניין!

געזשומט האָט אַ בין מיר אין אויער:
— קלײַב־אויס דיר אַ טרוים פֿון דאָס נײַ...
געוויינט האָב איך שטיל און געבליבן
מײַן אייגענעם חלום געטרײַ...

1913

## געפונען

איך האָב מײַן קול פֿאַרלוירן
און בין געווען אַ שטומער —
האָט מיך מײַן פֿרייד געוואָרגן,
האָט מיך געשטיקט מײַן קומער.

האָב איך געוואַרט ביז נאַכט האָט
איר שוואַרץ געוואַנט פֿאַרהאָנגען
און בין אַ היילונג זוכן
צום גרויסן ים געגאַנגען...

איז מיר דער ים אַנטקעגן
געקומען מיט געשרייען,
האָט יעדער אינד געפּילדערט
מײַן לוסט און מײַנע ווייען...

בין איך אין זאַמד פֿאַרגראָבן
געלעגן און געשוויגן —
אין ים, אין גרויסן, האָב איך
מײַן קול צוריקגעקריגן...

1914

## וואוהין?

לאַנג די יאָרן, פֿיל די וועגן, ·
ביז דערוואַנדערט צו די ברעגן,
ווו מיר האָט דער ים געזונגען...
זײַנען וועלן צוגעשפּרונגען
און מיר קיל די פֿיס געצוואָגט,
און געװאָפֿן און געלאָקט:
— קום, דו, שוואַכער, באָד די גלידער
אין דעם שטראָם פֿון קיין מאָל ווידער...
האָב איך מיט געשווינדע פֿינגער
פֿון מײַן לײַב דאָס קלייד געריסן:
— אינדן, אינדן, טראָגט מיך גרינגער,
לאָמיך מער פֿון ברעג ניט וויסן,
לאָזט מיך מער צום לאַנד ניט קומען...
האָט דער ים גענומען ברומען,
האָט דער ים גענומען קלאָגן,
און געטראָגן און געטראָגן,
און אין ערגעץ ניט געבראַכט...
האָב איך נאָכן ברעג געשמאַכט
און זיך בלינד צעוויינט די אויגן:
— ווו זאָל איך איצט אַנטרינען?
כ'האָב מײַן קלייד אַראָפּגעצויגן,
ווו וועל איך עס געפֿינען?...

1918

## שאָטנס

גע֞פאַלן איז אַ שאָטן אויף מײַן שוועל
און קיין געשטאַלט איז ניט אַרײַנגעקומען...
געהערט האָב איך דאָס שוימען פֿון אַ וועל
און קיינער איז צום ברעג ניט צוגעשווומען...

מײַן זעל, מײַן מידע זעל,
וועסט אייביק, אייביק וואַכן,
און אייביק, אייביק פֿרעגן,
און תּמיד וועט אַנטקעגן
דאָס לעבן שטיין און לאַכן —
מײַן זעל, מײַן מידע זעל...

אַ פֿאָדעם האָט פֿון קנויל זיך אָפּגעדריבלט
און איז אין פֿינצטערניש צו מיר דערגאַנגען,
האָב איך מיט מי געצויגן און געגריבלט,
און האָב אַרויסגעצויגן שלאַנגען...

מײַן זעל, מײַן מידע זעל,
האָסט דריבלענדיק אין פֿינצטערנישן
זיך פֿעדערווײַז אַליין צעריסן —
מײַן זעל, מײַן מידע זעל...

1914

## ביים בוימשפּיץ

און פֿיל מען זאָל פֿרוכטן ניט קלײַבן,
וועט אויבן בײַם בוימשפּיץ פֿאַרבלײַבן
אַן איינציקע פֿרוכט,
ניט געפּליקט, ניט פֿאַרזוכט,
וואָס וועט לאַכן אין זון און אין שטראַלן
פֿון יענע וואָס זײַנען געפֿאַלן...
און אַ ווינטל וועט קומען צו גיין
און געבן אַ גלעט: — דו אַליין
ביסט די קרוין און די פּער, און די שײַן.
און דער לוין פֿון דער שטאָלצער וועט זײַן:
געהויבן אין הימל צו שטאַרן
און פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך פֿאַרדאַרן...

*

## אַ פֿאַרדראָס

פֿון הימל געפֿאַלן אַ שפּע מיט זונען
איז מיר אַ פֿאַרדראָס —
איך האָב ניט די שפּע פֿון הימל געפֿונען
צו נעמען אין וואָס...

פֿון הימל אַ ליכטיקער רעגן געקומען
און האָט מיך פֿאַרשעמט —
געלאָזט מיך פֿאַרשמאַכט מיט אַ טרוקענעם גומען
און באַפּלייצט אַ געזעמד...

1917

## צו וואָס ?

פֿאַלן־צו די אָוונט־שאָטנס,
עפּנט זיך די טיר פֿונאַנדער —
קומט־אַרײַן אַ װײַסער זקן,
קענטיק פֿון אַ לאַנגן וואַנדער...

מורמלט ער: — איך האָב געזוכט דיך
און אַצינדער דיך געפֿונען...
גיט ער מיר אַ קנויל פֿון פֿעדעם
און ער זאָגט: — ער איז געשפּונען.

פֿרעגט ניט ווו און ניט פֿון וועמען —
נעם איך פֿלײַסיק זיך צונ׳עם וועבן...
און דער זקן איז פֿאַרשוווּנדן,
מער קיין עצה ניט געגעבן...

וועב איך טאָג פֿאַר טאָג און ווייס ניט,
ווער עס וועט מײַן אַרבעט נעמען...
וועב איך פֿלײַסיק און איך פֿרעג ניט,
ניט „צו וואָס?״ און ניט „פֿאַר וועמען?״...

*

## ערגעץ ווו

כ׳האָב ערגעץ ווו אַ נעסט,
וואַרט גליק און רו דעריגנען,
איך קאָן עס ניט געפֿינען,
און ס׳רופֿט מיך און עס גריסט —
פֿאַרדריסט מיך און פֿאַרדריסט...

כ'האָב ערגעץ ווו אַ זעל,
וואָס טוט צו מיר באַגערן,
עס פֿאַלן אירע טרערן
און כ'ווייס צו מאָל ניט ווו —
דאָס גיט מיר ניט קיין רו...

כ'האָב ערגעץ ווו אַ שטאָק,
וואָס קאָן די ימים שפּאַלטן,
ער ליגט פֿון מיר באַהאַלטן
און כ'ווייס, אַז ער איז מײַן —
גייט מיר די וועלט ניט אײַן...

כ'האָב ערגעץ ווו אַ שלאָס,
מיט שקלאַפֿן און אַרמייען,
איך ווייס ניט ווו זיי שטייען,
און כ'בין אַליין און פֿרעמד —
דאָס קלעמט מײַן האַרץ און קלעמט...

## וואַרטן

איך וועל די ליפּן פֿעסט פֿאַרמאַכן,
איך וועל ניט וויינען און ניט לאַכן,
איך וועל ניט אומגעדולדיק גאַרן
און וועל דאָס ראָד פֿון טעג ניט שפּאַרן...
איך וועל פֿון מוח אַלץ פֿאַרמעקן
און בלײַבן ווי אַ לערער בעקן,
וואָס ליגט און וואַרט אָן אייגן ווילן —
אַ האַנט זאָל קומען און אים פֿילן...
איך וועל ניט גיין אַ טריט אַנטקעגן —
וואָס קומט, זאָל קומען ווי אַ רעגן,
און איך וועל טרינקען און ניט פֿרעגן,
פֿון וואַנען און אויף וועלכע וועגן...

# דער נביא

— 1 —

זיי האָבן זיך געבוקט צו אים: — דו, מאַן פֿון גאָט,
מיר וועלן דיך באַקרוינען...
האָט ער געשמייכלט שטילערהייט: — דאָס וועט איר טאָן,
ווען איר וועט מיך פֿאַרשטיינען...

זיי האָבן זײַן געצעלט באַלאַגערט: — מאַן פֿון גאָט,
מיר וועלן דיך דערהייבן...
האָט ער געוויגט באַטריבט דעם קאָפּ: — און הייבנדיק
דערנידערן מײַן גלייבן...

זיי האָבן אים געזונגען זייער שענסטן לויב:
— ביסט דער וואָס מיר פֿאַרלאַנגען!
האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט: — נעמט אַכט, איך בין דער פֿלאַם
און איר די טויטע זאַנגען...

— 2 —

מיך האָט געשטאַרקט אַ פֿעסטע האַנט,
מיך האָט געבענטשט דאָס מויל פֿון גאָט,
איך בין דער אַקער און די זאָט[1],
איך בין דער שטורעם און דער בראַנד...

איך בין אַ פֿלייצונג אָן אַ מאָס,
איך בין אַ מבול וואָס פֿאַרוויסט
און בין אַ רעגן וואָס באַגיסט
אַ מדבר זאַמד צוליב אַ גראָז...

---

[1] זעט, זאָטקייט.

איך בין דער נעפּל אין דער ווײַט
און בין אַ שאָל פֿון הויכע בערג,
און בין די פֿרייד פֿון גרויסע ווערק,
און בין דער ווייטיק וואָס באַנײַט...

איך בין דער טויער און די טיר,
איך בין דער שליסל און די שוועל,
איך בין אַן אָנזאָג און אַ טרעל,
און וועלדער פֿויגלען הינטער מיר...

1919

*

## דער שטאַרקסטער

כ׳וועל זײַן דער שטאַרקסטער צווישן אײַך,
ניט בליץ, ניט באַרג, ניט שנעלער טײַך —
כ׳וועל זײַן דער טוי וואָס פֿאַלט צו דר׳ערד
און נערט...

כ׳וועל זײַן דער שטאַרקסטער, ווען איך קום...
סײַ שטאָלצער בוים, סײַ שטילע בלום —
וועט נעמען יעדער מײַן געטראַנק
מיט דאַנק...

כ׳וועל זײַן דער שטאַרקסטער אינעם לאַנד...
כ׳וועל זײַן דער שפּרוך וואָס היילט, די האַנט
וואָס שטיל און אומגעזען פֿאַרקניפּט
און ליבט...

1916

## די בריק

בין איך די בריק...
אַריבער מײַן געניק
די מחנה ציט פֿון ברעג צו ברעג,
צו גרויסע טעג,
צו גליק...

בין איך די בריק, און הענג
אויף פֿינצטערע און שוואַרצע היילן,
און זע דעם תּהום, און זע די שלענג,
און טו עס גיך דערציילן...

בין איך די בריק, און נאָך אַנאַנד
די מחנה ציט צום שײנעם לאַנד,
מיט פֿרייד און מאַכט...
און טאָג און נאַכט,
און פֿרי און שפּעט,
אויף מײַנע ליפּן וואַכט
און ציטערט אַ געבעט:
— גאָט, גיב מיר קראַפֿט,
איך זאָל ניט ווערן אָפּגעשלאָפֿט...

1916

## זעיר אַנפּין

הענגט אויף אַ צווײַג
אַ גילדערנע זון אין אַ טראָפּן געפֿאַנגען.
ציטערט און פֿליטערט אַ וואַלד מיט געזאַנגען
אין אַ קלײנינקער שטײַג...

1919

## ביימער

— 1 —

צוויי ביימער אײַנגעפֿלאָכטן אין אײנאַנדער,
גרינע צעפּ אין גרינע צעפּ פֿאַרפּלאָנטערט,
גיסט אַ רעגן — טרינקען זיי צוזאַמען,
שפּריצט די זון — צעטיילן זיי די שטראַלן,
קומט דער אָוונט
שלייערט ער זיי אין איין שאָטן,
פֿאַלט־אַראָפּ אַ שטערן אין די בלעטער,
קושן בײדע אויף אַ מאָל דעם הימלס גאָב...

אין אַ שוואַרצער נאַכט
קום איך אָפּט צו שלײַכן,
ליג איך אין די גראָזן צווישן זיי
און זע די פֿײַער־פֿליגן שפּרינגען,
און צי די אָרעמס מײַנע אויס:
פֿײַער־פֿליגן, פֿײַער־פֿליגן,
לערנט מיך זיך אײַנצופֿלעכטן
אין איינעם מיט די ביימער...

— 2 —

איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געווען:
איך בין געלעגן אונטן
אײַנגעדעקט אין וואַר׳מער זומערנאַכט;
פֿון קאָפּ ביז פֿוס
האָבן גראָזן אונטער מיר
און צווײַגן אין דער הויך
געדעדט צו מיר;
און עמעצער אין מיר האָט זיי געענטפֿערט,

און איך האָב צוגעהערט זיי ביידן,
און ניט פֿאַרשטאַנען...

— 3 —

מײַן צוקאָפּנס זײַנען
האַרטע אײַנגעדרייטע וואָרצלען.
זאָג איך זיך: אָט וועט געשען,
איינער פֿון די אײַנגעדרייטע וואָרצלען
וועט מיר אײַנוואַקסן אין לײַב
און דורך מײַנע בלוטן וועלן זאַפּן
וואַסערן פֿון אונטערערד׳שע טײַכן,
און זאַפֿטן פֿון שטומע טרויעריקע זאַכן,
וואָס ריידן ניט, און טראַכטן ניט,
נאָר וואַקסן, וואַקסן, וואַקסן...

1919

*

## דאָס נייע

שעפּסט פֿון אַלטן ברונעם, און דײַן האַרץ אין שרעקן,
זאָלסט אויפֿן דעק דעם מאָך און שטיינער ניט אַנטפּלעקן,
זאָלסט אויפֿן גרונט די שוואַרצע קויטן ניט צערירן —
קום, טרינק פֿון קליינעם בעקן וואָס הייבט הײַנט אָן ייִרן [1]
און וועט זיך מאָרגן אין אַ ים אוקינוס שטרעקן,
און איין דאָרשט שטיל, כּדי צען נײַע אויפֿצוּוועקן...

1919

[1] ייִרן, וואַקסן, זיך הייבן.

# זונטראָפּנס

— 1 —

אין די ווײַסע שוימען
פֿון די גרויסע וואַסערן,
פֿון די שטאַרקע פֿולע וואַסערן,
האָב איך מײַנע טרוימען
דערקענט.

דורך געוועלבןווילדע
איבער בלאָקן שטיין,
מיט די גרויסע אימפּעטיקע וואַסערן
שפּרינגען מײַנע שוימען,
שפּרינגען מײַנע טרוימען
און צעשטויבן זיך
אין רעגנבויגנס...

— 2 —

קוואַל און רעגן,
קוואַלן פֿון די טיפֿענישן
און רעגנס פֿון די אײַלנדיקע וואָלקנס.
קוואַל און רעגן,
און די זון ביידע בינדן
מיט גילדערנע פֿלעכטן,
וואָס פֿאַר רײַכע גאַרבן,
וואָס פֿאַר פֿולע גילדערנע גאַרבן,
ווערסטו האָבן,
דו, געבענטשטער,
דו, באַשאָנקענער מיט קוואַל און רעגן...

1920

## פאָלק

ווינציקער, ווער מאַכטיק און ווער פּיל,
און זע דעם הימל ליכטיקער און ברייטער;
איינער צו דעם צווייטן פֿעסטער און געקייטער,
און שטאַפּל איבער שטאַפּל צו דעם ציל;
און ביסטו אויסגעוואַקסן צו דײַן מאָס,
שטויס־אָפּ פֿון אונטער זיך דעם לייטער
און טייל מיט אַלעמען דײַן פֿולן כוס...

1919

*

## דיין לערער

אין דעם מדבר וועסטו אים געפֿינען
מיט די גרויע אייביקע געזעמדן,
מיט די ווײַסע אומדערבאַרעמדיקע שטערן
אין זײַן אויג.
אין דעם מדבר
וועסטו וואַלגערן דײַן קאָפּ אין שטויב
צו זײַנע פֿיס
און בעטן טרייסט.
וועט ער לייגן זײַנע האַרטע פֿינגער
אויף דײַנע האָר,
און די גרויע אייביקע געזעמדן,
און די ווײַסע אומדערבאַרעמדיקע שטערן
וועלן רינען דורך זײַנע האַרטע פֿינגער
אין דײַן בלוט,
און דו וועסט מער ניט בעטן,
קיין מאָל, קיין זאַך מער ניט בעטן.

1920

## בליעכץ

אונטער צווײַגן האָב איך זיך באַהאַלטן,
מיט אַ שאָטן פֿאַר מײַן אונטערשפּרייט,
האָבן מידע בלעטער מיך פֿאַרזונגען
און דער בוים איז מיד געפֿאַלן אויף די אויגן;
אין אַ ברייטער עפֿענונג פֿון וואַלד
בין איך בײַ אַ שפּינראָד געזעסן
און שטיקער זון, און שטיקער הימל,
און שטיקער ערד געשפּונען
אין אַ ראָזן פּערלמוטער־פֿאָדעם,
און אַ ריח פֿון רעזעד [1], און רויז און מײַ
האָט פֿון שפּינדל זיך געטראָגן...

אַז איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט,
איז מײַן פּנים און מײַן קאָפּ
געווען באַשאָטן מיט בליִעכץ,
און די צווײַגן האָבן זיך געצונטערט
אין די לעצטע צויטן פֿונעם טאָג...

1920

## בראָדוויי

יאָגן אויטאָס, וועגן און טראַמווײַען,
פֿײַפֿלעך פֿײַפֿן, טרובעס בלאָזן, גלעקער קלינגען,
פּילדערט־דורך אַ פֿײַערלעשער־וואָגן
שלעפּנדיק אַ שוואַרצן צאָפּ מיט רויך.
שאַרן מחנות הויכע פֿיס,
ברוינע, געלע, פּערל־גרויע, ווײַסע פֿיס...
ווײַסע העלדזער, שטיקער אָנגעפּודערט לײַב,

---

[1] מין בלום.

שוואַרץ געפֿאַרבטע ברעמען, בלאָנד געבלייכטע האָר,
היט מיט גרינע פֿעדערן,
גלאַנציקע צילינדערס און אַ ווירבל שטרויהיט,
ברייטע מעקסיקאַנישע סאָמברעראָס,
זעלנער־ און מאַטראָסן־היטלעך פֿון אַ טוצן פֿעלקער,
אַלטע בירגערס פֿון דער נאַכט מיט וואַסערדיקע אויגן,
און גרויסע דימענטן אין שניפּס.
ייִנגלעך גליִענדיק׳ — פֿון יעדן מיידלקוק,
לײַט פֿון אַלע לענדער און פֿון אַלע זונען,
פֿון ווײַנבערג נעבן שטילן ים,
פֿון שנייגעבערג פֿון ברייטע ווייץ־ און קאָרנפֿעלדער,
פֿון הויך באַגראָזטע פּאַמפּאַס,
פֿון דאָרטן ווו הונדערט טויזנט שקלאַפֿן גראָבן
פֿון קבֿרים אין דער ערד גאָלד פֿאַר עמעצן...
צפֿון־מענטשן, דרום־מענטשן, פֿון עראָפּלאַנען און פֿון שיפֿן,
אײַלנדיק צום נאַכטגעיעג פֿון בבֿל...
שרײַט פֿון אַלע ווינקלען אַ פֿאַרשײַטע ליכטיקייט,
גיסט אַ העלער, רוישיקער קאַסקאַד
און שלאָגט־אויף צום ליימיק געלן הימל...
קריכן פֿײַערשלענג אויף הויכע מויערן,
לויפֿן אויף אַ טורעם דרײַ פֿײַערדיקע פֿערד
מיט ווילדן אימפּעט אין דער הייסער נאַכט.
צאַפּט אַ גרויסע פֿײַערדיקע פֿלאַש
פֿײַער אין אַ כּוס,
שפּרינגט פֿון פֿינצטערניש אַ פֿײַערדיקע קאַץ
און גראַבלט מיט די נעגל
אַ פֿײַערדיקע שפּול...

1919

## אַן אַלט ליד

אָט אַזוי איז אין יאַפּאַן
ערגעץ ווו אַ ליד פֿאַראַן:

זאָגט אַ קריגסמאַן צו דעם שמיד:
— מײַסטער מיר אַ שווערד גענייט!
מאַך דעם קלינג
ווי אַ ווינט אויף וואַסער גרינג,
מאַך אים לאַנג
ווי אין פֿעלד אַ רײַפֿע זאַנג,
פֿלינק און בייגיק
ווי אַ שלאַנג,
פֿול מיט בליצן, טויזנט אויגיק,
גלאַט ווי זײַדגעוואַנט און דין
ווי אַ פֿאָדעם פֿון אַ שפּין,
און קאַלט און אומדערבאַרעמדיק ווי פּײַן...

— און אויפֿן הענטל וואָס זאָל זײַן?

— אויפֿן הענטל, גוטער מאַן —
זאָגט דער קריגסמאַן פֿון יאַפּאַן —
קריץ מיר אויס
אַ סטאַדע שאָף, אַ טײַך וואָס רינט,
אַ קאַרשנבוים, דערבײַ אַ הויז,
און אַ ווײַב וואָס זייגט אַ קינד...

אָט אַזוי איז אין יאַפּאַן
ערגעץ ווו אַ ליד פֿאַראַן.

1920

## דער וואַנדערער

גייט אַ וואַנדערער אין האַסט,
אין אַ זאַק אַ שווערע לאַסט.

אײַנגעדרייט דאָס לײַב אין דרײַ
און דאָס פּנים גרוי ווי בלײַ.

— האָסטו ערגעץ אין דער ווײַט
ווײַב צי קינד, צי ליבע לײַט?

קוקט ער זיך צעשראָקן אום:
— כ׳בין אַ פֿרעמדער אומעטום...

וואָס פֿאַרגינסטו זיך ניט רו,
אַז דו האָסט ניט גיין אַווו?

ענטפֿערט ער פֿאַרצוקט און קראַנק:
— נייטיק, נייטיק איז דער גאַנג...

— האָסט געוויס, דו, בלייכער גאַסט,
אין דיין זאַק אַ טײַער לאַסט?

ברעכט ער אויס אין אַ געוויין
און ער ווײַזט מיר דאָרט — אַ שטיין...

1918

## איך אַליין

איך אַליין.
און פֿון מיר איז מײַן װעג און מײַן גײן.
פֿעדעם נאָך פֿעדעם שפּין־אַרױס;
פֿון אײנע מיר מאַך איך גאָטס הױז
און פֿון צװײטע — אַ געץ,
און פֿון דריטע — אַ נעץ,
צו פֿאַנגען אַ שײַן און אַ בלענד,
און מיט פֿערטע מיך בינד איך די הענט.

*

## הינטער זיבן טױערן

הינטער זיבן טױערן פֿון שײַן
ליגט אַ בלינדע נאַכט,
װײנט אַ שטומער פּײַן:
גאָט, גיב מאַכט...

הינטער זיבן זיגלען פֿון געשפּעט
זיצט אַ בלינדע טרער,
װײנט אַ שטום געבעט:
— גאָט, דערהער...

1920

## טויב, דו, שטילע[1]...

בײַם װעלדל װאַרט איך אויף דיר אָפּ —
אָט װעסטו זיך באַװײַזן.
אָט זע איך שוין דעם שװאַרצן צאָפּ,
אָט הער איך שוין די שפּרײַזן.
טילי, טילי,
טויב, דו, שטילע,
װי װעל איך עס אַצינד דיר זאָגן?
װען כ׳בין אַ זינגער
מיט טויזנט צינגער
איך װאָלט קײן װערטער ניט פֿאַרמאָגן.
פֿון קאָרן הײבט זיך דײַן געזיכט
אַלץ נענטער מיר אַנטקעגן,
אין דײַנע אויגן טאַנצט אַ ליכט
װי זון אין פֿרילינג־רעגן.
טילי, טילי,
טויב, דו, שטילע,
װי װעל איך עס אַצינד דיר זאָגן?
װען כ׳בין אַ זינגער
מיט טויזנט צינגער
איך װאָלט קײן װערטער ניט פֿאַרמאָגן.
אַ שעה קומט־אָן, אַ שעה פֿאַרשװינדט,
מיר זיצן שטיל באַטרונקען,
דער טאָג צערינט, די נאַכט גײט בלינד,
אין הויב[2] פֿון זילבער־פֿונקען.
טילי, טילי,

[1] פֿון די פֿאַרבליבענע כתבים. — [2] װי אַ קאָפּטיכל.

טויב, דו, שטילע,
ווי וועל איך עס אַצינד דיר זאָגן?
ווען כ׳בין אַ זינגער
מיט טויזנט צינגער
איך וואָלט קיין ווערטער ניט פֿאַרמאָגן.
דער טויט וועט ליגן אומעטום,
ווען איך וועל דיר באַגלייטן,
און פֿול דאָס האַרץ, די ליפּן שטום
פֿון איינעם צו דעם צווייטן.
טילי, טילי,
טויב, דו, שטילע,
ווי וועל איך עס אַצינד דיר זאָגן?
ווען כ׳בין אַ זינגער
מיט טויזנט צינגער
איך וואָלט קיין ווערטער ניט פֿאַרמאָגן.

*

## אַלטפרענקיש

די שעפערין גייט מיט די קאַנען
און האָט זיך שטיל באַשלאָסן:
זי וועט קוקן אין וואַסער ביז וואַנען
אין ברונען באַווײַזט זיך איר חתן.
געקומען דאָס מיידל און בייגט זיך
און קוקט אינעם טונקעלן וואַסער:
פֿון אונטן אַנטקעגן איר נייגט זיך
אַ שטילער, אַ שיינער, אַ בלאַסער.
האָט דאָס מיידל אַ בענקען באַנומען
און אַ טרער פֿון איר אויג איז געפֿלאָסן,
און די טרער איז אַרונטערגעשווומען.
און תּיכף פֿאַרשווונדן דער חתן.

## אַ בוים בין איך

אַ בוים בין איך,
מיט אַ פֿלעכט פֿון צווײַגן,
גלײַכע, קרומע, אײַנגעקנוילטע,
שטאָלצע צו דער זון,
אײַנגעבויגענע צום גרונט —
מיט אַ טײַך בלעטער
גרינע, טונקל־גרינע, העלגרינע, ברוינלעך־גרינע,
אָנגעשימערטע מיט זון,
אָנגעטרונקענע מיט שאָטן,
אָנגעזאַפּט מיט ווינטן —
און פֿאַר יעדן צווײַג
צען וואָרצלען אין דער טיף
און טויזנט פֿײַכטע זויגעדיקע פֿעדעם
קריכנדיק צו פֿינצטערע פֿולע טײַכן.

אַ בוים בין איך
און אַלע בלעטער גיב איך צו דער זון,
גיב איך צו דער זון אויף איר באַגער,
און צו די יונגע ווינטן.
בלעזלט זיך מײַן טײַך בלעטער
אין ווינט און זון —
פֿאַר יעדער בלאַט אין זון
צען פֿעדעם אין די תהומען.

## ביימער בייגן זיך

ביימער בייגן זיך בײַ וואַסער־ברעגן,
אָוונט שלײַכט און קאַלטער שטערן קומט אַנטקעגן.
קרומע וועגן טונקלען אָן אַ גייער,
איבער לאָנקע־זומפּן שלאַבערט זיך אַ שלייער.
גראָז צו גראָז באַהעפּט זיך אינעם שאָטן,
זאַנג צו זאַנג אין ענגער אַנגסט צונויפגעקנאָטן.
שטיל שטייט מיל מיט אָפּגעפּליקטע אָרעם,
טויטע מילנער קומער פאָרוויַז פון די קבֿרים.
אויפֿן בערגל שוואַרצט די הויכע חורבֿה,
שטיינער קריכן קעגן הימל אין אַ הורבע.
קרעכצט פֿון ווײַט דער שווירטיס [1] פֿון אַ ברונעם;
גרויער, גרויער... און דער טאָג איז אויסגערונען.

## ס׳האָט יעדער צו אַ שטויבל זיך דערשלאָגן...

ס׳האָט יעדער צו אַ שטויבל זיך דערשלאָגן
און ער וועט אַלע זעמדלעך אין הויפֿן זאַמלען,
ס׳האָט איטלעכער געפּרוּווט אַ וואָרט דערשטאַמלען
אַצינד וועט ער דאָס גרויסע וואָרט דערזאָגן.
אויף טויזנט וועגן זײַנען וואַנדערערס געקראָכן,
איז ווו נישט ווו געווען אַ טריט אַ דרייסטער,
אַצינד וועט ער, דער לעצטער, און דער מײַסטער
זיי אַלע כּפֿלען אין איין מעכטיקן נצחון.
און הענגען וועט אויף זײַנע ציטאַדעלן
אַ פֿאָן, וואָס וועט דאָס וואָרע וואָרט דערציילן:
געבענטשט די קליינע אומגעמערקטע טיילן,
און מער פֿון טאָן דאָס ערשטע שוואַכע וועלן.

---

[1] דער דראָנג, אויף וועלכן עס הענגט און וויגט זיך דער עמער.

## ווּעסטו פירן אונדז צום פייער...

ווּעסטו פֿירן אונדז צום פֿײַער,
ווּעסטו פֿירן אונדז צום וואַסער,
פֿיר, דו, נײַער,
פֿיר, דו, בלאַסער,
פֿיר —
אַלע וועלן מיר דערשלאָגן
גיין נאָך דיר,
דיך ניט שעלטן, דיך נישט קלאָגן...
טאַנצט אין אויג בײַ דיר געשפּעט,
טאַנצט אין האַרץ בײַ דיר אַ שד,
האַלט אים אײַן אין זיבן קייטן,
אַלע וועלן מיר זיי טייטן,
אין דײַן נאָמען,
אַלע וועלן מיר אין שטראָמען
זיך געשטאַרקטע וואַרפֿן,
אַלע וועלן מיר פֿאַרשאַרפֿן
אונדזער חלף און זיך קוילען,
ווען דו ווּעסט דײַן שד פֿאַרהוילן...

## ס׳האָט קיינער נישט גערעדט אַזוי ווי ער

ס׳האָט קיינער נישט גערעדט אַזוי ווי ער,
פֿון ווערטער שיין געפּוצטע האָט ער נישט געוווּסט
אָנגעהויבן האָט ער נישט: חבֿרים,
קאַמעראַדן, פֿרײַנד, צי ברידער —
נאָר אויסגעגאָסן זיך, ווי ס׳גיסט זיך אויס
אַ ווילער רעגנשפּרײַ אין מיטן פֿרילינג,
און ווי אַן אַלטער בוים, למשל,
מיט טויזנט וואָרצלען אין דער ערד
און אַ געדיכטעניש פֿון בלעטער אין דער זון,
וואָלט נעמען מיט אַ מאָל אַרויסריידן
זײַן תּהומיק זוניק האַרץ.
און אַז מען איז אַוועק פֿון אים,
איז נישט געבליבן אין געדאַנקען
אַ וואָרט, אַ זאַץ, אַן אויסדרוק,
נאָר פֿרישער פֿולער, וואָרצלדיקער
איז איטלעכער אַוועקגעגאַנגען אויף זײַן וועג.
און אַז מען האָט דערנאָך גערעדט צו שכנים,
האָט אין די רייד געקלונגען
אַ נאָכקול פֿון די אָנגעהערטע ווערטער.
און שפּעטער, אַז עס זײַנען טעג אַוועק,
און אויסגעהויכט געוואָרן איז דער זכר פֿון זײַן ריידן,
האָט אָנגעהויבן וועבן זיך אין די געמיטער
אַ הייסע בענקעניש צו הערן אים פֿון ס׳נײַ,
אָט ווי מען בענקט נאָך דעם גערויש פֿון ווייכקייט
פֿון דעם רעגנגוס אין מיטן פֿרילינג.

## וואָס האָמערסטו?

וואָס האָמערסטו און שמידסטו אַזוי הייס?

— איך ווייס?
ס׳וועט זײַן אַן אַקער און וועט זײַן אַ שווערד,
ס׳וועט שנײַדן איינגעווייד פֿון ערד,
דערין אַ זוימען אײַנצוזייען,
און וועט אויך שנײַדן האַלדז אין צווייען.

וואָס פֿעדעמסטו און וועבסטו אין דײַן שווייס?

— איך ווייס?
ס׳וועט זײַן אַ קלייד און זײַן אַ שטריק,
ס׳וועט זײַן געוואַנט אַ שטיק,
אַ בגד אויפֿצוגייען,
און וועט אַרום אַ האַלדז זיך דרייען.

וואָס איז דײַן פֿלאַנצונג, גוט צי בייז?

— איך ווייס?
ס׳וועט זײַן אַ ווײַן און זײַן אַ גיפֿט,
ס׳וועט זײַן אַ באַלזאַמטראַנק, וואָס טריפֿט
אַ לינדערונג אין אַלע ווייען,
און זײַן אַ סם און — טויטגעשרייען.

## אַליין

וועל איך מער ניט ריידן
און דו אויך ניט מער,
טוט אַ וואָנט אונדז שיידן,
איז זי גרוי און שווער...

איך און דו און יעדער —
אַ פֿאַרבלאָנדזשעט קינד...
אַ געטריבן פֿעדער
אין אַ שטורעמווינט...

ניט פֿאַראַן אין צווייען,
ניט קיין זאַלבענאַנד,
גייען די וואָס גייען
איינזאַם, אומבאַקאַנט...

און אַזוי די בלומען,
און אַזוי דער שטיין,
אַלע ווי יתומים,
איטלעכער אַליין...

און אַזוי די שטערן
דורכן רוים געיאָגט,
איינער קען ניט הערן,
וואָס דער צווייטער זאָגט...

און אַזוי דער בורא
אויף זײַן קאַלטן טראָן,
אומעטיק — אַ מורא,
מוז ער טאָן און טאָן...

1917

## משיח

אוי, קינדערלעך, ליבע,
ס'וועט זײַן אַזוי שיין,
משיח וועט קומען
אין גיכן צו גיין...

די אויגן אַזוי ווי
צוויי זונען בײַ אים,
אַ הויכער, אַ ווײַסער,
און זילבער די שטים...

— וואָס האָט איר מיר, קינדער,
צום אויפֿנעם געגרייט?
— משיח געטרײַער,
מיר האָבן געזייט...

מיט איין האַנט צום אַקער
און איין האַנט צום שווערד,
די אויגן צום הימל,
די פֿיס אויף דער ערד.

— און ווער האָט אײַך, קינדער,
די בשׂורה געבראַכט?
— משיח געטרײַער,
מיר האָבן געוואַכט

און שומרים געהאַלטן
אויף איטלעכן וועג:
משיח, משיח
וועט קומען די טעג...

1918

## מיינע שיפֿן...

אויף זיבן ימען שווימען מײַנע שיפֿן —
וואָס וועלן מיר די שיפֿן ברענגען?
אַ קרוין פֿון גאָלד מיט דימענטן געשליפֿן,
און קמיעות אויפֿן האַלדז צו הענגען.

מולטערלעך און שטיינדלעך ליגן אויפֿן ברעג אַ סך,
שפּיל איך אויפֿן זאַמד און זינג מײַן ליד, און לאַך:
מײַנע שיפֿן וועלן קומען...

אין בלויע הימלען שטעכן מײַנע מאַסטן,
אין שוואַרצע תּהומען הענגען מײַנע נעצן,
די קנופּן פּלאַצן פֿון די שווערע לאַסטן,
עשירות מיטן מויל ניט אָפּצושעצן.

פֿאַנג איך שמעטערלינגען אויפֿן ברעג,
שוואַרצע רופֿט מען נעכט, ווײַסע רופֿט מען טעג:
מײַנע שיפֿן וועלן קומען...

מולטערלעך און שטיינדלעך פֿאַלן פֿון די פֿינגער,
שמעטערלינגען צאַפּלען און פֿאַרגייען —
שיפֿן מײַנע, מאַכט די לאַסטן גרינגער,
לאָזט דעם ווינט אין אַלע זעגלען ווייען.

שמעטערלינגען ליגן טויטע אויפֿן ברעג,
שוואַרצע רופֿט מען נעכט, ווײַסע רופֿט מען טעג:
ווען וועלן מײַנע שיפֿן קומען?...

1920

## דער צויבערמאַן

קומט דער גוטער צויבערמאַן
אויף אַ גילדערנעם געשפּאַן:
האָט ער אויגן מילד און שוואַרץ
און אַ דימענטענע האַרץ...
שטעלט ער זיך אין מיטן מאַרק,
הייבט ער אָן צו רופֿן שטאַרק:
„כ׳האָב מתּנות אַלערליי,
קומט און קלייבט זיך אויס פֿון זיי...״

ווערט אַ טומל און געלאַף,
זעלטן מאַכט זיך אַזאַ טראַף;
איילט זיך יעדער צו דעם גליק,
בלײַבט אַ קינד ניט אין דער וויג.
זאָגט דער צויבערמאַן און לאַכט:
„כ׳האָב פֿון אַלצדינג מיטגעבראַכט.
זאָגט מיר יעדער זײַן באַגער,
איין באַגער נאָר און ניט מער.
האָט איר צײַט אַ פֿערטל שעה
און דערנאָך בין איך ניטאָ״!

איין באַגער נאָר און ניט מער —
אויסצוקלײַבן זייער שווער,
קלער אַהער און קלער אַהין,
פֿאָלג אַ גאַנג מיך און געפֿין,
וואָס איז בעסער — דאָס צי יענץ;
שרײַען אַלע ווי די גענדז.
פֿון די אַלע מענטשן פֿיל
ווייסט ניט איינער וואָס ער וויל.

זײַנען אַלע אין אַ קלעם.
פֿרעגט מען יענעם, פֿרעגט מען דעם:
וואָס נעמט ער? און וואָס נעמסטו?
און אין מיטן — טרו — טרו — טרו!
בלאָזט אַ זילבערנער טראָמפּייט,
און פֿאַרשווונדן שטילערהייט
איז דער גוטער צויבערמאַן
מיט דעם גילדערנעם געשפּאַן...

## אַ קוש דער מאַמען

שפּילט די מאַמע מיטן קינד
און דער טאַטע פֿרייט זיך,
פֿעדעם רונד אַרום די דרײַ
פֿלעכטן שטילערהייט זיך...

זאָגט דער טאַטע צו דעם קינד:
— קוש, מײַן גאָלד, די מאַמע!...
קושט דאָס קינד — צעלאַכן זיך
אַלע דרײַ צוזאַמען.

זאָגט די מאַמע צו דעם קינד:
— גיב דעם טאַטן צוואַנציק!...
קושט דאָס קינד — צעגלײַען זיך
דרײַ פּאָר אויגן גלאַנציק...

פֿלעכטן שטילע פֿעדעם זיך
רונד אַרום זיי אַלע,
טאַטע־מאַמע פֿון דאָס נײַ
ווערן חתן־כּלה...

1914

מוזיק — לעאָן ווײַנער



# דאָס ליד פון אויערהאָן

א ראָנדטאָנץ

אויער־אויער־אויערהאָן,
פליבקער פויגל אויערהאָן,
ווו ביסטו געפלויגן,
ווו ביסטו געוועזן?

אין אַ וויַטן לאַנד,
אין אַ שיינעם לאַנד,
טויזנט וועלדער, טויזנט בערג,
און דערנאָך אַ ווונדערלאַנד.

וועלדער ווילדער וועלדערלינג,
ווונדער, וואַנדער ווונדערלינג.

אויער־אויער־אויערהאָן,
שיינער פויגל אויערהאָן,
ווי ביסטו געוועזן
באַקליידט אויפן וועג?
ווי ביסטו געוועזן
פאַרפוצט אויפן וועג?

גינגאָלד־קאַמען אויפן קאָפ,
דימענט־רינגען אויף די פיס,
רויטע סאַמעט אויף די פליגלען,
רויטע קרעלן אויפן האַלדז.

רינגל ראַנגל ראַנגעלינג,
פויגל פליגל פליגעלינג.

אויער־אויער־אויערהאָן,
האַרציק פויגל אויערהאָן,
ווי ביסטו געפלויגן
אַליין און אַליין?

די זון פאַר אַ חבר,
דעם ווינט פאַר אַ קנעכט,
וויַסוואָלקן לינקס
און וויַסוואָלקן רעכטס,
לענדער גרין און הימל בלאָ,
הונדערט מיַילן אין אַ שעה.

לענדער לינדער לאַנדערלינג,
וואָלקן וועלקל וואָלקעלינג.

אויער־אויער־אויערהאָן,
ליבער פויגל אויערהאָן,
וואָס האָסטו געגעסן
אין גאַנצן וועג?
וואָס האָסטו געטרונקען
אין גאַנצן וועג?

געטרונקען אַ טוי
פון אַ זילבערנעם בלאַט,
געגעסן אַ ווייץ
פון אַ גילדערנעם זאַנג,
געווישט זיך דאָס מויל
מיט אַ זיַדענעם קווייט.

זאַנגען זוניק זאַנגעלינג,
זילבער, זעלבער זילבערלינג.

אויער־אויער־אויערהאָן,
וואַנדער־פֿויגל אויערהאָרן
וואָס האָסטו געטאָן
אַ גאַנצן טאָג?
ווו ביסטו געשלאָפֿן
אַ גאַנצע נאַכט?

געזונגען אַ ליד
פֿון פֿרי ביז שפּעט,
געשלאָפֿן בײַ נאַכט
אויף אַ שטערן־געבעט,
געהערט אינעם שלאָף
ווי די פֿײַערפֿליג רעדט.

שטערן שימער שעמערלינג,
פֿײַער פֿליגל פֿײַערלינג.

אויער־אויער־אויערהאָן,
קלוגער פֿויגל אויערהאָן.
וואָס האָסטו געזען
אין שיינעם לאַנד?
וואָס האָסטו געמערקט
אין ווונדערלאַנד?

הײַזער פֿון וואַסער,
און אויוונס פֿון אײַז,
ביימער וואָס קרייען
און פֿיש כאַפּן מײַז,
לעמער מיט פֿליגלען
און קעמלען אָן קעפּ,
הינער וואָס ריידן
און ענטלעך מיט צעפּ.

לעמער, לאַמער, לעמערלינג,
קעמל, קאַמל, קעמעלינג.

אויער־אויער־אויערהאָן,
קאַרגער, קאַרגער אויערהאָן,
אַלע לענדער אויסגעוועזן
און די קינדער נישט געבראַכט,
אַלע ווונדער אָנגעזען,
און די קינדער אָפּגענאַרט.

אַלע לענדער אויסגעוועזן,
און אַ שיין געשאַנק געבראַכט,
אַלע ווונדער אָנגעזען,
און פֿון ווײַט אַ ליד געבראַכט.

לידל, לעדל, לידערלינג,
זעמער, זומער, זעמערלינג,
אויער־אויער־אויערהאָן,
קינדער־פֿויגל אויערהאָן,
לידל, לעדל, לידערלינג,
זעמער, זומער, זעמערלינג.

## די בין

פֿון איר קלײנעם קעמערל,
זשומענדיק אַ זמרל,
קומט־אַרויס די גאָלדענע
רירעווודיקע בין.

זעט זי ווי אַ בײטעלע,
שפּירט זי ווי אַ קווייטעלע,
שפּרייטנדיק די פֿליגעלעך
לאָזט זי זיך אַהין.

שמעקנדיק און זוכנדיק,
לעקנדיק און ניוכענדיק [1],
אונטער יעדן גרעזעלע,
אונטער יעדן בלאַט —

נעמט זי נאָר וואָס וויכטיק איז,
ריכטיק זיס און ציכטיק איז,
קלײַבט זי נאָר וואָס ניצלעך איז,
מײַדט זי אויס וואָס שאַדט...

ביז, זיך פֿלײַסיק מיענדיק,
זויגנדיק און ציענדיק,
אין איר קלײנעם מײַלכעלע
זאַפּט פֿון גראָז און בלום —

שאַפּט זי אין איר מעגנדל
זיך אַ קלײן פֿאַרמעגנדל,
שטאָפּן אָנגעקליבענע
פֿון דער וועלט אַרום...

דאַן, ווען אָפּגעפּטרט זי
האָט דאָס קלײַבן, פֿלאַטערט זי
מיט איר גרויסן אוצרל
אין איר קלײנעם הויז.

ווען זי האָט געפֿונען שוין,
וואָס זי דאַרף, אין זונענשײַן,
אַרבעט זי אין פֿינצטערניש
זיסן האָניק אויס...

*

## קאָן איך ניט פֿאַרשטײן

קומט אַ פֿויגל צו דער שויב,
קלאַפּט ער צוויי מאָל אָן.
— פֿויגל שיין, דו, פֿויגל קלײן,
וואָס זאָל איך דיר טאָן?

---

[1] אָרומזוכנדיק מיט דער נאָז.

מוזיק — מיכל געלבאַרט




צוויק־צוויק־צוויק און צוויק־צוויק־צוויק,
און אַ וואָרט גיט מיין,
צוויק־צוויק־צוויק און צוויק־צוויק־צוויק,
קאָן איך ניט פֿאַרשטיין...

*

קומט אַ שטורעם פֿון דער ווײַט,
רײַסט ער אויף די טיר,

— שטורעם בייזער, זאָג מיר, וואָס
דו פֿאַרלאַנגסט פֿון מיר?

מוזיק — סאָלאָמאָן גאָלוב




ווו־ווו־ווו און ווו־ווו־ווו,
און אַ וואָרט ניט מיין,
ווו־ווו־ווו און ווו־ווו־ווו,
קאָן איך ניט פֿאַרשטיין...

*

קום איך צו אַ וואַסערל,
הער איך ווי ער שרײַט.
— וואַסער ליבער, זאָג מיר, וואָס
דײַן געשריי באַטײַט?

פלו־פלו־פלו און פלו־פלו־פלו,
און אַ וואָרט ניט מיין,
פלו־פלו־פלו און פלו־פלו־פלו,
קאָן איך ניט פֿאַרשטיין...

שושקעט זיך דאָס גאַנצע פֿעלד,
ווען איך גיי פֿאַרבײַ.
— זאַנגען ליבע, זאָגט, וואָס מיינט
אײַער שושקערײַ?

שו־שו־שו און שו־שו־שו,
און אַ וואָרט ניט מיין,
שו־שו־שו און שו־שו־שו,
קאָן איך ניט פֿאַרשטיין...

1917

## דאָס טייכל

זיס און היימיש רוישט דאָס טײַכל,
גלאַנצנדיק אין זונענשײַן;
פּלוידערט קינדערש דורך אַ וואַלדבאַרג
און דיביימער שלאָפֿן־אײַן.

אײַנגעליוליעט אין זײַן מורמל
האָט ער אויך די בערג אַרום;
ער אַליין נאָר רעדט און פּלאַפּערט
באַרג און הימל האָרכן שטום.

כ׳ליג האַלב וואַך און האַלב פֿאַרדרעמלט;
ווי פֿאַרנעפּלט איז דער זין;
דורכן שלעפֿערדיקן מוח
פּלאָנטערט זיך דאָס ווערטל גרין.

לאַנגזאַם מישן זיך צוזאַמען
באַרג און הימל, גראָז און קוואַל,
און דער חלומדיקער טומל
פֿון אַ ווײַטן וואַסערפֿאַל.

# דער זינגעמאַרינג

(אַן עלטער קינד אין מיטן און קלענערע רונד אַרום)

דער זינגעמאַרינג איז געגאַנגען אין וואַלד
דער זינגעמאַרינג, דער זינגעמאַרינג.
געגאַנגען אַהין און געגאַנגען אַהער.
קינדער: ווער?

דער זינגעמאַרינג, דער זינגעמאַרינג.
גערעדט צו די פֿייגלען, גערעדט צו דעם גראָז.
קינדער: וואָס?

די שפּראַך פֿון דעם זינגעמאַרינג.
געטאָן זיך אַ הייב אין דער הויך ווי אַ שטרוי.
קינדער: אַזוי?

אַזוי גרינג איז דער זינגעמאַרינג,
געשפּרײַזט אויפֿן טײַך און די פֿיס ניט באַנעצט
קינדער: אַזוי לײַכט?

אַזוי לײַכט איז דער זינגעמאַרינג,
האָסטו אים געזען גיין?
האָט ער אים געזען גיין?
האָט זי אים געזען גיין?
קינדער: ניין!

ניט איך און ניט דו און ניט ער האָט געזען,
ווײַל קיין זינגעמאַרינג איז קיין מאָל ניט געווען.

# ניט געשלאָפֿן, נאָר געוואַכט

אויפֿן קוימען, אויפֿן דאַך,
האַלטן קליינע פֿייגלעך וואַך,
מיט די אייגלעך ווינקען זיי,
פֿון לבֿנה טרינקען זיי.

אָט אַזוי די גאַנצע נאַכט,
ניט געשלאָפֿן, נאָר געוואַכט,
ביז דער הימל צינדט זיך אָן,
ווי דער קאַם בײַם רויטן האָן.

אָט אַזוי די גאַנצע נאַכט,
ניט געשלאָפֿן, נאָר געוואַכט,
ביז דער הימל צינדט זיך אָן,
ווי דער קאַם בײַם רויטן האָן.

ליגן גרילן גרין געקליידט,
פֿירן זיי אַ מין גערייד;
אין די גראָזן ווײַלן זיי,
מיט די צינגלעך פֿײַלן זיי.

ביימער שטייען נעבן שליאַך,
האָבן זיי אַזאַ מין שפּראַך;
ווייט אַ ווינטל, הוידען זיי,
גייט אַ רעגן, סודען זיי.

אָט אַזוי די גאַנצע נאַכט,
ניט געשלאָפֿן, נאָר געוואַכט,
ביז דער הימל צינדט זיך אָן,
ווי דער קאַם בײַם רויטן האָן.

מוזיק — נ. זאַסלאַווסקי



זיצן זשאַבעס ערגעץ ווו,
מאַכן זיי אַן אויג ניט צו;
פֿאַלט אַ שטערן, שלינגען זיי,
און צוזאַמען זינגען זיי.

אָט אַזוי די גאַנצע נאַכט,
ניט געשלאָפֿן, נאָר געוואַכט,
ביז דער הימל צינדט זיך אָן,
ווי דער קאַם בײַם רויטן האָן.

*

## דאָס ליד פֿון דער פֿראָש

געוועזן אַ פֿראָש אין אַ גרין סאַמעט קלייד:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק!
מיט אַ שירצל אַ ווײַסן פֿון פֿאַרנט באַנייט:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק...

אין קאַמער געפֿלאַסטערט מיט גרינעם אַיִר:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק!
פֿון שטראַלן די פֿענצטער, פֿון וואַסער די טיר:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק...

האָט געפֿינטלט די פֿראָש מיט די אייגעלעך שמאָל:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק!
ווער האָט אַזאַ מאַנטל און ווער אַזאַ קול?
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק...

פֿון ברעג אינעם טײַך און פֿון טײַך אויפֿן ברעג:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק!
אַ זונג און אַ שפּרונג, אַזוי גייען די טעג:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק...




ביז געקומען אַ בושל אַ הויכער צו גיין:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק!
די פּיס ווי די שפּענער, דער שנאָבל ווי שטיין:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק...

גענומען די פּראָש מיטן גרינן סאַמעט קלייד:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק!
און די קינדערלעך זײַנע אַ סעודה געגרייט:
— קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק, קוואַק־אַ־וואַק...

1916

# תנך אין יידיש

## רות

א ויהי בימי שפט השפטים ויהי רעב בארץ וילך איש
מבית לחם יהודה לגור בשדי מואב הוא ואשתו ושני
ב בניו: ושם האיש אלימלך ושם אשתו נעמי ושם שני
בניו מחלון וכליון אפרתים מבית לחם יהודה ויבאו
ג שדי־מואב ויהיו־שם: וימת אלימלך איש נעמי ותשאר
ד היא ושני בניה: וישאו להם נשים מאביות שם האחת
ה ערפה ושם השנית רות וישבו שם כעשר שנים: וימותו
גם־שניהם מחלון וכליון ותשאר האשה משני ילדיה
ו ומאישה: ותקם היא וכלתיה ותשב משדי מואב כי
שמעה בשדה מואב כי־פקד יהוה את־עמו לתת להם
ז לחם: ותצא מן־המקום אשר היתה־שמה ושתי כלתיה
ח עמה ותלכנה בדרך לשוב אל־ארץ יהודה: ותאמר נעמי
לשתי כלתיה לכנה שבנה אשה לבית אמה יעשה יהוה
ט עמכם חסד כאשר עשיתם עם־המתים ועמדי: יתן יהוה
לכם ומצאן מנוחה אשה בית אישה ותשק להן ותשאנה

א, ח׳ יעש קרי

א און עס איז געווען אין די טעג וואָס די שופטים* האָבן געהערשט, איז געווען אַ הונגער אין לאַנד. און אַ מאַן איז געגאַנגען פון בית־לחם־יהודה זיך אויפצו־האַלטן אין פעלד פון מואָב, ער מיט זיין ווייב און זיינע צוויי זין. און דער נאָמען פון דעם מאַן איז געווען אֱלימֶלֶך, און דער נאָמען פון זיין ווייב נָעֳמי, און דער נאָמען פון זיינע צוויי זין מַחלון און כִּליון, אֶפרָתער פון בית־לחם־יהודה. און זיי זיינען געקומען אין פעלד פון מואָב, און זיינען דאָרטן געווען. איז געשטאָרבן אֱלימֶלֶך, נָעֳמיס מאַן, און זי איז איבערגעבליבן, מיט אירע צוויי זין. און זיי האָבן גענומען מואָבער ווייבער: דער נאָמען פון איינער איז געווען עָרפָּה און דער נאָמען פון דער צווייטער רות. און זיי זיינען דאָרטן געזעסן אַרום צען יאָר.

און זיי ביידע, מַחלון און כִּליון, זיינען געשטאָרבן, און די פרוי איז געבליבן פאַרעלנדט פון אירע ביידע קינדער און איר מאַן. און זי איז אויפגעשטאַנען מיט אירע שניר, און האָט זיך אומגעקערט פון פעלד פון מואָב, וואָרום זי האָט געהערט אין פעלד פון מואָב אַז גאָט האָט געדאַכט אָן זיין פאָלק, זיי צו געבן ברויט. און זי איז אַרויס פון דעם אָרט וואָס זי איז דאָרטן געווען, און אירע ביידע שניר מיט איר, און זיי זיינען געגאַנגען אין וועג, כדי זיך אומצוקערן צום לאַנד יהודה.

האָט נָעֳמי געזאָגט צו אירע ביידע שניר: גייט קערט אייך אום איטלעכע צו איר מוטערס הויז. זאָל גאָט טאָן מיט אייך חסד אַזוי ווי איר האָט געטאָן מיט די געשטאָרבענע און מיט מיר. זאָל אייך גאָט געבן איר זאָלט געפינען מנוחה איטלעכע אין הויז פון איר מאַן.

*זע שופטים ב, 16.

אין זי האָט זיי געקישט; און זיי האָבן אויפגעהויבן זייער קול און האָבן געוויינט. יא און זיי האָבן צו איר געזאָגט: ניין, נייערט מיר וועלן מיט דיר זיך אומקערן צו דיין פאָלק. יב האָט נעמי געזאָגט: קערט אייך אום, טעכטער מיינע, צוואָס זאָלט איר גיין מיט מיר? האָב איך דען נאָך זין אין מיין לייב, אַז זיי זאָלן אייך ווערן פאַר מאַנען? יג קערט אייך אום, טעכטער מיינע, גייט, וואָרום איך בין צו אַלט צו האָבן אַ מאַן; לאָמיך שוין זאָגן, איך האָב אַ האָפענונג, איך זאָל נאָך די נאַכט האָבן אַ מאַן, און זאָל אויך געבערן זין, יג וועט איר דען אויף זיי אויסקוקן ביז זיי וועלן גרויס ווערן? וועט איר צוליב זיי בלייבן זיצן ניט צו נעמען קיין מאַן? ניין, טעכטער מיינע! וואָרום מיר איז פיל ביטערער פון אייך, וויל גאָטס האַנט איז אויסגעגאַנגען אויף מיר

יד האָבן זיי אויפגעהויבן זייער קול און האָבן ווידער געוויינט. און ערפּה האָט זיך צעקושט מיט איר שוויגער, אָבער רות האָט זיך באַהעפט אָן איר. טו האָט זי געזאָגט: זע, דיין שוועגערין האָט זיך אומגעקערט צו איר פאָלק און צו איר גאָט; קער זיך אום נאָך דיין שוועגערין. טז האָט רות געזאָגט: זאָלסט מיך ניט בעטן דיך צו פאַרלאָזן, זיך אומצוקערן פון הינטער דיר, וואָרום וווהין דו וועסט גיין, וועל איך גיין, און וווּ דו וועסט נעכטיקן, וועל איך נעכטיקן; דיין פאָלק איז מיין פאָלק, און דיין גאָט איז מיין גאָט. יז וווּ דו וועסט שטאַרבן, וועל איך שטאַרבן, און דאָרטן וועל איך באַגראָבן ווערן. זאָל מיר גאָט טאָן אַזוי און נאָך מער! נאָר דער טויט וועט פאַנאַנדערשיידן צווישן מיר און צווישן דיר

י קולן ותבכינה: ותאמרנה־לה כי־אתך נשוב לעמך:
יא ותאמר נעמי שבנה בנתי למה תלכנה עמי העוד לי
יב בנים במעי והיו לכם לאנשים: שבנה בנתי לכן כי
זקנתי מהיות לאיש כי אמרתי יש־לי תקוה גם הייתי
יג הלילה לאיש וגם ילדתי בנים: הלהן ׀ תשברנה עד
אשר יגדלו הלהן תעגנה לבלתי היות לאיש אל בנתי
יד כי־מר־לי מאד מכם כי־יצאה בי יד־יהוה: ותשנה קולן
ותבכינה עוד ותשק ערפה לחמותה ורות דבקה בה:
טו ותאמר הנה שבה יבמתך אל־עמה ואל־אלהיה שובי
טז אחרי יבמתך: ותאמר רות אל־תפגעי־בי לעזבך לשוב
מאחריך כי אל־אשר תלכי אלך ובאשר תליני אלין עמך
יז עמי ואלהיך אלהי: באשר תמותי אמות ושם אקבר
כה יעשה יהוה לי וכה יסיף כי המות יפריד ביני ובינך:
יח ותרא כי־מתאמצת היא ללכת אתה ותחדל לדבר אליה:
יט ותלכנה שתיהם עד־בואנה בית לחם ויהי כבואנה בית
לחם ותהם כל־העיר עליהן ותאמרנה הזאת נעמי:
כ ותאמר אליהן אל־תקראנה לי נעמי קראן לי מרא כי־
כא המר שדי לי מאד: אני מלאה הלכתי וריקם השיבני
יהוה למה תקראנה לי נעמי ויהוה ענה בי ושדי הרע
כב לי: ותשב נעמי ורות המואביה כלתה עמה השבה
משדי מואב והמה באו בית לחם בתחלת קציר שערים:

ב

א ולנעמי מידע לאישה איש גבור חיל ממשפחת אלימלך
ב ושמו בעז: ותאמר רות המואביה אל־נעמי אלכה־נא
השדה ואלקטה בשבלים אחר אשר אמצא־חן בעיניו
ג ותאמר לה לכי בתי: ותלך ותבוא ותלקט בשדה אחרי
הקצרים ויקר מקרה חלקת השדה לבעז אשר ממשפחת

יא, י' כצ"ל   יד' ח"א   כ' א' במקום ה'. ב, א' מודע קרי

יח און זי האָט געזען, אַז זי האַלט זיך פעסט צו גיין מיט איר, און זי האָט אויפגעהערט זי אָפּצורעדן. יט און זיי זיינען ביידע געגאַנגען ביז זיי זיינען געקומען קיין בית־לחם. און עס איז געווען, ווי זיי זיינען אָנגעקומען קיין בית־לחם אַזוי האָט די גאַנצע שטאָט געטומלט מיט זיי, און די ווייבער] האָבן געזאָגט: איז דאָס נעמי? כ האָט זי צו זיי געזאָגט: איר זאָלט מיך ניט רופן נעמיא, רופט מיך מרהב, וואָרום דער אַלמאַכטיקער האָט מיר זייער פאַרביטערט. כא אַ פולע בין איך אַרויסגעגאַנגען, און ליידיק האָט מיך גאָט אומגעקערט. נאָך וואָס רופט איר מיך נעמי, אַז גאָט איז מיין קלעגער געוואָרן, און דער אַלמאַכטיקער האָט מיר שלעכטס געטאָן

כב אַזוי האָט זיך אומגעקערט נעמי, און איר שנור רות די מואָבערין מיט איר, די וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דעם פעלד פון מואָב. און זיי זיינען אָנגעקומען אין בית־לחם אין אָנהייב גערשטנשניט

ב א און נעמי האָט געהאַט איר מאַנס אַ קרוב, אַ ווילפאַרמעגלעכן מאַן פון אלימלכס משפחה, וואָס זיין נאָמען איז געווען בועז

ב און רות די מואָבערין האָט געזאָגט צו נעמין: לאָמיך גיין, איך בעט דיך, אין פעלד, און איך וועל אויפקלייבן זאַנגען הינטער דעם וואָס איך וועל געפינען לייטזעליקייט אין זיינע אויגן. האָט זי געזאָגט צו איר: גיי, מיין טאָכטער ג איז זי אַוועק, און איז געקומען און האָט געקליבן אין פעלד הינטער די שניטערס, און אויף איר טראָף האָט זיך

א זיסע   ב ביטערע

ד אלימלך׃ והנה־בעז בא מבית לחם ויאמר לקוצרים
ה יהוה עמכם ויאמרו לו יברכך יהוה׃ ויאמר בעז לנערו
ו הנצב על־הקוצרים למי הנערה הזאת׃ ויען הנער הנצב
על־הקוצרים ויאמר נערה מואביה היא השבה עם־נעמי
ז משדה מואב׃ ותאמר אלקטה־נא ואספתי בעמרים אחרי
הקוצרים ותבוא ותעמוד מאז הבקר ועד־עתה זה שבתה
ח הבית מעט׃ ויאמר בעז אל־רות הלוא שמעת בתי
אל־תלכי ללקט בשדה אחר וגם לא תעבורי מזה וכה
ט תדבקין עם־נערתי׃ עיניך בשדה אשר־יקצרון והלכת
אחריהן הלוא צויתי את־הנערים לבלתי נגעך וצמת
י והלכת אל־הכלים ושתית מאשר ישאבון הנערים׃ ותפל
על־פניה ותשתחו ארצה ותאמר אליו מדוע מצאתי חן
יא בעיניך להכירני ואנכי נכריה׃ ויען בעז ויאמר לה הגד
הגד לי כל אשר־עשית את־חמותך אחרי מות אישך
ותעזבי אביך ואמך וארץ מולדתך ותלכי אל־עם אשר
יב לא־ידעת תמול שלשום׃ ישלם יהוה פעלך ותהי
משכרתך שלמה מעם יהוה אלהי ישראל אשר־באת
יג לחסות תחת־כנפיו׃ ותאמר אמצא־חן בעיניך אדני כי
נחמתני וכי דברת על־לב שפחתך ואנכי לא אהיה כאחת
יד שפחתיך׃ ויאמר לה בעז לעת האכל גשי הלם ואכלת
מן־הלחם וטבלת פתך בחמץ ותשב מצד הקוצרים
טו ויצבט־לה קלי ותאכל ותשבע ותתר׃ ותקם ללקט ויצו
בעז את־נעריו לאמר גם בין העמרים תלקט ולא
טז תכלימוה׃ וגם של־תשלו לה מן־הצבתים ועזבתם
יז ולקטה ולא תגערו־בה׃ ותלקט בשדה עד־הערב ותחבט
יח את אשר־לקטה ויהי כאיפה שערים׃ ותשא ותבוא
העיר ותרא חמותה את אשר־לקטה ותוצא ותתן־לה

געטראָפֿן דאָס שטיק פֿעלד פֿון בועזן וואָס פֿון אֱלימֶלֶכס משפּחה. ד ערשט בועז איז אָנגעקומען פֿון בֵּית־לֶחֶם, און האָט געזאָגט צו די שניטערס: גאָט מיט אײַך! און זיי האָבן צו אים געזאָגט: בענטשן זאָל דיך גאָט! ה האָט בועז גער זאָגט צו זײַן יונג וואָס איז געשטאַנען איבער די שניטערס: וועמעס איז דידאָזיקע יונגע פֿרוי? ו האָט געענטפֿערט דער יונג וואָס איז געשטאַנען איבער די שניטערס, און האָט געזאָגט: דאָס איז אַ יונגע פֿרוי אַ מואָבערין, וואָס האָט זיך אומגעקערט מיט נָעמין פֿון דעם פֿעלד פֿון מואָב; ז און זי האָט געזאָגט: לאָמיך קלײַבן, איך בעט דיך, און אויפֿזאַמלען צווישן די גאַרבן הינטער די שניטערס; און זי איז געקומען און איז געשטאַנען פֿון זינט פֿרימאָרגן אַזש ביז אַצונד; דאָס בלײַבן אירס אין דער היים איז בלויז געווען אַ ווײַלע. ח האָט בועז געזאָגט צו רותן: פֿאַרוואָר, דו הערסט מײַן טאָכטער? זאָלסט ניט גיין קלײַבן אין אַן אַנדער פֿעלד, און זאָלסט אויך ניט אַוועקגיין פֿון דאַנען; נאָר דאָ זאָלסטו זיך האַלטן מיט מײַנע מיידלעך. ט דײַנע אויגן זאָלן זײַן אויף דעם פֿעלד וואָס זיי שנײַדן, און זאָלסט גיין הינטער זיי. פֿאַרוואָר, איך האָב באַפֿוילן די יונגען, דיך ניט אָנצורירן; און אַז דיר וועט דאָרשטן, זאָלסטו גיין צו די כּלים, און טרינקען פֿון וואַנען די יונגען שעפּן.

י און זי איז געפֿאַלן אויף איר פּנים. און האָט זיך געבוקט צו דער ערד, און האָט צו אים געזאָגט: פֿאַרוואָס האָב איך געפֿונען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן, מיך צו דער קענען, אַז איך בין אַ פֿרעמדע? יא האָט בועז געענטפֿערט און האָט צו איר געזאָגט: דערציילן איז מיר דערציילט געוואָרן אַלץ וואָס דו האָסט געטאָן מיט דײַן שוויגער נאָך דײַן מאַנס טויט, און אַז דו האָסט פֿאַרלאָזן דײַן פֿאָטער און דײַן מוטער, און דאָס לאַנד פֿון דײַן געבאָרנשאַפֿט, און ביסט געגאַנגען צו אַ פֿאָלק וואָס דו האָסט ניט געקענט פֿון נעכטן אייערנעכטן. יב זאָל גאָט באַצאָלן דײַן טואונג, און דײַן שׂכר זאָל זײַן פֿאַרפֿול פֿון יהוה דעם גאָט פֿון ישׂראל וואָס דו ביסט געקומען זיך באַשיצן אונטער זײַנע פֿליגלען. יג האָט זי געזאָגט: לאָמיך געפֿינען לײַטזעליקייט אין דײַנע אויגן, מײַן האַר! ווײַל דו האָסט מיך געטרייסט. און ווײַל דו האָסט גערעדט צום האַרצן פֿון דײַן דינסט. און איך בין צומאָל ניט ווי איינע פֿון דײַנע דינסטן. יד האָט בועז צו איר געזאָגט: אין דער צײַט פֿון עסן, גענען אַהער, און וועסט עסן פֿון דעם ברויט, און וועסט אײַנטונקען דײַן ביסן אין זויערס.

און זי איז געזעסן בײַ דער זײַט פֿון די שניטערס. און מע האָט איר דערלאַנגט געבריטענע זאַנגען, און זי האָט געגעסן און איז זאַט געוואָרן, און האָט נאָך איבערגעלאָזן. טו און ווי זי איז אויפֿגעשטאַנען צו קלײַבן, האָט בועז באַפֿוילן זײַנע יונגען, אַזוי צו זאָגן: אויך צווישן די גאַרבן זאָל זי קלײַבן, און איר זאָלט זי ניט פֿאַרשעמען. טז און אויך אַרויסציען פֿון די בינטלעך זאָלט איר פֿאַר איר אַרויסציען, און איבערלאָזן, אַז זי זאָל אויפֿקלײַבן; און איר זאָלט ניט אָנשרײַען אויף איר.

יז און זי האָט געקליבן אין פֿעלד ביזן אָוונט, און זי האָט אויסגעקלאַפּט וואָס זי האָט אָנגעקליבן, און עס איז געווען אַרום אַן אֵיפָה גערשטן. יח און זי האָט עס גענומען און איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטאָט. און איר שוויגער האָט געזען וואָס זי האָט אָנגעקליבן, אויך האָט זי אַרויסגענומען און איר געגעבן וואָס זי האָט איבערגעלאָזן נאָך איר זעט.

יט את אשר־הותרה משבעה: ותאמר לה חמותה איפה
לקטת היום ואנה עשית יהי מכירך ברוך ותגד לחמותה
את אשר־עשתה עמו ותאמר שם האיש אשר עשיתי
כ עמו היום בעז: ותאמר נעמי לכלתה ברוך הוא ליהוה
אשר לא־עזב חסדו את־החיים ואת־המתים ותאמר לה
כא נעמי קרוב לנו האיש מגאלנו הוא: ותאמר רות המואביה
גם כי־אמר אלי עם־הנערים אשר־לי תדבקין עד אם־
כב כלו את כל־הקציר אשר־לי: ותאמר נעמי אל־רות
כלתה טוב בתי כי תצאי עם־נערותיו ולא יפגעו־בך
כג בשדה אחר: ותדבק בנערות בעז ללקט עד־כלות
קציר־השערים וקציר החטים ותשב את־חמותה:

ג

א ותאמר לה נעמי חמותה בתי הלא אבקש־לך מנוח
ב אשר ייטב־לך: ועתה הלא בעז מדעתנו אשר היית את־
נערותיו הנה־הוא זרה את־גרן השערים הלילה:
ג ורחצת וסכת ושמת שמלתך עליך וירדתי הגרן אל־
ד תודעי לאיש עד כלתו לאכל ולשתות: ויהי בשכבו
וידעת את־המקום אשר ישכב־שם ובאת וגלית מרגלתיו
ה ושכבתי והוא יגיד לך את אשר תעשין: ותאמר אליה
ו כל אשר־תאמרי אעשה: ותרד הגרן ותעש ככל
ז אשר־צותה חמותה: ויאכל בעז וישת וייטב לבו ויבא
לשכב בקצה הערמה ותבא בלט ותגל מרגלתיו ותשכב:
ח ויהי בחצי הלילה ויחרד האיש וילפת והנה אשה
ט שכבת מרגלתיו: ויאמר מי־את ותאמר אנכי רות אמתך
י ופרשת כנפך על־אמתך כי גאל אתה: ויאמר ברוכה
את ליהוה בתי היטבת חסדך האחרון מן־הראשון
יא לבלתי־לכת אחרי הבחורים אם־דל ואם־עשיר: ועתה

ב, כא׳ חצי הספר בפסוקים   ג, ג שמלתיך ק׳   וירדת קרי   ד׳ ושכבת קרי
ה׳ אלי קרי ולא כתיב   ט׳ ס״א אמתך

19 האָט איר שוויגער צו איר געזאָגט: ווו האָסטו געקליבן
היינט, און ווו האָסטו געאַרבעט? געבענטשט זאָל זיין דער
וואָס האָט זיך אומגעקוקט אויף דיר! האָט זי דערציילט
איר שוויגער ביי וועמען זי האָט געאַרבעט, און זי האָט
געזאָגט: דער נאָמען פון דעם מאַן וואָס איך האָב ביי אים
היינט געאַרבעט, איז בועז. 20 האָט נעמי געזאָגט צו איר
שנור: געבענטשט זאָל ער זיין פון גאָט, וואָס האָט ניט פאַר-
לאָזן זיין חסד מיט די לעבעדיקע און מיט די טויטע! און
נעמי האָט צו איר געזאָגט: דער מאַן איז אונדזערער אַ
נאָענטער. ער איז פון אונדזערע אויסלייזער[א]. 21 האָט רות
די מואָבערין געזאָגט: ער האָט מיר אויך אָנגעזאָגט: לעבן
די יונגען וואָס ביי מיר זאָלסטו זיך האַלטן, ביז וואַנען זיי
וועלן ענדיקן דעם גאַנצן שניט וואָס ביי מיר. 22 האָט נעמי
געזאָגט צו רות איר שנור: עס איז גוט, מיין טאָכטער, אַז
דו זאָ׳סט אַרויסגיין מיט זיינע מיידלעך, און מע זאָל דיך
ניט אָנטרעפן אין אַן אַנדער פעלד.
23 און זי האָט זיך געהאַלטן אָן בועזעס מיידלעך, צו
קלייבן ביז צום סוף פון גערשטנשניט און ווייצשניט. און
זי איז געזעסן ביי איר שוויגער.

ג 1 און נעמי איר שוויגער האָט צו איר געזאָגט: מיין טאָכ-
טער, זאָל איך דיר ניט אויפזוכן אַן אָפּרו וואָס זאָל גוט
זיין פאַר דיר? 2 און אַצונד, איז ניט בועז אונדזערער אַ
קרוב-דער וואָס דו ביסט געווען מיט זיינע מיידלעך? אָט
ווינטשופלט ער די נאַכט דעם שייער גערשטן. 3 זאָלסטו
זיך אַרומוואַשן און באַזאַלבן און אָנטאָן אויף דיר דיינע
קליידער, און אַראָפּנידערן צום שייער; זאָלסט זיך ניט לאָזן מערקן פון דעם מאַן, ביז ער האָט געענדיקט עסן און
טרינקען. 4 און עס וועט זיין ווי ער וועט זיך לייגן, אַזוי זאָלסטו מערקן דעם אָרט וואָס ער וועט זיך דאָרטן לייגן. און
זאָלסט צוקומען און אָפּדעקן זיין צופוסן, און זיך אַוועקלייגן; און ער וועט דיר זאָגן וואָס דו זאָלסט טאָן. 5 האָט זי צו
איר געזאָגט: אַלץ וואָס דו זאָגסט מיר וועל איך טאָן.
6 און זי האָט אַראָפּגענידערט צום שייער, און האָט געטאָן אַזוי ווי אַלץ וואָס איר שוויגער האָט איר געהייסן. 7 און
בועז האָט געגעסן און געטרונקען, און זיין האַרץ איז געווען פריילעך, און ער איז געגאַנגען זיך לייגן אין עק פון דעם
תבואה־הויפן. איז זי צוגעקומען שטילערהייט, און האָט אָפּגעדעקט זיין צופוסן, און האָט זיך געלייגט. 8 און עס איז
געווען אין האַלבע נאַכט, האָט דער מאַן אויפגעציטערט, און ער האָט זיך אויסגעדרייט, ערשט אַ פרוי ליגט אים צו־
פוסן. 9 האָט ער געזאָגט: ווער ביסטו? האָט זי געזאָגט: איך בין רות דיין דינסט; און זאָלסט אויסשפּרייטן דיין ברעג קלייד
איבער דיין דינסט, וואָרום אַן אויסלייזער ביסטו. 10 האָט ער געזאָגט: געבענטשט זאָלסטו זיין פון גאָט, מיין טאָכטער; דיין
לעצטע גוטסקייט האָסטו נאָך שענער געטאָן פון דער ערשטער, ניט צו גיין נאָך די בחורים, צי אָרים צי רייך. 11 און אַצונד,

א אַ קרוב וואָס האָט דאָס רעכט אויסצולייזן אָדער נעמען פאַר ווייב.

בתי אל־תיראי כל אשר־תאמרי אעשה־לך כי יודע כל־
שער עמי כי אשת חיל את׃ ועתה כי אמנם כי אם גאל יב
אנכי וגם יש גאל קרוב ממני׃ ליני הלילה והיה יג
בבקר אם־יגאלך טוב יגאל ואם־לא יחפץ לגאלך
וגאלתיך אנכי חי־יהוה שכבי עד־הבקר׃ ותשכב מרגלתו יד
עד־הבקר ותקם בטרום יכיר איש את־רעהו ויאמר אל־
יודע כי־באה האשה הגרן׃ ויאמר הבי המטפחת אשר־ טו
עליך ואחזי־בה ותאחז בה וימד שש־שערים וישת עליה
ויבא העיר׃ ותבוא אל־חמותה ותאמר מי־את בתי טז
ותגד־לה את כל־אשר עשה־לה האיש׃ ותאמר שש־ יז
השערים האלה נתן לי כי אמר אלי אל־תבואי ריקם אל־
חמותך׃ ותאמר שבי בתי עד אשר תדעין איך יפל יח
דבר כי לא ישקט האיש כי אם־כלה הדבר היום׃

ד

ובעז עלה השער וישב שם והנה הגאל עבר אשר דבר־ א
בעז ויאמר סורה שבה־פה פלני אלמני ויסר וישב׃
ויקח עשרה אנשים מזקני העיר ויאמר שבו־פה וישבו׃ ב
ויאמר לגאל חלקת השדה אשר לאחינו לאלימלך ג
מכרה נעמי השבה משדה מואב׃ ואני אמרתי אגלה ד
אזנך לאמר קנה נגד הישבים ונגד זקני עמי אם־תגאל
גאל ואם־לא יגאל הגידה לי ואדע כי אין זולתך לגאול
ואנכי אחריך ויאמר אנכי אגאל׃ ויאמר בעז ביום ה
קנותך השדה מיד נעמי ומאת רות המואביה אשת־המת
קניתי להקים שם־המת על־נחלתו׃ ויאמר הגאל לא ו
אוכל לגאול־לי פן־אשחית את־נחלתי גאל־לך אתה את־
גאלתי כי לא־אוכל לגאל׃ וזאת לפנים בישראל על־ ז

ג, יב׳ כתיב ולא קרי  יג׳ ני זעירא  קמץ בז״ק  יד׳ מרגלותיו קרי  יתיר ו  טו׳ הבי  כא זעירא  יז׳ אלי קרי ולא כתיב  ד, א׳ פלני  ד׳ קמץ בז״ק  סבירין תגאל  ואדעה קרי  ה׳ קניתה קרי  ו׳ יתיר ו

מיין טאָכטער, זאָלסטו ניט מורא האָבן; אַלץ וואָס דו וועסט זאָגן, וועל איך דיר טאָן, וואָרום דער גאַנצער טויער פון מיין פאָלק ווייס אַז דו ביסט אַ ווילע פרוי. [יב] און אַצונד, יאָ אמת, אַז אַן אויסלייזער בין איך, אָבער פאַראַן אַן אויסלייזער נענטער פון מיר. [יג] בלייב די נאַכט, און עס וועט זיין אין דער פרי, אויב ער וועט דיך אויסלייזן, איז גוט, זאָל ער אויסלייזן; אויב אָבער ער וועט דיך ניט וועלן אויסלייזן, וועל איך דיך אויסלייזן, אַזוי ווי גאָט לעבט! ליג ביז אין דער פרי.

[יד] איז זי געלעגן ביי אים צופוסן ביז באַגינען, און זי איז אויפגעשטאַנען אײדער אײנער האָט געקענט דער־קענען דעם אַנדערן; וואָרום ער האָט געזאָגט: עס זאָל ניט דערוווּסט ווערן אַז די פרוי איז געקומען אין שײער.

[טו] און ער האָט געזאָגט: גיב אַהער דאָס טוך וואָס אויף דיר, און האַלט עס צו. האָט זי עס צוגעהאַלטן, און ער האָט אַרײַנגעמאָסטן זעקס מאָס גערשטן, און אַרויפ־געטאָן אויף איר. און ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין שטאָט.

[טז] און זי איז געקומען צו איר שוויגער. האָט זי געזאָגט: ווי איז דאָס מיט דיר, מיין טאָכטער? האָט זי איר דער־ציילט אַלץ וואָס דער מאַן האָט צו איר געטאָן. [יז] און זי האָט געזאָגט: די זעקס מאָס גערשטן האָט ער מיר געגעבן, ווייל ער האָט צו מיר געזאָגט: זאָלסט ניט קומען מיט ליידיקן צו דיין שוויגער. [יח] האָט זי געזאָגט: זיץ, מיין טאָכטער, ביז וואַנען וועסט וויסן ווי די זאַך וועט אויספאַלן, וואָרום דער מאַן וועט ניט רוען, ביז ער האָט געענדיקט די זאַך היינט.

ד [א] און בוֹעַז איז אַרויפגעגאַנגען צום טויער, און האָט זיך דאָרטן געזעצט, ערשט דער אויסלייזער פון וועמען בוֹעַז האָט גערעדט, גייט פאַרביי. האָט ער געזאָגט: קום אַהער זעץ זיך דאָ, דער און דער. איז ער צוגעקומען און האָט זיך געזעצט.

[ב] און ער האָט גענומען צען מענטשן פון די עלטסטע פון שטאָט, און ער האָט געזאָגט: זעצט אײַך דאָ. און זיי האָבן זיך געזעצט. [ג] האָט ער געזאָגט צום אויסלייזער: נָעמי וואָס האָט זיך אומגעקערט פון פעלד פון מואָב, פאַר־קויפט דאָס שטיק פעלד וואָס האָט געהערט צו אונדזער ברודער, צו אֱלימֶלֶכן. [ד] האָב איך געקלערט: איך וועל אַנט־פּלעקן דיין אויער, אַזוי צו זאָגן: קויף עס אַנטקעגן פאַר די וואָס זיצן דאָ, און אַנטקעגן פאַר די עלטסטע פון מיין פאָלק. אויב דו ווילסט אויסלייזן, לייז אויס! אויב אָבער מע וועט ניט אויסלייזן, זאָג מיר, כּדי איך זאָל עס וויסן, וואָרום ניטאָ קיינער אַחוץ דיר אויסצולייזן, און איך בין נאָך דיר. האָט ער געזאָגט: איך וועל אויסלייזן. [ה] האָט בוֹעַז געזאָגט: אין דעם טאָג וואָס דו קויפסט דאָס פעלד פון נָעמיס האַנט, און פון רות דער מואָבערין, האָסטו געקויפט די ווייב פון דעם געשטאָרבענעם, כּדי אויפצושטעלן דעם נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם אויף זיין נחלה. [ו] האָט דער אויסלייזער געזאָגט: איך קען עס ניט אויסלייזן פאַר מיר, וואָרום איך וועל נאָך פאַרדאַרבן מיין אייגענע נחלה. לייז דיר דו אויס וואָס איך דאַרף אויסלייזן, וואָרום איך קען ניט אויסלייזן.

הגאולה ועל־התמורה לקים כל־דבר שלף איש נעלו
ח ונתן לרעהו וזאת התעודה בישראל: ויאמר הגאל
ט לבעז קנה־לך וישלף נעלו: ויאמר בעז לזקנים וכל־
העם עדים אתם היום כי קניתי את־כל־אשר לאלימלך
י ואת כל־אשר לכליון ומחלון מיד נעמי: וגם את־רות
המאביה אשת מחלון קניתי לי לאשה להקים שם־המת
על־נחלתו ולא־יכרת שם־המת מעם אחיו ומשער מקומו
יא עדים אתם היום: ויאמרו כל־העם אשר־בשער והזקנים
עדים יתן יהוה את־האשה הבאה אל־ביתך כרחל ו
כלאה אשר בנו שתיהם את־בית ישראל ועשה־חיל
יב באפרתה וקרא־שם בבית לחם: ויהי ביתך כבית פרץ
אשר־ילדה תמר ליהודה מן־הזרע אשר יתן יהוה לך
יג מן־הנערה הזאת: ויקח בעז את־רות ותהי־לו לאשה
יד ויבא אליה ויתן יהוה לה הריון ותלד בן: ותאמרנה
הנשים אל־נעמי ברוך יהוה אשר לא השבית לך גאל
טו היום ויקרא שמו בישראל: והיה לך למשיב נפש
ולכלכל את־שיבתך כי כלתך אשר־אהבתך ילדתו
טז אשר־היא טובה לך משבעה בנים: ותקח נעמי את־
יז הילד ותשתהו בחיקה ותהי־לו לאמנת: ותקראנה לו
השכנות שם לאמר ילד־בן לנעמי ותקראנה שמו עובד
יח הוא אבי־ישי אבי דוד: ואלה תולדות פרץ פרץ הוליד
יט את־חצרון: וחצרון הוליד את־רם ורם הוליד את־
כ עמינדב: ועמינדב הוליד את־נחשון ונחשון הוליד את־
כא שלמה: ושלמון הוליד את־בעז ובעז הוליד את־עובד:
כב ועבד הוליד את־ישי וישי הוליד את־דוד:

[illegible]

סכום פסוקי דספר רות שמונים וחמשה. וסימנו מירת שבה בת פלני אלמני. וחציו ותאמר רות המואביה גם כי אמר אלי:

ז און אַזוי איז געווען פאַרצייטן אין ישׂראל: ביי אַן אויסלייז אָדער ביי אַן אויסבייט, צו באַפעסטיקן עפּעס אַ זאַך, האָט איינער אַראָפּגעצויגן זיין שוך און געגעבן דעם אַנדערן. און דאָס איז געווען צום עדות אין ישׂראל.
ח האָט דער אויסלייזער געזאָגט צו בועזן: קויף עס דיר. און ער האָט אַראָפּגעצויגן זיין שוך. ט און בועז האָט געזאָגט צו די עלטסטע, און צו דעם גאַנצן פאָלק: איר זייט עדות היינט, אַז איך האָב אָפּגעקויפט אַלץ וואָס האָט געהערט צו אֶלימֶלֶכן, און אַלץ וואָס האָט געהערט צו כִּליונען און מַחלונען, פון נָעמיס האַנט. י און אויך רות די מואָבערין, מַחלונס ווייב, האָב איך געקויפט מיר פאַר אַ ווייב, כּדי אויפצושטעלן דעם נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם אויף זיין נחלה, אַז דער נאָמען פון דעם געשטאָרבענעם זאָל ניט פאַרשניטן ווערן פון צווישן זיינע ברידער, און פון דעם טויער פון זיין אָרט; איר זייט עדות היינט. יא האָט געזאָגט דאָס גאַנצע פאָלק וואָס אין טויער, און די עלטסטע: עדות! גאָט זאָל געבן אַז די ווייב וואָס קומט אַן אין דיין הויז זאָל זיין אַזוי ווי רחל און אַזוי ווי לאה וואָס זיי ביידע האָבן אויפגעבויט דאָס הויז פון ישׂראל! און טו אויף העלדישקייט אין אֶפרָת, און האָב אַ באַרופענעם נאָמען אין בית־לֶחֶם! יב און דיין הויז זאָל זיין אַזוי ווי דאָס הויז פון פֶּרֶצן וואָס תָּמָר האָט געבאָרן יהודהן, פון דעם זאָמען וואָס גאָט וועט דיר געבן פון דערדאָזיקער יונגער פרוי!

יג און בועז האָט גענומען רותן, און זי איז אים געוואָרן פאַר אַ ווייב. און ער איז צו איר געקומען. און גאָט האָט איר געגעבן טראָגשאַפט, און זי האָט געבאָרן אַ זון. יד האָבן די ווייבער געזאָגט צו נָעמין: געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט דיך היינט ניט געלאָזן אָן אַן אויסלייזער, און זאָל זיין נאָמען זיין באַרופן אין ישׂראל! טו און ער זאָל דיר זיין פאַר אַ דערקוויקער פון דער נפש און אויף אויסצוהאַלטן דיין עלטער וואָרום דיין שנור וואָס האָט דיך ליב, האָט אים געבאָרן, וואָס זי איז דיר בעסער ווי זיבן זין.

טז און נָעמי האָט גענומען דאָס קינד, און האָט עס אַריינגעטאָן אין איר בוזעם, און זי איז אים געווען פאַר אַ דערציערין. יז און די שכנות האָבן אים געגעבן אַ נאָמען, אַזוי צו זאָגן: אַ זון איז געבאָרן געוואָרן ביי נָעמין; און זיי האָבן גערופן זיין נאָמען עוֹבד. דאָס איז דער פאָטער פון ישַׁי דעם פאָטער פון דוִדן.

יח און דאָס זיינען די געבורטן פון פֶּרֶצן: פּרץ האָט געבאָרן חֶצרונען; יט און חֶצרון האָט געבאָרן רָמען, און רָם האָט געבאָרן עַמינָדָבן; כ און עַמינָדָב האָט געבאָרן נַחשונען, און נַחשון האָט געבאָרן שַׂלמָהן; כא און שַׂלמון האָט געבאָרן בועַזן, און בועַז האָט געבאָרן עוֹבֵדן; כב און עוֹבֵד האָט געבאָרן ישַׁין, און ישַׁי האָט געבאָרן דוִדן.

## די זעונג פֿון טויטע ביינער
### יחזקאל ל"ז

די האַנט פֿון גאָט איז געווען אויף מיר,
און ער האָט מיך אַרויסגעטראָגן מיט דעם גײַסט פֿון גאָט,
און האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אין מיטן פֿון דעם טאָל,
און ער איז געווען פֿול מיט ביינער.

און ער האָט מיך פֿאַרבײַגעפֿירט פֿאַרבײַ זיי רונד אַרום,
ערשט זיי זײַנען געווען זייער פֿיל איבערן טאָל,
און פֿאַרוואָר זיי זײַנען געווען זייער פֿאַרטריקנט.
און ער האָט צו מיר געזאָגט:
מענטשנקינד, קענען די דאָזיקע ביינער לעבעדיק ווערן?
האָב איך געזאָגט: גאָט, דו האַר, דו ווייסט דאָך.
האָט ער צו מיר געזאָגט: זאָג נבֿיאות צו די דאָזיקע ביינער,
און זאָלסט זאָגן צו זיי:
איר, טרוקענע ביינער, הערט דאָס וואָרט פֿון גאָט:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר צו די דאָזיקע ביינער:
זעט, איך ברענג־אַרײַן אין אײַך אַן אָטעם
און איר וועט לעבעדיק ווערן.

יאָ, איך וועל געבן אויף אײַך אָדערן
און וועל אַרויפֿטאָן אויף אײַך פֿלייש,
און אַרויפֿציִען אויף אײַך אַ הויט,
און אַרײַנגעבן אין אײַך אַן אָטעם,
און איר וועט לעבעדיק ווערן;
און איר וועט וויסן אַז איך בין יהוה.

און איך האָב נבֿיאות געזאָגט,
אַזוי ווי איך בין באַפֿוילן געוואָרן;
און עס איז געוואָרן אַ גערויש,
ווי איך האָב נבֿיאות געזאָגט;

ערשט אַ גערודער,
און די ביינער האָבן גענענט ביין צו זײַן ביין,
און איך האָב געזען, ערשט אָדערן זײַנען אויף זיי,
און פֿלייש איז אַרויפֿגעוואַקסן,
און אַ הויט האָט זיך אַריבערגעצויגן אויף זיי פֿון אויבן,
נאָר קיין אָטעם איז אין זיי ניט געווען.

האָט ער צו מיר געזאָגט:
זאָג נבֿיאות צו דעם אָטעם,
זאָג נבֿיאות, דו מענטשנקינד,
און זאָלסט זאָגן צו דעם אָטעם:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
פֿון די פֿיר ווינטן קום, דו אָטעם,
און הויך־אַרײַן אין די דאָזיקע הרוגים,
אַז זיי זאָלן לעבעדיק ווערן.

און איך האָב נבֿיאות געזאָגט
אַזוי ווי ער האָט מיר באַפֿוילן
און דער אָטעם איז אין זיי אַרײַן,
און זיי זײַנען לעבעדיק געוואָרן;
און זיי האָבן זיך געשטעלט אויף זייערע פֿיס,
אַ זייער, זייער גרויסע מחנה.

און ער האָט צו מיר געזאָגט:
מענטשנקינד, די דאָזיקע ביינער, זיי זײַנען
דאָס גאַנצע הויז פֿון ישׂראל;
זע, זיי זאָגן:
פֿאַרטריקנט זײַנען אונדזערע ביינער
און פֿאַרלוירן איז אונדזער האָפֿענונג;
פֿאַרשניטן זײַנען מיר.

דרום זאָג נבֿיאות און זאָלסט זאָגן צו זיי:
אַזוי האָט געזאָגט גאָט דער האַר:
זע, איך עפֿן אײַערע קבֿרים
און וועל אײַך, מײַן פֿאָלק, אויפֿברענגען פֿון אײַערע קבֿרים
און אײַך ברענגען אויף דער ערד פֿון ישׂראל.

און איר וועט וויסן, אַז איך בין יהוה,
ווען איך עפֿן אײַערע קבֿרים,
און ווען איך ברענג אײַך אויף, מײַן פֿאָלק, פֿון אײַערע קבֿרים,
און איך וועל אַרײַנגעבן מײַן גײַסט אין אײַך,
און איר וועט לעבעדיק ווערן;
און איך וועל אײַך באַרוען אויף אײַער ערד;
און איר וועט וויסן, אַז איך, יהוה,
האָב גערעדט און געטאָן, זאָגט יהוה.

*

## דאָס וואָרט אויף יהודה און ירושלים

### פֿון ישעיה קאַפּיטל ב'

דאָס וואָרט פֿון ישעיהו, דער זון פֿון אָמוצן, האָט געזען
אויף יהודה און ירושלים.
און עס וועט זײַן דער סוף פֿון די טעג
וועט שטיין פֿעסט דער באַרג פֿון גאָטס הויז
אויבן אָן פֿון די בערג,
און דערהויבן איבער די הייכן;
און אַלע פֿעלקער וועלן צו אים שטראָמען.
און פֿיל אומות וועלן גיין און וועלן זאָגן:

קומט, און לאָמיר אַרויפֿגיין צום באַרג פֿון יהודה,
צום הויז פֿון דעם גאָט פֿון יעקבֿ;
און ער וועט אונדז לערנען פֿון זײַנע וועגן,
און מיר וועלן גיין אין זײַנע שטעגן;
וואָרעם פֿון ציון וועט אַרויסגיין אַ תורה
און גאָטס וואָרט פֿון ירושלים.
און ער וועט משפטן צווישן די פֿעלקער,
און אַנטשיידן איבער פֿיל אומות;
און זיי וועלן שמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראײַזנס,
און זייערע שפּיזן אויף צווײַגמעסערס;
אַ פֿאָלק קעגן אַ פֿאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד.
און מע וועט ניט מער לערנען מלחמה.

י. ל. פּרץ

## 2 בריוו צו יהואָשן[1]

1907

אייער בריוו האָט מיך ווירקלעך דערפרייט. כמעט ווי אַ גרוס פון יענער וועלט. די שרייבערס פון צעזייט־און צעשפּרייטן זיינען צעזייט און צעשפּרייט, ווען זיי ווינען אַפילו אויף איין וועלטטייל, אין איין לאַנד, אין איין שטאָט. אייער גרוס צו דינעזאָן וועל איך אָפּגעבן נאָך היינט, מיין פרוי ערשט נאָך יום־טוב; זי איז אויף אַ זומער־ווינונג. און אייער בוך האָב איך שוין אַ מאָנאַט צייט געלעזן — אין קראָקע[2]. מילער (אַלעקסאַנדראָוו)[3], וואָס האָט געווײלט אין קראָקע, ווו איך בין אויך, פאָרנדיק קיין זאַקאָפּאַנע, געוועזן, האָט מיר דאָס בוך געגעבן, און איך האָב עס איינגעשלונגען[4]. דאָס באַפרייט אייך דאָך נישט פון שיקן איין עקזעמפּליאַר. מיין אַדרעס: וואַרשע, Ceglana 1. ווייל דער עקזעמפּליאַר, וואָס איך האָב געבראַכט פון קראָקע, קורסירט אַרום; מען לעקט פון אייך די פינגער. אָנפאַנגס איז מיר דאָך שווער געווען זיך צו צוגעוויינען צו אייער אַמעריקאַנישן סטיל. די וואַרשעווער זאַכן (מזמור שיר ליום השבת... בית שני...)[5] זיינען (פאַר אונדז) ווייכער, מעלאָדישער. צום צווייטן און דריטן מאָל בין איך דאָך צום געשמאַק געקומען. אַמבעסטן געפעלן מיר די נאַטור־באַשרייבונגען; זיי זיינען די אָריגינעלסטע. די ראָמאַנצן, אָנגעשטעקט מיט היינע, פילן זיך שלעכט נאָך — היינע... איך פאַרשעלט די טעג, ווען איך האָב׳ם געלעזן, און די זאַכן, ווו איך האָב אים נאָכגעמאַכט. דאָס „געניאַל׳ע״ לצנות איז דאָך ניט מער ווי — אימפּאָטענץ... אין בעסטן פאַל: זעלבסט־פאַראַכטונג. מיר טאָרן נישט לצנות טרייבן... עס מוז געבויט און געפלאַנצט ווערן; מען מוז

---

[1] געדרוקט מיט באַמערקונגען פון יעקב שאַצקי אין פּרץ־באַנד פון ייִוואָ־בלעטער, ב׳ XII, נ׳ 1—3, ווילנע 1937, זז׳ 173—174 און 181. — [2] פּרץ איז געווען אין קראָקע אין אויגוסט 1907. — [3] זע: וועגן אַלעקסאַנדראָוון אין 24סטן באַנד מוסטערווערק זלמן רייזענס פאַרשאַרבעט, זז׳ 71—92. — [4] אין יענעם יאָר איז אַרויס יהואָשעס געזאַמלטע לידער.

זיך אַ מאָל פאַרקרימען, איז צווישן פיר ווענט פאַרן שפיגל, נישט פאַרן פּובּליקום. לאָ׳מיר נביאים און פירערס ווערן, נישט מאַרשעליקעס...

נאָר דאָס געהערט שוין נישט צו דער זאַך... דער עיקר: איר האָט אונדז אַ פּראַכטפולע מתנה געגעבן! אויב איר ווילט אַן עצה פון אַן עלטערן: באַפרייט אייך פון ענגליש־אַמעריקאַנישן סטיל, ווערט צוריק אונדזערער, צוריק פליסנדיק! צוריק ציטער־קלאַנגען!

איך פאַרזיכער אייך נאָך אַ מאָל: אויף מיר און אויף אַלע אַרום האָט דאָס בוך אַן אומגעהייערן איינדרוק געמאַכט. איך קען אייך שיקן גרוסן, דאַנקבאַרע, הייסע, האַרציקע, פון יינגלעך, מיידלעך און ווייבלעך, און דווקא — שיינע. זייט געזונט. שרייבט.

אייער

י. ל. פּרץ.

ערב יום־כיפור

— איר האָט גאָר קיין פאַמיליע־נאָמען נישט?

— 2 —

דעם שיינעם דיכטער און דענקער, דעם חבר יהואָש [6]!

מען שרייבט אונדז, אַז דו ביסט נישט געזונט און פאָרסט דעריבער אַרויס פון ביזנעס־לאַנד צום הייליק־לאַנד. טוסט אונדז ווי, וואָס דו ביסט קראַנק, אָבער עס פרייט אונדז, וואָס דו פאָרסט־אַרויס צום לאַנד, פון וועלכן מיר זיינען אַזוי אָפּגעריסן קערפּערלעך און אַזוי גייסטיק פאַרבונדן.

ווינטשן מיר דיר הערצלעך אַ גליקלעכע רייזע און ווינטשן דיר געזונט. נעם אונדז מיט אין דיין האַרץ, אין דיין געדאַנק... און זאָג, אין אונדזער נאָמען, די בערג פון יהודה, דעם לבנון און אַלץ, וואָס געבליבן — מיר וועלן זיך אין קיין אַנדער לאַנד נישט אַריינפליישן; ציון איז אונדזער וועג; די וועלט, מיט ציון אין דער שפּיץ, איז אונדזער צוקונפט.

מיט האַרציקן קאָלעגן־גרוס און נישט אין גאַנצן אָן נייד [7].

וואַרשע, יום ו׳ עש״ק ו׳ כסלו תרע״ד.

י. ל. פּרץ

יעקבֿ דינעזאָן

---

[5]ביידע געדרוקט אין פּרצעס „יודישע ביבליאָטעק". — [6] אין דעם דאָזיקן בריוו האָט דינעזאָן צוגעשריבן בלויז די ווערטער „דעם שיינעם דיכטער און דענקער", ווי אויך די דאַטע. — [7] /דייטש/ קנאה.

יהואָש

# אַ בריוו צו יעקב מילך

דענווער, 17 פעבר׳ 1907

מײַן ליבער ה׳ מילך:

איר האָט ניט געקענט אויסקלײַבן קיין בעסער מיטל מיך צו דערנענטערן צו אײַך ווי דעם „שם" פּרץ. אַלצדינג וואָס איז פֿאַרבונדן מיט אים האָט אויף מיר נאָך עד־היום אַ זעלטענעם כּישוף. דער איינציקער דאָרן אין דעם תּמיד פֿרישן בלומען־בינטל פֿון ליבע און אַנטציקטער באַוווּנדערונג, וועלכן איך טראָג אין האַרצן פֿאַר דעם גאון פֿון אונדזער ליטעראַטור, איז, איך מוז זיך מודה זײַן, אַ געוויסע בושה, וואָס איך פֿיל פֿאַר זיך אַליין, ווען איך דענק, ווי ווייניק איך האָב דערפֿילט די נבֿיאות, וואָס ער האָט אויף מיר געזאָגט... מיר דאַכט אָפּט, אַז ווען איך וואָלט אים זען פּערזענלעך, וואָלט איך ניט געקאָנט די אויגן ווײַזן פֿאַר אים... דאָס לעבן האָט מיך אַזוי ווײַט פֿאַרטראָגן פֿון אים, דאָס לעצטע פּאָסטקאַרטל, וואָס איך האָב פֿון אים, איז דאַטירט 14־15 יאָר צוריק [1], און דאַן בין איך שוין געווען אין דאָלאַר־לאַנד און געאַרבעט פֿאַר 3 דאָלאַר אַ וואָך...

אָבער אַנטשולדיקט, דאָס זײַנען זאַכן וואָס זײַנען אײַך ניט נוגע. נאָר דאָס כּישוף־וואָרט פּרץ רירט מיך תּמיד אַזוי אויף. אײַער נאָענטע באַקאַנטשאַפֿט מיט אים גיט אײַך דאָס רעכט אויף אַ געוויסן סאָרט מחותּנשאַפֿט מיט מיר. צום באַווײַז שיק איך אײַך עפּעס פֿאַר „די צוקונפֿט" פֿון מאַרץ. אויב איר קאָנט עס מער ניט דרוקן אין דעם נומער, זײַט אַזוי גוט און שיקט עס מיר גלײַך צוריק.

איך האָב עס געמאַכט פֿאַר אַ „חוק ולא יעבֿור" — קיין זאַך ניט לאָזן ליגן אין אַ ייִדישער רעדאַקציע. טעמים האָב איך גענוג און איך האָף, אַז איר וועט רעספּעקטירן מײַן משוגעת ניט ווילסנדיק די טעמים אַפֿילו.

---

[1] אַ בריוו פֿון יענער צייט, וואָס פּרץ האָט געשריבן צו יהואָשן, ווערט געדרוקט אין אָט דער אָפּטיילונג.

דער אינצידענט פֿון הייאַוואַטהאַ איז געשלאָסן, אויף אַזוי ווײַט, אַז איך וועל אײַך מער ניט דאַקוטשען וועגן דעם. וואָס איז נוגע צו דעם עצם ענין, האָט איר מיך ניט גענוי פֿאַרשטאַנען. איך גיב אײַך פֿולקאָמע רעכט, ווען איר, פֿון אײַער שטאַנדפּונקט באַטראַכט, אַז אַזאַ מין אַרטיקל ווי הייאַוואַטהאַ איז נישט צוגעפּאַסט צו אײַער פּראָגראַם. אָבער עס קאָנען זײַן אַנדערע שטאַנדפּונקטן און אַנדערע פּראָגראַמען. אײַער אויסשליסן הייאַוואַטהאַ האָט מיך לכתּחילה דערמאָנט אין יעקבֿ גאָרדינס אַרטיקל איבער הייאַוואַטהאַ, אין וועלכן ער האָט אַ פּנים געמאָסטן די אומשולדיקע נאַיִווע מעלאָדישע הייאַוואַטהאַ־סטראָפֿן מיט אַ צײַלשטאַב פֿון איבסעניזם און הויפּטמאַן און זודערמאַן וכל כּת דיליה, אַזוי ווי איינער, כּדומה, וואָלט געזוכט אין „שיר השירים“ זאָלאַס רעאַליזם... איך זאָג, איר האָט מיך לכתּחילה דערמאָנט, ווײַל איך האָב נאָך דעם פֿאַרשטאַנען, אַז אַלס רעדאַקטאָר מיט אַ פּראָגראַם זײַט איר פֿאַר זיך גערעכט... הגם שמײַסן קומט אײַך... דאָס הייסט ווידער פֿון מײַן שטאַנדפּונקט, וואָס בין, הלוואי ווײַטער, ניט קיין רעדאַקטאָר און ניט קיין פּראָגראַם־מענטש. — איבער הויפּט האָט מיך פֿאַרדראָסן, וואָס הייאַוואַטהאַ איז געבליבן אין מיטן. עפּעס האָט איר אויף מיר אַרויפֿגעוואָרפֿן אַן אימה מיט אײַער שטרענגער פּראָגראַם און איך וועל אײַך דעריבער אָנפֿרעגן איידער איך שיק. אַלזאָ, ילמדנו רבנו: ווי איז דער דין, אַז איך האָב איבערגעזעצט אַ טייל פֿון אָמאַר כאַיאַמס רובאַיאַט אין יידיש סתּם, ווי מען זאָגט אין ענגליש For the love of the things, און פֿון דעם איבערגעזעצטן טייל האָב איך אויסגעקליבן אַ צען סטראָפֿן (אַלע צוזאַמען זײַנען אַ קימאָ לן פֿון בלויז 40 שורות), גלייבט איר, אַז אַזאַ זאַך פּאַסט זיך פֿאַר אײַער זשורנאַל? — לאָזט מיר וויסן.

איך האָב אײַך געענטפֿערט תּיכּף און האָף, אַז איר וועט מיר באַצאָלן מיט דער זעלביקער מטבע און בלײַב,

מיט הערצלעכן גרוס,

יהואָש

איך וואָלט אייך געבעטן מיר צושיקן „די צוקונפט“ פֿון לעצטן יאָר געבונדן.

יהואש

## אַ בריוו צו זלמן רייזענען

Feb. 15, (19)22
943 Whitlock Ave., Bronx, N. Y.

מײַן ליבער רייזען!

אײַער אָנפֿרעג־בויגן [1] פֿאַר ד״ר ספּיוואַקן האָב איך אים אָפּגעשיקט. און אַצינד לאָמיר זען, וואָס איך האָב אײַך צו זאָגן מצדי. איך האָב נישט אײַער לעקסיקאָן [2] און ווייס נישט וואָס איר האָט שוין וועגן מיר און וואָס נישט. אין 1913 זײַנען אַרויס מײַנע צוויי ביכער: „פֿון דער וועלט און יענער״ (פּראָזע) און „אין זון און נעבל״ (לידער), וואָס ווערן, דאַכט מיר, ניט דערמאָנט בײַ אײַך. מיט די דאָזיקע צוויי ביכער הייבט זיך אייגנטלעך אָן אַ נײַע תּקופֿה פֿון מײַן שאַפֿן, הן אינהאַלטלעך, הן בנוגע צו סטיל. אין 1914 (יאַנואַר) בין איך געפֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. מײַן כּוונה איז געווען דאָרטן צו בלײַבן. איך האָב דאָרטן געלעבט צוריקגעצויגן אין דער קאָלאָניע רחובֿות. איך האָב ניט געשריבן און נישט געוואָלט שרײַבן. דאָס איז געווען אַ צײַט פֿון אײַנלעבן. אין מײַן בוך „פֿון ניו־יאָרק ביז רחובֿות [און צוריק]״ איז דאָ אַ סך, וואָס גיט־איבער מײַנע שטימונגען און טראַכטענישן פֿון יענער צײַט. איך האָב דאָרטן אָנגעהויבן פֿלײַסיק צו לערנען אַלט־אַראַביש (דאָס דאָזיקע שטודיום האָב איך אָנגעהאַלטן לאַנג נאָך דעם, ווי איך האָב פֿאַרלאָזן פּאַלעסטינע — אין מצרים און אין אַמעריקע).

---

[1] וועגן דעם נייעם לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, וואָס זלמן רייזען האָט גענומען גרייטן צום דרוק אין ווילנע.

[2] געמיינט די ערשטע אויסגאַבע פון ז. רייזענס „לעקסיקאָן״, 1914.

איך האָב דורכגעלייענט מערערע מאָל אין אָריגינאַל דעם קאָראַן און אַ סך פֿון דער נאָך־קאָראַנישער ליטעראַטור. איך האָב געדרוקט אין היגע זשורנאַלן מערערע איבערזעצונגען פֿון אַלט־אַראַבישע מעשׂיות. בײַ מיר אין כּתבֿ־יד ליגן אייניקע סוראַס פֿון קאָראַן (איבערגעזעצט אין ייִדיש). די מלחמה האָט פֿאַר מיר געמאַכט אוממעגלעך צו בלײַבן לענגער אין פּאַלעסטינע און נאָך אַ יאָר צײַט האָב איך און מײַן קליינע משפּחה (ווײַב און טאָכטער) אַריבערגעצויגן קיין מצרים. דאָרטן האָב איך פֿינף חדשים בערך געוווינט אין כעלוואַן, אַ האַלבע שטונדע רײַזע קיין קאַיִראָ, בײַם ראַנד פֿון מדבר. קאַיִראָ, אַזוי ווי איבער הויפּט דער גאַנצער אָריענט, האָט מיך געהאַלטן אין אַ באַזונדערן כּישוף. געלעבט האָב איך נאָך צוריקגעצויגענער ווי אין פּאַלעסטינע. און אַ שפּאַצירגאַנג, אַז מען האָט געמאַכט, איז דאָס געווען אין דער ריכטונג פֿון דעם טויטן מדבר, מיט ווו נישט ווו הויכע טייטלביימער אָדער פּיראַמידן אין האָריזאָנט צו צעברעכן די טויטע מאָנאָטאָני. מײַנע טעג האָב איך פֿאַרבראַכט איבער אַראַבישע ספֿרים, אַלטע ספֿרים, אָפּגערוקט מיליאָנען יאָרן פֿון דעם לעבן, און איך אַליין מערסטן טייל אײַנגעשלאָסן אין זיך. אַרום יוני־יולי פֿון 1915 האָבן מיר באַשלאָסן צו פֿאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק. אין דעם אייגענעם יאָר האָב איך געשריבן מײַן „ניו־יאָרק ביז רחובֿות", וואָס איז צו ערשט דערשינען אין צײַטונג („דער טאָג"), דערנאָך אין בוכפֿאָרעם. עס איז אויך איבערגעדרוקט געוואָרן אין וואַרשע („דאָס לעבן", גלייב איך). אַן ענגלישע איבערזעצונג איז שוין אין דרוק און וועט קירצלעך אַרויס. ווי מען איז מיר מודיע, ווערט איצט צוגעגרייט אַ העברעיִשע איבערזעצונג. איך האָב אויך אין יענער צײַט אָנגעהויבן שרײַבן אָפּטער לידער. די לידער זײַנען געדרוקט אין די צוויי בענדער „אין געוועב". מיט די צוויי בענדער, אַזוי ווי מיט „ניו־יאָרק ביז רחובֿות", הייבט זיך ווידער אָן אַ נײַער אָפּטייל אין מײַן שרײַבן. אַחוץ די לידער אין די צוויי בענדער האָב איך געשריבן נאָך לידער, וואָס זײַנען נישט אַרײַן אין דער זאַמלונג. איך האָב אויך געשריבן אַ רייע מיסטישע מעשׂהלעך און־

טערן נאָמען „צויטן״, וואָס איך וועל ביי אַ געלעגנהייט אַרויסגעבן אין אַ בוך. זיי זיינען געווען געדרוקט די לעצטע פּאָר יאָר אין היגע צייטונגען. איך באַטראַכט „אין געוועב״ פאַר מיין בעסטן.

אונטערדעסן האָט מיך באַשעפטיקט נאָך אַנאַנד מיין אַלטער חלום, צו איבערזעצן דעם תּנך אין ייִדיש. מיין ערשטער פּרווו [3] פון אַמאָליקע יאָרן איז מיר געלעגן אויפן געוויסן. איך האָב אין יענער צייט קיין אַנדער באַרעכטיקונג צו דער אַרבעט נישט געהאַט ווי מיין גוטע כּוונה. און דאָס איז זייער ווינציק. מיין באַגריף, וואָס אַ ייִדי־שער תּנך דאַרף זיין, איז זיך זייער פיל פונאַנדערגעוואָקסן. איך האָב געשטעלט די גרעסט מעגלעכסטע פאָדערונגען. אַ תּנך אין ייִדיש — האָב איך צו זיך געזאָגט — מוז, ראשית, זיין דער בעסטער אויס־טייטש פון דעם תּנך, וואָס קאָן נאָר געמאַכט ווערן לויט די סאַמע לעצטע רעזולטאַטן פון ביבל־ און שפּראַכפאָרשונג. עס דאַרף זיין נישט קיין פאַראַפראַזירונג און נישט קיין פּאָפּולאַריזירונג, נאָר אַ שטרענגע טעקסטטרייע איבערזעצונג, וואָס זאָל נישט איבערהיפּן דאָס מינדסטע פון דעם טעקסט אָדער אים איבערגעשטאַלטן, אויף ווי ווייט די שפּראַך־פאַרשיידנקייט דערלויבט. ער דאַרף זיין אַ לע־זעוודיקער תּנך און צו דער אייגענער צייט רעפּראָדוצירן דעם אָרי־גינעלן טעמפּ און ריטעם, און פאַרב, וואָס דאָס איז אפשר דער עיקר אין דער ביבל. ער מוז זיין אַ מסורהשער תּנך, כּדי ער זאָל זיין אַן אויטאָריטעטער תּנך. אין אַ באַזונדערן באַנד גיב איך איבער די אָפּווייכונגען פון דער מסורה, די וואַריאַנטן פון דער סעפּטואַגינטאַ, דער ווולגאַטאַ, דער פּשיטא און די תּרגומים אאַז״וו דאָרט ווו דער מסורהשער טעקסט הינקט־אונטער אָדער איז אין גאַנצן פאַרקריפּלט. איך זעץ־איבער די מסורה, און דער וואָס וויל זיך נישט האַלטן אָן דער מסורה, עפנט־אויף מיינע באַמערקונגען און געפינט דאָרט אַן אַנדער נוסח, וואָס מאַכט אַלצדינג גלאַט. פאַר לערערס אין די שולן, למשל, וועט עס געבן די מעגלעכקייט, אויב זיי ווילן, צו געבן

[3] ישעיה, איוב, שיר השירים, קהלת — 1910.

די קינדער מײַן נײַע מסורהשע איבערזעצונג. דער אויבן דערמאָנטער באַנד (איך ווייס נאָך נישט, אויב איך וועל מאַכן פֿון די באַמערקונגען אַ באַזונדער באַנד אָדער זיי דרוקן צום סוף פֿון דעם באַטרעפֿנדיקן ספֿר) אַנטהאַלט אַחוץ שינויי נוסחאות אויך דערקלערונגען פֿון ווערטער און זאַצן, וואָס אָן זיי איז דער טעקסט אומפֿאַרשטענדלעך (הגם עס איז נישט אין מיין פּראָגראַם צו מאַכן אַ פּירוש אויפֿן תּנך). דער פּסוק, דער קאַפּיטל, די סדרה ווערט אָנגעטײַט, הגם דער המשך פֿון דעם סיפּור מאַכט מיך אָפּט מאָל זיך אָפּשטעלן אין מיטן פֿון אַ פּסוק, ווײַל דאָרטן איז דער סוף פֿון דעם פּאַראַגראַף. איטלעך בוך האָט אַן אינהאַלט־פֿאַרצייכעניש. מיר טוט לייד, וואָס איך קאָן אײַך נישט דערציילן פֿון דעם גאַנצן פּלאַן. איך בין אַזוי נישט געניגט צו שרײַבן בריוו די לעצטע צײַט. הגם, וויסנדיק אײַערע פּערזענלעכע אויפֿטוען פֿאַר ייִדיש [4], אײַער גרויס ליבשאַפֿט פֿאַר אײַער אַרבעט, האָט איר אַוודאי פֿאַרדינט, אַז איך זאָל אײַך מער ווי אַן אַנדערן ריידן פֿון דעם תּנך.

דאָס איז געווען מײַן פּלאַן בנוגע צו דער איבערזעצונג. בנוגע צו דעם לשון, צו דעם ייִדיש, וואָס איז דער עיקר פֿון אַלע עיקרים, האָב איך געוואָלט שאַפֿן אַ סטיל, וואָס זאָל פֿון איין זײַט האָבן די גאַנצע פֿאָלקסטימלעכקייט און אַרכאַיִשקייט פֿון די אַלטע ספֿרים, די תּחינות און דער מלמדישער אויסטײַטשונג, און דערצו זײַן גענוי, נישט צעגאָסן, קלאָר פּרעציז און דערבײַ אויך פֿול מיט אַלע אַלטע זאַפֿטן. איך האָב געזוכט צו פּרעזערווירן אַלע יענע ווערטער, וואָס האַלטן אין פֿאַרגעסן ווערן און געזוכט צו מאַכן פֿון מײַן תּנך אַן אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך, און אויך אַ מוסטער פֿון סטיל. אַלץ, וואָס איז פֿערז אין אָריגינאַל, איז אַראַנזשירט ווי פֿערז אין דער איבערזעצונג.

מײַן פּראָגראַם, ווי איר זעט, איז געווען זייער אַן אַמביציעזע. ווי ווײַט איך האָב זי דערפֿילט, ווייס איין גאָט. אַחוץ די פֿריִערדיקע

---

[4] גראַמאַטיק פֿון דער ייִדישער שפּראַך, ווילנע 1920 און 1922.

יאָרן, האָב איך פֿאַר די לעצטע זיבן יאָר געאַרבעט כמעט אָן אַ הפסק פֿון 12 ביז 18 שעה אין מעת־לעת, ביז איך האָב געענדיקט די גאַנצע איבערזעצונג. איך ענדיק נאָר וואָס די לעצטע רעוויזיע — די פֿערטע איבערשרײַבונג. איך שיק אײַך אַ מוסטער־בלעטל. אַזעלכע אַנטהאַלט דער תּנך אַרום 3.000, אַחוץ אַ באַנד באַמערקונגען פֿון אַרום 400 אַזעלכע זײַטן. די אַרבעט האָט מיך אין גאַנצן פֿאַרשלונגען. איך האָב אונטערגעדריקט אַלע אָריגינעלע שאַפֿונגען. איך [מוז] צו ערשט — האָב איך צו זיך געזאָגט — פֿאַרטיק ווערן מיט דער אַרבעט, מיט דעם דאָזיקן חובֿ, וואָס איך בין שולדיק פֿאַר מײַנע אַמאָליקע נישט געלונגענע פּרוּוון, און דערנאָך וועל איך זיך פֿאַרגעניגען שרײַבן שיינע זאַכן. ווער ווייס. אויב די צײַט וועט קומען? וואָרעם אַזוי לאַנג ווי עס דרוקט זיך מײַן תּנך, וועל איך נאָך אַנאַנד אויף אים אַרבעטן, עס איז קיין ענד ניטאָ. איך קריג־צו אַלץ נײַע ספֿרים, און מיר פֿאַלן־אײַן אַלץ נײַע זאַכן, און נאָך אַנאַנד איך מאַך איבער.

אַזוי ווי איך פֿאַרשטיי דאָך, אַז מיט אײַער וואַלוטע קאָנט איר קיין אַמעריקאַנער ביכער נישט קויפֿן, האָב איך געהייסן מײַן פֿאַרלעגער, מען זאָל אײַך אַרויסשיקן אַ גאַנג פֿון מײַנע ביכער, וואָס זײַנען נאָר וואָס אַרויס אין 10 בענדער. אַז איר וועט זיי האָבן דורכגעבלעטערט און וועט זיי מער נישט דאַרפֿן, זײַט זיי מנדבֿ פֿאַר עפּעס אַ ביבליאָטעק אָדער לייען־אַנשטאַלט.

מיט בעסטן גרוס און אַ ברכה צו אײַער אַרבעט,

יהואָש

אויב איר ווילט עפּעס ספּעציעלעס אויסגעפֿינען, ווענדט זיך צו מיר און איך וועל אײַך ענטפֿערן.

שרײַבט מיר ווען איר קריגט די ביכער.

די באַמערקונגען וועגן מײַנע לידער אין אײַער אַמאָליקן לעקסיקאָן, ווי ווײַט איך געדענק זיי, וועלן דאַרפֿן אין גאַנצן איבערגעפֿורעמט ווערן אין דעם ליכט פֿון דער ריכטיקערער פֿאַרשטענדעניש

פֿון מײַן שאַפֿן, וואָס הייבט זיך ערשט איצט אָן צו אַנטוויקלען. דרך אגבֿ, האָט איר מיר, ווי ווײַט איך קען זיך דעראינערן, צוגעלייגט אין אײַער לעקסיקאָן אַ יאָר לעבן.

מײַן נאָמען איז יהואָש שלמה נאָך צוויי זיידעס. איך האָב אויסגעקליבן פֿאַר מײַן פֿעדער־נאָמען מײַן אייגענעם ערשטן נאָמען.

יהואָש

## פֿאַר וואָס איך האָב איבערגעזעצט דעם תנך

דער לייענער האָט אַ רעכט צו דערוואַרטן, און מיר וואָלט זיך אַוודאי געוואָלט אים געבן, אַ באַריכותדיקן, אויספֿירלעכן אַרײַנפֿיר צו מײַן איבערזעצונג. אָבער „די צײַט איז קורץ און די אַרבעט איז גרויס״, און די נייטיקע לענגערע הקדמה וועט מוזן וואַרטן ביז אַ פֿרײַערער צײַט. איך וועל בלויז אין קורצע אַלגעמיינע שטריכן אָנדײַטן די מאָטיוון, וואָס האָבן מיך געטריבן צו מײַן אַרבעט, דעם פּלאַן וואָס איך האָב געהאַט פֿאַר די אויגן און דעם צוועק וואָס איך האָב זיך געשטעלט, ווי אויך דעם מעטאָד וואָס איך האָב געברויכט.

די שאַפֿונג פֿון אַ ייִדישן תּנך איז בײַ מיר געווען דער חלום פֿון אַ לעבן. דאָס איז געווען אַ דאָפּלטע ליבשאַפֿט. פֿון איין זײַט, צו דעם שענסטן, מענטשלעכסטן בוך פֿון ייִדישן פֿאָלק און פֿון אַלע פֿעלקער און, פֿון דער אַנדער זײַט, צו אונדזער ייִדישן לשון. וואָרעם יעטוועדער לשון, בײַ אַלע זײַנע ענדערונגען און נײַ־געשטאַלטונגען, וואָס גייען נאָך אַנאַנד אָן אין אים, מוז האָבן אַ חוט־השדרה, וואָס ריגלט־דורך און האַלט, אויף דעם גאַנצן אָרגאַניזם, וואָס איז פֿעסטקייט און דויערהאַפֿטיקייט אין מיטן פֿון באַוועגלעכקייט און אַנט־

---

[1] פֿאָרוואָרט וואָס דער דיכטער האָט געשריבן צו זיין איבערזעצונג פון תנך.

װיקלטקייט. אײביקײט אין מיטן פֿון צײַטלעכקייט. אַזאַ חוט־השדרה קאָן בלויז געבן אַ תנך־סטיל. בלעטער פֿאַלן און בלעטער קומען — און דער שטאַם בלײַבט און האַלט־אויף די אייניקייט פֿון דעם בוים. די שפּראַך קריגט־צו נאָך אַנאַנד נײַע אוצרות און װאַרפֿט נאָך אַנאַנד אַראָפּ פֿון זיך פֿאַרװעלקטע פֿאָרמען, אָבער איר רוקנביין בלײַבט דער אייגענער, מוז בלײַבן דער אייגענער, אויב זי װיל אָנהאַלטן איר יחוס און װיל נישט אָנהייבן איר געשיכטע אַלע פֿרימאָרגן.

איך האָב צו זיך געזאָגט: אַ תנך אין ייִדיש, אַ תנך װאָס זאָל אָנגענומען װערן װי אַ קלאַסישער אויטאָריטעטער טעקסט פֿון אַלע קלאַסן, אַלע געזינונגען און אָנשויונגען, — מוז ראשית־כּל זײַן טרײַ צו דעם אָריגינאַל. נישט פֿעלשן, נישט מאָדיפֿיצירן, נישט פּאַראַפֿראַזירן, נישט אויסטײַטשן מיט כּוונות, װאָס די כּוונות זאָלן נישט זײַן, נאָר איבערגעבן דעם העברעיִשן טעקסט געטרײַ און גענוי נאָך די בעסטע אויסטײַטשונגען פֿון די אַלטע און די נײַע. דער ייִדישער תנך זאָל נישט צולייגן אָדער מינערן דאָס מינדסטע, אויף װי װײַט אַזאַ זאַך איז מעגלעך, װען מען גיסט־איבער פֿון איין שפּראַך אין אַ צװייטער.

אַ תנך אין ייִדיש, האָב איך געזאָגט, דאַרף נישט אָנהייבן פֿון הײַנט אָדער נעכטן. ער דאַרף אַרײַננעמען אַלע אַלטפֿרענקישע זאַפֿטן פֿון די אַלטע ספֿרים. די גאַנצע אידיאָמאַטישע עשירות פֿון די אַלטע איבערזעצונגען, מוסר־ספֿרים, מעשׂה־ביכער, שפּריכװערטער, װערטלעך, פֿון פֿאָלקסװיצן אאַז״װ מוז עקספּלאָטירט װערן פֿאַר דער דאָזיקער אַרבעט, אַזױ אַז אין איינעם מיט מאָדערנער גענויקייט און װאָרטקאַרגשאַפֿט, זאָל דער טעקסט אויך האָבן די גאַנצע קערנדיקייט און היימישקייט און טראַדיציאָנעלקייט פֿון דער צאינה וראינה־שפּראַך.

אַ תנך אין ייִדיש דאַרף פֿיקסירן, װי װײַט מעגלעך, געװיסע װערטער און אויסדרוקן, װאָס װעלן אָן אים אונטערגיין — שיינע, זאַפֿטיקע װערטער, װאָס דער רבי האָט געברויכט אין חדר און

וואָס פֿאַרשווינדן אין איינעם מיטן חדר. דער ייִדישער תּנך־לשון דאַרף אויך זײַן דער שענסטער סינטעז פֿון אַלע דיאַלעקטן פֿון אונדזער מאַמע־לשון. איטלעכער דיאַלעקט דאַרף בײַטראָגן פֿון זײַן אייגנטימלעכן ווערטערשאַץ צו דעם בוי פֿון אַ ייִדישער ביבל.

דער תּנך, אַחוץ זײַן וווּנדערלעכן אינהאַלט, איז ריטעם און מוזיק. אָט דער דאָזיקער ריטעם מוז אַרויסגעבראַכט ווערן אין דער פֿאַרייִדישונג, סײַ דאָס איז דער טעמפּ פֿון פּאַטריאַרכאַלער פּשטות און ליכטיקייט, סײַ דאָס איז דער ראַפּסאָדישער שווונג פֿון זיג־געזאַנגען, סײַ דאָס איז דער אימפּעטיקער ריטעם פֿון די נבֿיאים, סײַ דער רויִקער חכמה־טאָן פֿון קהלת אָדער די לירישע זעל־פֿאַרגייעניש פֿון תּהילים און אַזוי ווײַטער.

דאָס איז געווען, בקיצור, די פּראָגראַם, וואָס איך האָב זיך אָנגעצייכנט. אויב איך האָב בלויז אַ טייל פֿון מײַן באַגער דערפֿילט, וואָלט איך זיך געהאַלטן פֿאַר רײַך באַלוינט. נאָך אַזוי פֿיל יאָרן פֿון נאָכאַנאַנדיקער אַרבעט איבער דער איבערזעצונג, שפּיר איך, אַז ווען איך וואָלט געהאַט מערערע לעבנס און וואָלט זיי אַלע אָפּגעגעבן בלויז אויף דער דאָזיקער אַרבעט, וואָלט עס נישט געווען צו פֿיל, ווײַט נישט צו פֿיל.

די איבערזעצונג איז געמאַכט אין שטרענגער געטרײַשאַפֿט צו דער מסורה. אין אַ באַזונדערן בוך אָדער אין בײַלאַגעס צו די ספֿרים וועלן געגעבן ווערן די שנויי־נוסחאות פֿון די אַלטע ווערסיעס, ווי אויך די פֿאָרגעשלאָגענע עמענדאַציעס פֿון די פֿאָרשערס, דאָרט ווו דער טעקסט פֿון דער מסורה איז נישט קלאָר. עס וועלן אויך געגעבן ווערן דערקלערונגען און באַלײַכטונגען צו יענע שטעלן, וואָס פֿאָדערן אַ פּירוש. דערצו וועלן אין פֿיל פּסוקים געבראַכט ווערן אויך אַנדערע אויסטײַטשונגען, ווי די וואָס זײַנען געברויכט געוואָרן אין דער איבערזעצונג גופֿא. עס וועלן אויך זײַן פֿיל אַנדערע אָנמערקונגען צו דעם טעקסט בכלל.

וועגן דעם געברויך פֿון יהוה וועל איך דאָ ציטירן מײַן אָנמערקונג צו בראשית ד׳ 26: די שטרענגע געטרײַשאַפֿט צום אָריגינאַל,

בײַ װעלכן איך האָב זיך אומעטום געהאַלטן, װי װײַט מעגלעך, װאָלט אײגנטלעך געפֿאָדערט צו שטעלן יהוה אין אַלע ערטער, װוּ ער איז דאָ אין טעקסט. אָבער צו גלײַך מיט טעקסטטרײַשאַפֿט האָב איך שטענדיק געהאַלטן אין אויג, עיקר פֿון אַלע עיקרים, די לעבע־דיקייט און לעזעװדיקייט פֿון דער ייִדישער איבערזעצונג און די אָנ־האַלטונג פֿון דער אַרכאַיִשקייט און זאַפֿטיקייט פֿון דעם הדרת־הלשון. עס װאָלט געקלונגען האַרב און געקינצלט, װען איך זאָל, למשל, איבערזעצן (בראשית ב׳ 4) „אין דעם טאָג, װאָס יהוה גאָט (אָדער: גאָט יהוה) האָט געמאַכט ערד און הימל״, אַנשטאָט „אין דעם טאָג, װאָס גאָט דער האַר אַאַז״װ״. (אפֿשר װעט דער קומענדיקער דור, װײַטער אַװעק פֿון דעם טראַדיציאָנעלן אויסטײַטש, מער נישט שפּירן קײן מיסקלאַנג אין דעם װיסנשאַפֿטלעך גענױערן איבערזעץ. פֿאַר אונדז װאָלט עס געמײנט מקריבֿ זײַן זאַפֿטיקייט און באַהאַרצטקייט צו פּעדאַנטישער טרײַקייט). איך האָב אָבער געברױכט יהוה דאָרט, װוּ עס װערט בפֿירוש באַטאָנט די אידענטיטעט פֿון דעם גאָט פֿון ישׂראל אין אונטערשייד פֿון אַנדערע געטער, װי שמות ה׳ 2 און אַנדערע ערטער, אָדער װוּ דער טראָפּ װערט געשטעלט אויף דער אײגנטימלעכקייט, הײליקייט אָדער גערעכטיקייט פֿון דעם ייִדישן גאָט, צום סוף פֿון אַ דין אָדער געזעץ, װי ויקרא יח׳ 5 און פֿיל אַנ־דערע ערטער. אויך איז באַנוצט געװאָרן דאָרט, װוּ עס פֿאָדערט זיך אַ װאַריאַציע פֿון אלהים, װי ישעיה ב׳ 2 און פֿיל אַנדערע ערטער. דאָס װעט דערקלערן די אין פֿלוג אויסגעהאַלטנקייט אין דעם גע־ברויך פֿון יהוה דורכן גאַנצן תּנך.

אַברהם רייזען

## יהואָש

יהואָש! שוין אַליין אין קלאַנג.
אין נאָמען — אייביקער געזאַנג,
און נישט פאַרגעסן, קיין מאָל נישט,
וועט זיין דער נאָמען און זיין ליד.

אויף אונדזער באָדן, האַרט און גרוי,
געפאַלן איז זיין וואָרט ווי טוי,
זיין וואָרט וואָס ער האָט דורכגעטראַכט
אין איינזאַמקייט, אין לאַנגער נאַכט.

אין איינזאַמקייט, אַליין, אַליין
האָט ער געזען די וואָלקנס גיין;
האָט ער געזען די זון אין פּראַכט,
איר אויפגאַנג, נאָך דער לאַנגער נאַכט.

און דורך זיין פענצטער צו דער גאַס,
האַלב טרויעריק און האַלב אין שפּאַס,
ווי קינדער שפּילן, ליב באַטראַכט
און זייער פרייד אין ליד געבראַכט.

און אין זיין אָרעמען געצעלט
געזען וואָס נאָענט און וואָס ווייט,
און יעדן דור, און יעדע צייט;
געזען דעם גאַנג פון גאָר דער וועלט.

געקוקט פאָרויס, געקוקט צוריק,
באַגעגנט זיך מיט נביאימס בליק,
באַגעגנט זיך אין שאַפונגפרייד
און זייער וואָרט דעם פאָלק באַשיידט...

ער איז געווען פון זייער שטאַם,
אַ העלער פונק פון זייער פלאַם,
מיט זיי זיין נאָמען איינגעוועבט —
ניט זאָג: געווען. ער לעבט. ער לעבט!

חיים ספּיוואַק

# יהואָש דער וויסנשאַפטסמאַן [1]

פון יהואָשעס פּאָעטישע ווערק אַליין וועט מען ניט קענען באַשליסן, צי איז יהואָש געווען אַ וויסנשאַפטסמאַן אָדער ניט. יהואָש האָט אָבער איבערגעזעצט די ביבל און צו איבערזעצן די ביבל, וואָס איז פול מיט פּאָעזיע ווי אַ מילגרוים מיט קערנער, איז ניט גענוג צו זיין סתם אַ פּאָעט, מע דאַרף אויך זיין אַ וויסנשאַפטסמאַן.

איידער איך וועל צוטרעטן צום ענין גופא וועל איך, ערשטנס, זאָגן וואָס איך מיין מיט דעם וואָרט וויסנשאַפטסמאַן; צווייטנס, וועל איך פּרובירן צו באַשטימען די צייט, ווען יהואָש האָט אָנגעהויבן צו דענקען פון איבערזעצן די ביבל, וואָס וועט האָבן אין אַ געוויסער מאָס אַ ביאָגראַפישן און ביבליאָגראַפישן אינטערעס. און וואָס איז שייך צום ענין גופא, וועל איך אַרומריידן אייניקע פון יהואָשעס אייגנשאַפטן, וועלכע באַרעכטיקן אים צום ערן־טיטל פון וויסנשאַפטסמאַן.

וואָס איז אַ וויסנשאַפטסמאַן? לעקסיקאָניש הייסט אַ וויסנשאַפטסמאַן „איינער וואָס גיט זיך אָפּ מיט דעם שטודיום פון איינער אָדער מערערע וויסנשאַפטן און האָט אָנגעזאַמלט אַ סך ידיעות בנוגע צו די וויסנשאַפטן, מיט וועלכע ער אינטערעסירט זיך". אַזאַ וויסנשאַפטסמאַן רופט מען געלערנטער.

דער וואָס באַנוגנט זיך נישט מיט דעם שטודיום פון אַלע באַוווסטע פאַקטן און דאַטעס בנוגע צו אַן עקסיסטירנדיקער וויסנשאַפט און גיט זיך אָפּ סיסטעמאַטיש צו זוכן נייע פאַקטן, נייע געזעצן אין דער וויסנשאַפט אָדער אויסגעפינען די שייכות פון דער וויסנשאַפט צו אַנדערע, אָדער אַ נייע אויסטייטשונג פון אַן אַלטן אָנגענומענעם געזעץ, אָדער די אויסניצונג פון דער וויסנשאַפט פאַר טעאָרעטישע אָדער פּראַקטישע צוועקן, מיט איין וואָרט, איינער וואָס דורך זיין שטודיום באַצוועקט ער צו באַרייכערן, פאַרברייטערן און פאַרטיפן די וויסנשאַפט — הייסט אַ פאָרשער.

---

[1] פון פנקס, פערטליאָריקער זשורנאַל פאַר יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, שפּראַכפאָרשונג און ביבליאָגראַפיע, ב' 1, ניו־יאָרק 1928, זז' 140—145.

אַ מענטש קען זיין אַ געלערנטער און ניט זיין קיין פאָרשער. אַ פאָרשער אָבער מוז אויך זיין אַ געלערנטער. יהואָש באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע פון וויסנשאַפטסמענער, וואָס זיינען פאָרשערס.

ווען האָט יהואָש באַקומען זיין ערשטע אינספּיראַציע צו איבערזעצן די ביבל? מע קען מער נישט ווי מאַכן השערות. נאָך מיין מיינונג קומט־אויס, אַז ער האָט אפשר געהאַט דעם נעפלדיקן געדאַנק נאָך אין דער צייט, ווען ער האָט געשריבן זיינע ערשטע לידער, וועלכע האָבן זיך געדרוקט אין פּרצעס „די יודישע ביבליאָטעק", אין 1890—1891. שוין דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן אויף ביבלישע טעמעס, ווי „אויף די פעלדער פון בית־לחם", (אויף רחלס קבר), „מזמור שיר ליום השבת" און זיין ערשטע פּראָבע פון איבערזעצן אַ קאַפּיטל תהילים „פון תהילים". עס איז ווערט אָנצווייזן, אַז זיין ערשט ריין ביבליש ליד „פון תהילים" קען מען ניט אָנרופן אַן איבערזעצונג. דער דיכטער האָט פאַרפאַסט אַ דראַמאַטיש בילד, וואָס האָט אין זיך די הערלעכקייט פון דער שילדערונג פון קאַפּיטל י"ח אין תהילים, אָבער ער האָט זיך דערלויבט צו געבן זיין פאַנטאַזיע אַ פרייען שווונג. ער האָט ניט איבערגעזעצט וואָרט פאַר וואָרט; ער האָט ניט געמאַכט קיין פרייע איבערזעצונג; ער האָט אַפילו ניט מקפיד געווען אויף מוקדם ומאוחר. די אָרדענונג פון די סטאַנציעס לויט די פסוקים פונעם קאַפּיטל זיינען ווי פאָלגנדיק:

### פון תהילים (קאַפּ' י"ח)

אויף די פליגלען פון דעםווינט  
רייט דער גרויסער העלד —  
גאָט צבאות יאָגט געשווינד  
איבער אונדזער וועלט... (פסוק י"א)

און דער דונער לויפט־פאָרויס, (פסוק י"ד)  
זאָגט זיין קומען־אָן,  
און די בערג זיי הערן־אויס:  
ציטערן פאַר דעם טאָן... (פסוק ח)

עס ציטערן די בערג און די טאָלן,  
עס ווערן די טייכן געשוואָלן,  
עס וואַרפן זיך הימל און ערד (פסוק ט"ז)  
זיי ווילן פון שדי אַנטרינען

און קענען קיין אָרט ניט געפינען,
ווייל אומעטום זעט ער און הערט.

און עס שיסן פייערפלאַמען,
העלע בליצן פון זיין נאָז (פסוק ט)
און עס פלאַצט אַ מבול־וואָלקן
פון זיין שטאַרקן שטורעמבלאָז, (פסוק י״ג)

און די זון ווערט פלוצלינג חושך,
און איר מוראדיקע סטאַדעס
יאָגן זיך געדיכטע כמאַרעס,
לויפן פונעם צאָרן שדים... (פסוק י״ב)

פינצטער און חושך, דאָס ליכט איר פאַרשטעלט,
די דונערן קייקלען זיך איבער דער וועלט,
עס וואָיעט און יאָמערט דער ווינט,
גאָט פליט־דורך די פינצטערע וואָלקנס אַליין (פסוק י)
עס פרייען זיך אַלע וואָס פילן ריין, (פסוק כ״ה)
עס שרעקן זיך פאַלשקייט און זינד. (פסוק מ״ו)

אין משך פון די זיבן יאָר, וועלכע יהואָש האָט פאַרבראַכט אין דענווער, האָט ער אָנגעשריבן 214 לידער, וועלכע זיינען אַריינגעגאַנגען אין ערשטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע לידער (פאַרלאַג אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטעק, 1907). די לידער אויף ביבלישע טעמעס פאַרנעמען אַ גרויסן טייל פון בוך. ביבלישע עפּיגראַפן געפינען זיך אויף די פאָלגנדיקע לידער: „לא ברעש ה׳ ”, „ויהי למטה”, „איוב”, „יפתחס טאָכטער”, „פון תהילים”, „שבת נחמו”, „כי תצא למלחמה”, „שומר מה מליל”, „אַלטע פסוקים ניי פאַרטייטשט”, „דעם נביאס גורל”, „ממעמקים קראתיך ה׳ ”.

מע קען פון דער רשימה זען, אַז זיין „שניט” אָדער אַרט פון זיין דיכטן צו יענער צייט איז געווען שטאַרק ביבליש. איך זאָג בכיוון צו יענער צייט, מחמת אין זיינע ווערק, וועלכע זיינען דערשינען שפּעטער (נייע שריפטן, צוויי בענדער, פאַרלאַג יהואָש, 1910; פון דער וועלט און יענער, פאַרלאַג יהואָש, 1913; אין זון און נעבעל, פאַרלאַג יהואָש, 1913), געפינען זיך גאָר ווייניק לידער אויף ביבלישע טעמעס און קיינס פון זיי האָט ניט קיין ביבלישן עפּיגראַף.

איך דערקלער די דערשיינונג מיט דעם, ווייל צו יענער צייט איז דער דיכ־

טער צוגעטראָטן צו זיין לעבנסווערק — דער איבערזעצונג פון תנך אין יידיש. ער האָט פאַרעפנטלעכט אין 1910 זיין ערשטע איבערזעצונג פון ישעיה, איוב, שיר השירים, רות און קהלת, און דאָס האָט וואָרשיינלעך באַפרידיקט זיין באַגער צו שרייבן אויף ביבלישע טעמעס. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן דער גרויסער בקי אין תנך מיט אַלע זיינע מפרשים און האָט זיך באַקענט מיט די איבערזעצונגען פון ביבל אויף אַלע אייראָפּעיִשע שפּראַכן, האָט זיין איבערזעצונג פון די אויבן דערמאָנטע ספרים און מגילות אים פאַרשאַפט פיל גייסטיקע שמאַרצן. זיין פּאָעטישער גייסט האָט געשוועבט איבער דער איבערזעצונג און מע קען עס נאָך איצט לייענען מיט גרויס פאַרגעניגן, אָבער עס פעלט דאָרט גענויקייט און געלערזאַמקייט. ער האָט די איבערזעצונג גערעכנט פאַר אַ פאַרשוועכונג פון דעם גייסט פון דער ביבל און כמעט ווי אַ גאָט־לעסטערונג. פאַר זיינע אינטימע פריינד פלעגט ער אויסגיסן זיין שווער האַרץ און זאָגן, אַז אויב עס וואָלט געווען מעגלעך, וואָלט ער אָפּגעקויפט צוריק אַלע פאַרקויפטע עקזעמפּליאַרן און זיי דן געווען לשריפה. די פּלאַטן פון דער אויסגאַבע האָט ער צעבראָכן מיט זיינע אייגענע הענט.

מיר דוכט אָבער, אַז דער אימפּולס צו איבערזעצן די ביבל איז געקומען צו יהואָשן אין יאָר 1904. אין דעם יאָר האָט פּאַסירט אַן אינצידענט, וועלכער איז ווערט פאַרצייכנט צו ווערן, כאָטש איך ריזיקיר מיט מיין רעפּוטאַציע — אייניקע וועלן עס אפשר שלעכט פאַרטייטשן און מיך רופן עגאָיסט. ענדע 1904 האָב איך זיך ניט געפילט מיט אַלעמען. די דאָקטוירים האָבן ניט געוווּסט מיין קרענק, חושד געווען, אַז איך האָב אַ „גייענדיקן טיפוס״, און געהייסן גיין אין בעט אַריין. יהואָש פלעגט אָפט מקיים זיין די מצווה פון ביקור־חולים. מיינער אַ פריינד (בערנאַרד לאַנדוי), קענענדיק מיינע שוואַכקייטן צו אַלטע ביכער, האָט מיר געבראַכט אַ מתנה געזעניוס׳ לעקסיקאָן פון אַלטן טעסטאַמענט, איבערגעזעצט פון לאַטיין אין ענגליש דורך עדוואַרד ראָבינסאָן (באָסטאָן 1850). די דאָקטוירים האָבן מיר פאַרבאָטן צו לייענען, אָבער אַזוי ווי זיי האָבן גאָר ניט געזאָגט מכוח „בלעטערן״ אָדער „אַריינקוקן״ אין אַ בוך, האָב איך זיך מתיר געווען צו טאָן ביידע זאַכן. בלעטערנדיק אַזוי דעם לעקסיקאָן, איז מיר פּלוצלינג אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק אויסצוגעפינען וויפל העברעיִשע ווערטער באַניצן די יידיש־ריידנדיקע יידן. איך האָב אָנגעהויבן פון אַלף און „געבלעטערט״ און „געקוקט״. ווי דערשטוינט בין איך געווען, געפינענדיק אַז כמעט אויף יעדן בלעטל איז דאָ אַ וואָרט אָדער צוויי, וועלכע יידן געברויכן אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. אין דעם לעקסיקאָן, וואָס האָט קרוב צו דרייצן הונדערט בלעטלעך, האָב איך ביז דעם פופציקסטן בלעטל געפונען די פאָלגנדיקע יידישע ווערטער: אָב (אָב בית דין), אַבידה (לאיבוד), אביון (אביונטע), אבל (מנחם אבל זיין), אבן (אבן טוב), אבר, אגודה, אדון, אדוני, אַדיר, אָדם (אָדם הראַ־

שון), אַהבה (אַהבה רבה), אוי, אולי, אופן, אוצר, אור (ויהי אור), אות (אות באות), אָזנים, אָח, אחד, אחור, אַחות, אחת (אחת ואחת), איכה, אימה, איש (אשת־איש), אַכזר, אַכילה. איך האָב זיך קוים דערוואַרט ביז יהואָש וועט קומען מיך באַזוכן און איך האָב אים דערציילט מיט גרויס התלהבות פון מיין גרויסער אַנטדעקונג. מיר האָבן טאַקע דעמאָלט און דאָרט באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן זיך נעמען צו דער אַרבעט און צוזאַמענשטעלן אַזאַ ווערטערבוך. מיר האָבן זיך פאַרשאַפט אַלערליי ווערטערביכער, מיר האָבן דורכגעבלעטערט דעם תנך, דעם סידור, קינות, סליחות, מחזורים, תחינות און דעם צאינה וראינה. די ווערטערביכער, וועלכע איך האָב באַקומען פון אַרבע כנפות האָרץ, האָבן אונטערגעבראָכן מיין גאַווה און איינבילדונג, אַז איך בין דאָס געווען דער ערשטער צו פאַלן אויף דעם שכל צו זאַמלען העברעיִשע ווערטער, וועלכע ווערן געברויכט אין ייִדיש. איך האָב אויסגעפונען, צו מיין ווונדער, אַז די גויִם, די דייטשישע געלערנטע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דעם שטודיום פון ייִדיש נאָך מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק און האָבן פאַרפאַסט גראַמאַטיקעס און לעקסיקאָנען, אין וועלכע די העברעיִשע ווערטער האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. איך בין געווען אויסער זיך פון אַזאַ קלאַפּ. יהואָש אָבער האָט מיך באַרויִקט און האָט באַוויזן מיט אותות ומופתים, אַז אונדזער ווערטערבוך וועט זיין דבר חדש און מיר וועלן זיך ניט דאַרפן שעמען מיט אים. ער האָט געלייגט גרויס געוויכט אויף דעם, אַז אונדזער ווערטערבוך וועט זיין דער ערשטער אויף דעם פעלד פון ייִדישער לעקסיקאָגראַפיע מחמת די ייִדישע ווערטער ווערן פאַרטייטשט אויף ייִדיש — דאָס ערשטע ייִדיש־ייִדיש ווערטערבוך. איך בין זיך מודה און מתוודה, אַז איך בין געווען אַ פולשטענדיקער איגנאָראַמוס אין הלכות לעקסיקאָגראַפיע, ניט געוווּסט ווי אָנצוהייבן. יהואָש אָבער, כאָטש ער האָט צו יענער צייט ניט געהאַט קיין גרויסע ידיעות אין לעקסיקאָגראַפיע, האָט פאַרמאָגט דעם חוש פאַר אַזאַ אַרבעט. ער האָט דאָס גאַנצע ווערטערבוך אונדזערס געזען מיט זיין גייסטיקן אויג — די ווערטער, די דעפיניציעס, פּאַפּיר, שריפט, דרוק, איינבאַנד, אַפילו די צאָל פון די בלעטער האָט ער געוווּסט נאָך איידער מיר האָבן אָנגעשריבן דעם ערשטן אות.

אונדזער בשותפותדיקע אַרבעט איז געווען פאַר מיר אַ קוואַל פון גייסטיקן פאַרגעניגן און פון באַשטענדיקער באַוווּנדערונג פון דער שאַרפזיניקייט, ערודיציע און זכרון פון יהואָשן. עס איז געווען אַ שותפות פון מוח און כוח. איך האָב געטאָן די טעכנישע און מעכאַנישע אַרבעט, יהואָש — די וויסנשאַפטלעכע אַרבעט. איך האָב געזאַמלט דעם מאַטעריאַל, די ווערטער און אויפגעשריבן זיי אויף צעטעלעך. יהואָש האָט דיקטירט די איבערזעצונגען און איך האָב זיי פאַרשריבן. ווי אַ פאַרגאַפטער פלעג איך זיצן און הערן, ווי ער מאַכט די איבערזעצונג, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, ניט פאַרטראַכטנדיק זיך. איך געדענק נאָך

ווי היינט די ערשטע צוויי ווערטער, ווי ער האָט זיי פאַרטייטשט כהרף עין: אַבידה — פאַרלוסט, שאָדן; פאַרלוירענער קעגנשטאַנד. אָבות — פאָטערס, עלטערן, די אורפאָטערס פון דעם ייִדישן פאָלק (אַברהם, יצחק און יעקב). זעלטן ווען מע האָט געדאַרפט ענדערן די אָרדענונג פון דער פאַרטייטשונג. זעלטן ווען עס האָט געפעלט אַ ניואַנס.

דאָס בוך איז דערשינען אונטער דעם טיטל ייִדיש ווערטערבוך, אַנטהאַלט אַלע העברעיִשע (און כאַלדעיִשע) ווערטער, אויסדרוקן און אייגננעמען, וועלכע ווערן געברויכט אין דער ייִדישער שפּראַך, מיט זייער אויסשפּראַך און אַקצענט, און מיט ביישפּילן פון ווערטלעך און שפּריכווערטער, אין וועלכע זיי קומען־פאָר, מיט איין איינלייטונג פון נויטיקע כללים און באַטראַכטונגען, און אַ ביילאַגע פון העברעיִשע פּערזאָנען־נעמען, פאַמיליען־נעמען און נעמען פון פאַראיינען, חברות, שולן, בית־עולמס און אַז. וו. פאַרלאַג יהואָש, ניו־יאָרק, 1911. די איינלייטונג, וועלכע פאַרנעמט אין גאַנצן 19 בלעטלעך, איז אַ מוסטער פון קלאָרקייט און פולקייט בנוגע די גראַמאַטישע כללים פון די העברעיִשע ווערטער אין ייִדיש. דאָס איז געווען אין גאַנצן יהואָשעס אַרבעט — איך האָב אַפילו איין אות ניט צוגעשטעלט. דאָס פאָרוואָרט האָב איך געשריבן און איך בין געווען אויפן זיבעטן הימל, ווען ער האָט דאָס מיר צוגעשיקט פון ניו־יאָרק און האָט געזאָגט טוב.

די אַרבעט, וועלכע האָט געדויערט כמעט גאַנצע זעקס יאָר, אַן אַרבעט וואָס האָט צו טאָן מיט צוויי שפּראַכן — העברעיִש און ייִדיש — מיט דעם נאָכזוכן פון די ייִדישע עקוויוואַלענטן פאַר העברעיִשע ווערטער, אויסדרוקן און זאַצן, וועלכע געפינען זיך אין דער ביבל, די אַרבעט האָט יהואָשן געגעבן דעם אימפּולס צו מאַכן זיין ערשטע פּראָבע צו איבערזעצן די ביבל אויף ייִדיש, פון וועלכער מיר האָבן גערעדט פריִער. אין דער זעלביקער צייט, ווען מיר האָבן ביי נאַכט געאַרבעט אויף דעם ווערטערבוך, האָט ער זיינע טעג פאַרבראַכט מיט דער איבערזעצונג פון טיילן פון דער ביבל.

דאָס ייִדיש־ווערטערבוך פאַר זיך אַליין באַרעכטיקט אונדז צו קרוינען יהואָשן מיט דעם טיטל וויסנשאַפטסמאַן. ער האָט אַרויסגעוויזן אָריגינאַליטעט און פּאָרש־פעיִקייטן און האָט צום ערשטן מאָל אָנגעוויזן אויף דעם קוואַל, וועלכער באַפרוכפּערט און באַלעבט די ייִדישע שפּראַך.

און דאָ קומען מיר צום ענין גופא. וואָס מער יהואָש האָט זיך פאַרטיפט אין דעם שטודיום פון דער ביבל, אַלץ מער האָט ער אויסגעפונען, אַז ער מוז נאָך אַ סך לערנען איידער ער קען וואַגן צוטרעטן צו דער איבערזעצונג. ערשטנס, מוז ער קענען העברעיִש גרינטלעך. ער מוז קענען כאַלדעיִש גרינטלעך. ער מוז זיך באַקענען מיט אַלע איבערזעצונגען פון דער ביבל — אַראַמעיִשע, גריכישע, לאַטיינישע און פון אַלע אַנדערע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. אַזוי

ווי אַראַביש איז אַ שוועסטערשפּראַך פון העברעיִש, באַשליסט ער צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע און לערנט דאָרט גרינטלעך די אַראַבישע שפּראַך. געלערנטע אַראַביסטן האָבן זיך געוווּנדערט אויף זיין באַהאַוונטקייט ניט בלויז אין דער אַראַבישער שפּראַך, נאָר אויך אין דער קלאַסישער אַראַבישער ליטעראַטור.

די שומרונים אין פּאַלעסטינע האָבן איבערגעזעצט די ביבל אויף זייער שפּראַך (ענלעך צום תרגום) — דאַרף מען זיך לערנען די שומרונישע שפּראַך, כדי צו קענען לייענען די ביבל אין זייער שפּראַך. עס איז דאָ אַן אַלטע איבערזעצונג פון דער ביבל, וואָס הייסט פּשיטא, געשריבן אויף דער סירישער שפּראַך — דאַרף מען זיך אויסלערנען די סירישע שפּראַך. דריי טעג איידער יהואָש איז נפטר געוואָרן האָט ער אין צוויי טעג דורכגעשטודירט אַ סירישע גראַמאַטיקע און איך האָב באַשטעלט פאַר אים, אויף זיין פאַרלאַנג, די לעצטע און בעסטע אויסגאַבע פון אַ פולשטענדיקן סירישן ווערטערבוך. ער האָט זיך געפרייט ווי אַ קינד, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אַ גרויסער ייִדישער געלערנטער, זיין פריינד ר׳ חיים העלער, האָט אָנגעהויבן צו דרוקן די פּשיטא מיט העברעיִשע בוכשטאַבן (סיריש איז ענלעך צו תרגום לשון). אַזוי אַז יעדער ייִד וועט קענען לייענען די פּשיטא.

די אַלע פאָראַרבעטן זיינען געווען אויף דעם געביט פון דער העברעיִשער שפּראַך. ער האָט געוואָלט וואָס טיפער פאַרשטיין דעם גייסט פון דער שפּראַך דורך דעם ווי אַזוי די אַלע אַנדערע האָבן איבערגעגעבן דאָס העברעיִשע אין זייערע פאַרשיידענע שפּראַכן. איך רייד גאָר ניט פון די הונדערטער מפרשים, ייִדישע און ניט ייִדישע, וועלכע יהואָש האָט גרינטלעך געשטודירט — פון רשי, אבן־עזרא ביז עוואַלד און גונקעל.

און מיט דעם זעלביקן אימפּעט, מיט וועלכן ער האָט געשטרעבט אַריינצודרינגען אין דעם גייסט פון די העברעיִשע ווערטער, האָט ער זיך אָפּגעגעבן צו דעם שטודיום פון דער ייִדישער שפּראַך. עס איז ניטאָ קיין איין־איינציקע ייִדישע איבערזעצונג, וועלכע ער האָט ניט דורכגעלייענט — פון דער גאָר עלטסטער איבערזעצונג פון דעם חומש פון מיכאל אַדם (1544), תהילים פון אליה בחור (1545), די צוויי איבערזעצונגען פון גאַנץ תנך, פון יקותיאל בליץ (1676) און יוזל וויצן הויזן (1679) ביז די הונדערטער איבערזעצונגען פון סידור, מחזור, סליחות, צאינה וראינה און הונדערטער תחינות. אַלע זיינע פריינד האָבן אים געליִען יקר־המציאותדיקע ביכער. ער האָט באַצויגן ביכער פון אַלע גרויסע ביבליאָטעקן, וואָס האָבן זאַמלונגען פון ייִדישער ליטעראַטור — די ביבליאָטעק פון טעאָלאָגישן סעמינאַר, ניו־יאָרק; די ביבליאָטעק פון „היברו יוניאָן קאַלעדזש“, סינסינעטי; די „דראַפּסי קאַלעדזש“, פילאַדעלפיע; און פון זיינע לעצטע מטבעות האָט ער געקויפט ביכער. ער האָט אַלע ביכער געלייענט און יעדעס בוך איז אים צו נוץ געקומען.

עס איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אין דעם יהואָש־חומש, וואָס איז אַרויס פון דרוק מיט אַ פּאָר מאָנאַטן איידער ער איז געשטאָרבן, זיינען דאָ איבער פינף הונדערט נייע ייִדישע ווערטער, אַ קליינער טייל פון זיי זיינען ווערטער, וועלכע ער האָט אַנטליִען פון די אַלטע איבערזעצונגען, און האָט אין זיי אַריינגעבלאָזן אַ ניי לעבן, און די גרעסטע צאָל זיינען פון זיין אייגענער מינצונג — ער האָט זיי באַשאַפן.

כאָטש ער האָט זיך געמאַכט היימיש אין דער גרויסער מאָדערנער ליטעראַטור פון ביבל־פאָרשונג, האָט ער אָבער ניט אויף אַ האָר אָפּגעווייכט פון דער מסורה. זיין איבערזעצונג איז אַ שטרענג טעקסטטרייע; צו מאַכן די איבערזעצונג פאָלקסטימלעך, צו באַניצן זיך מיט אַרכאַיִשע זאַפטיקע ווערטער, געקליבן פון אַלטע ספרים און פון די מלמדישע און צאינה וראינהשע אויסטייטשונגען, צו זיין געצווּנגען צו שאַפן נייע ווערטער און אויסדרוקן און צו דער זעלביקער צייט אויסהאַלטן דעם טעמפּאָ, ריטעם און פאַרב פון דער ביבל און ניט פאַרשווערן די מסורה — האָט געקאָסט יהואָשן פיל מי, געזונט און שלאָפלאָזע נעכט. דאָס איז געווען אַן אַרבעט, וואָס צענדליגער מענטשן האָבן זי געדאַרפט טאָן. די ערשטע איבערזעצונג פון דער ביבל אין גריכיש איז געמאַכט געוואָרן פון זיבעציק ייִדן (שבעים זקנים). יהואָש האָט געאַרבעט פאַר זיבעציק. ווי אַזוי עס איז דעם צאַרטן און שוואַכן מענטשן געלונגען צו פאַרענדיקן זיין גיגאַנטישע אַרבעט, איז אומפאַרשטענדלעך. סיידן זיין ליבע צו דער ביבל, זיין איבערגעגעבנקייט צו די צוויי שפּראַכן — העברעיִש און ייִדיש — זיין ערפורכט פאַר דער מסורה, זיין שאַרפער מוח און ייִדיש האַרץ זיינען אים בייגעשטאַנען אין זיין שווערער אַרבעט.

ווען איך פלעג זען יהואָשן ביי דער אַרבעט, האָב איך אים תמיד זיך פאָרגעשטעלט אַזוי ווי ער וואָלט געווען דער אַמאָליקער סופר, וואָס פלעגט זיך טובלען יעדן טאָג איידער ער פלעגט אָנהייבן שרייבן די תורה, און אויך יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט דאַרפן שרייבן דאָס וואָרט יהוה. יעדעס וואָרט פון דער ביבל האָט יהואָש געשריבן מיט זיין געטובלטער נשמה, מיט קדושה.

יהואָשעס רום ווי אַ ביבל־איבערזעצער וועט ניט זיין קלענער פון זיין רום ווי דער ייִדישער דיכטער. ער האָט אין זיך פאַראייניקט די זעלטענע גייסטיקע מתנות פון פּאָעט און וויסנשאַפטסמאַן.

א. גלאַנץ־לעיעלעס

# מיינע באַגעגענישן מיט יהואָשן

— „איר קענט מיך?"

דאָס זיינען די ערשטע פּאָר ווערטער יהואָשעס, וואָס האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין קאָפּ. די פראַגע איז סימבאָליש. יהואָש האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן זיך באַקלאָגט, אַז מענטשן זאָגן אָפּט אַרויס מיינונגען וועגן אים, כאָטש זיי האָבן אים ווינציק געלייענט, קענען נישט זיין אַרבעט. אויך אין דעם פאַל האָט זיך די פראַגע באַצויגן אויף מיין קענען אים ליטעראַריש. פּערזענלעך האָט ער מיך — ווי איך אים — געזען צום ערשטן מאָל.

און דער „איר קענט מיך?" גייט סך־הכל צוריק צום יאָר 1911. כאָטש קוים 22 יאָר, בין איך שוין דעמאָלט געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ וואָכנבלאַט. עס האָט געהייסן „די פאָלקסשטימע" און איז געווען דער אָרגאַן פון דער סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישער פּאַרטיי. עס איז געווען מיין אַמביציע דעם זשורנאַל צו מאַכן אויך פאַר אַ ליטעראַרישער טריבונע. די אַמביציע האָט מיך געפירט צו יהואָשן. עס איז געווען נאַטירלעך. יהואָשעס נאָמען איז שוין דעמאָלט געווען גרויס און איך האָב געוואָלט, אַז „די פאָלקסשטימע" זאָל האָבן פון דעם בעסטן און שענסטן, וואָס די יידישע פּאָעזיע האָט פאַרמאָגט. חוץ דעם — יהואָש איז אויך גוט באַקאַנט געווען מיט זיין יידיש־נאַציאָנאַלער אָריענטאַציע. עס וואָלט געווען אַרויסגעוואָרפן, למשל, זיך צו ווענדן צו מאָריס ראָזענפעלדן, וואָס האָט צו יענער צייט מיטגעאַרבעט אין פאָרווערטס, דעם דעמאָלטיקן קעגנער אי פון ציוניזם אי פון טעריטאָריאַליזם, פון נאַציאָנאַליזם בכלל.

בין איך געפאָרן צו יהואָשן, וואָס דאָס האָט דעמאָלט געמיינט אַ היפּשע נסיעה. ער האָט געוווינט אין די בראָנקס, דאַכט זיך אויף קלינטאָן עוועניו. די רעדאַקציע פון „די פאָלקסשטימע" איז געווען אויף דילענסי סטריט, און איך אַליין האָב געוווינט אויף סעקאָנד עוועניו. אין משך פון דער שעה, וואָס דאָס פאָרן האָט גענומען, בין איך נישט געווען צו זיכער ביי זיך. ווי וועט מיך דער באַרימטער פּאָעט אויפנעמען? אַגב, אין מיינע אויגן איז ער, דער מיט 20 יאָר עלטערער, געווען כמו אַ זקן. איך בין געווען אַ ביסל נערוועז.

אָבער דער ערשטער ברוך־הבא האָט מיר תיכף צוריקגעגעבן מיין גלייכ־גילטיקייט. ער האָט מיך אויפגענומען גאָר פריינדלעך, אָן שום אָנגעבלאָזנקייט,

אָבער דער ערשטער ברוך־הבא האָט מיר תיכף צוריקגעגעבן מיין גלייכ־געוויכט. ער האָט מיך אויפגענומען גאָר פריינדלעך, אָן שום אָנגעבלאָזנקייט, מיר אָנגעבאָטן אַ פּאַפּיראָס, האָט אַליין פאַררויכערט — ער האָט נאָך געמעגט — און מיר געשטעלט די דערמאָנטע פראַגע.

דעם אמת געזאָגט, בין איך דווקא נישט צו גוט באַקאַנט געווען מיט יהואָשעס לידער ביי מיין ערשטן וויזיט. איך האָב יאָ געהאַט געלייענט — אַפילו נאָך אין לאָנדאָן — געוויסע איינצלנע זאַכן זיינע, וואָס זיינען מיר שטאַרק געפעלן געווען. דער עיקר — מיט זייער איראָפּעיִש אויסגעהאַלטענער פאָרעם און מיט דער בליציקייט פון געדאַנק, אייגנשאַפטן, וואָס האָבן מיך אינטערעסירט זייער פרי. ממילא האָב איך נישט געקאָנט געבן יהואָשן דעם פולן ענטפער, וואָס ער האָט מסתמא געוואָלט הערן. איך האָב אַ ביסל געבעקעט און געמעקעט.

ער האָט באַמערקט מיין פאַרלעגנהייט און גוטמוטיק געשמייכלט:

— ס׳מאַכט נישט, ס׳מאַכט נישט. איר האָט נאָך צייט זיך בעסער צו באַקענען. איר זייט דאָך נאָך אַזוי יונג.

און דאָ האָט ער מיר געגעבן דאָס ליד פאַר „די פאָלקסשטימע" — נעט און ריין צוגעגרייט.

אַז איך בין שוין געשטאַנען אויף דער שוועל, האָט ער מיך ראַפּטאָם און מיט אַ וויסיקן ווונק אין די אויגן געפרעגט:

— דעם אמת — איר שרייבט אַליין לידער?

מיט אַ שטים, וואָס איז געקומען פון אומענדלעכע פאַרשעמטע טיפענישן, איז געקומען מיין —

— יאָ.

*

...יענע באַגעגעניש איז געווען אין תוך אַ צופעליקע. עס האָבן געדאַרפט אַוועקגיין נאָך זעקס יאָר, איידער די באַקאַנטשאַפט איז באַנייט געוואָרן, איידער די באַקאַנטשאַפט איז איבערגעגאַנגען אין אַ פריינדשאַפט.

פאַר דער צייט האָט ער באַוויזן אָפּצופאָרן קיין ארץ־ישראל און קומען צוריק. איך — אַרומצוּוואַנדערן איבערן לאַנד אַמעריקע, זיך באַזעצן צייט־ווייליק אין שיקאַגע, אין טאָראָנטאָ וכדומה. פאַר דער צייט איז אויפגעקומען „דער טאָג", ווו איך בין געוואָרן אַ מיטאַרבעטער און ווו יהואָש האָט אָנגעהויבן זיך צו דרוקן. פאַר דער צייט איז אָבער פאָרגעקומען נאָך עפּעס וויכטיקערס. יהואָש איז פאַרטאָן געוואָרן אין זיין תנך־איבערזעצונג און גלייכצייטיק פאַרעפנטלעכט לידער פון אַזאַ מאָדערנעם טאָן און שווּנג, אַז עס האָט פאַרכאַפּט ביים אָטעם. די לידער האָבן מיך געצויגן צו אים. איך האָב נישט באַהאַלטן מיין התפעלות און ער האָט געלויכטן.

מען דאַרף וויסן, אַז יהואָש האָט קלאָר געזען פאַר זיך דעם אויפשוווּנג פון דער ייִדישער פּאָעזיע אין אַמעריקע און האָט געקאָנט אויסגעצייכנט שאַצן די נייע טאַלאַנטן, וואָס האָבן דאָ גענומען שלייפן דאָס ייִדישע וואָרט, דעם ייִדישן פערז. אָבער עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דווקא די נייע יונגע דיכטערס האָבן אומצווייידייטיק אַרויסגעוויזן זייער קעגנערשאַפט צו אים. קעגנערשאַפט איז אַ מילדער אויסדרוק. ווו עס איז נאָר געווען די געלעגנהייט, האָבן מ. ל. האַלפּערן, זישאָ לאַנדוי, משה נאַדיר, מאַני־לייב, און אַנדערע אויסגעדריקט זייער „נישט־האַלטן" פון אים.

יהואָש האָט עס געוווּסט און ס'האָט אים געקרענקט. אָבער איך דאַרף נאָך זען אַ צווייטן שרייבער, וואָס זאָל האָבן אַריבערגעטראָגן דעם מין קרענקונג מיט מער ווערדע און אַריסטאָקראַטישקייט ווי יהואָש.

...מיר זיינען גוט באַקאַנט געווען יהואָשעס מאַטעריעלע גליקן, זיין פינאַנציעלער צושטאַנד. פלעגט זיך מאַכן, אַז מען האָט אויך צו אים זיך געווענדט נאָך עפּעס אַ צושטייער, אַ נדבה. און יהואָש האָט געשריבן אַ טשעק. אָבער ווי אַזוי? מיט דער גרעסטער לייכטקייט, און שטענדיק איינער פון די סאַמע ערשטע, און מערסטנס אַ גאַנץ סאָלידע סומע. וואָס פאַר אַן אָרעמאַן, ווער אַן אָרעמאַן? קיין שום נגיד, קיין גביר, האָט עס נישט געמאַכט שענער. אויך דער זשעסט איז אַן איינגעבוירנקייט.

עס איז געווען די נייע, נאָך־וויקטאָריאַנישע צייט — די מאָדערנע פּאָעטן האָבן שוין נישט פּאַראַדירט מיט לאַנגע האָר, זיך רעגלמעסיק געשוירן און ראַזירט, געטראָגן פּשוטע, אַלגעמיין אָנגענומענע שניפּסן. קיינעם וואָלטן מיר נישט מוחל געווען דעם פלי‍ִענדיקן, ספּעציעל פאַרשלייפטן פלאַטערשניפּס. אין אונדזער ליטעראַרישער סביבה האָבן אַזוינס געטראָגן בלויז נאָר צוויי — פּרץ הירשביין און יהואָש. איז מילא הירשביין, מיט אים האָבן מיר קיין דאגה נישט געהאַט. זאָל ער נאָר קריגן אַ כלה, וועט זי אים שוין „אַנטשלייפן". וכך הוה. אַזוי שנעל, ווי אסתר שומיאַטשער האָט איינגענומען הירשביינען, האָט הירשביין אַראָפּגענומען די פלי‍ִענדיקע שפּיצן פון זיין האַלדז און אָנגעהויבן טראָגן געוויינטלעכע שניפּסן. מיט יהואָשן, האָבן מיר געוווּסט, אַז עס איז פאַרפאַלן, און — פאַרקערט נאָך — עס וואָלט גאָר נישט גוט געווען, אַז ער זאָל בייטן זיין האַלדזטוך. פאַר אים איז דער קראַוואַט־פלי‍ִער געווען נאַטירלעך, נאָרמאַל, דורכויס פּאַסיק. אויך די הלבשה געהערט צום כאַראַקטער און עצם פון דעם מענטש.

*

יהואָש וואָלט נישט געווען און נישט געקאָנט זיין יהואָש אָן דער עקשנות זיינער און אָן דער ממש אומבאַגרענעצטער פעיִקייט צו אַרבעטן. עס האָט

אים נאָר און רק אויסגעפּעלט צייט. פון דעסט וועגן האָט ער געקאָנט זיין דער גרעסטער פּעדאַנט, באמת נישט שאַנעווען קיין טעג און נעכט צוליב אַ קוצו של יוד. די דאָזיקע פּעדאַנטישקייט האָט זיך שפּעטער באַצאָלט מיט קאַפּיטאַל — גייסטיקן — און רייכע דיווידענדן.

ווען ער האָט גענומען דרוקן זיין תנך־איבערזעצונג אין „טאָג", איז ביי אים געווען רעכט צו שיקן זיין פּרוי פלאָראַ 5 אַזייגער פאַר טאָג פון די בראָנקס אויף איסט־בראָדוויי, באַשר וואָס? ביי נאַכט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט אין דעם טעקסט פאַרגעסן צו שטעלן אַ קאָמע, אָדער ער האָט געשטעלט אַ דאָפּלפּונקט אַנשטאָט אַ פּינטל־קאָמע. אַזוי ווי די צייטונג איז שוין געווען אין דער פּרעס 7 פאַר טאָג, האָט פלאָראַ געמוזט זיך לאָזן אין וועג אַזוי פרי — אַלץ איינס — זומער צי ווינטער. פּעדאַנטישקייט, אַכזריות? פרעגט שוין נישט. נאָר ער האָט געקאָנט זיין הונדערט מאָל פּעדאַנטישער און אַכזריותדיקער צו זיך אַליין. און — דאָס איז דער עיקר — אָן דעם, וואָלטן מיר נישט געהאַט די דעפיניטיווע תנך־איבערזעצונג אויף ייִדיש, וואָס תרגום יהואָש איז.

איך ווייס נישט, צי אַ סך ווייסן, אַז יהואָש האָט שוין געהאַט אַ גרויסן טייל תנך איבערגעזעצט, פּאַקטיש שוין געהאַט אָפּגעדרוקט בראשית, שמות, צי גאָר ישעיה און יחזקאל, פאַרמאָגט שוין פּלאַנען, און אַלץ צעבראָכן, צו־ ריקגעצויגן פון געבורינך, אומגעבראַכט. עס איז אים נישט געפעלן געוואָרן. ער האָט דערזען, אַז ער האָט זיך נאָך אַלץ ניט געהאַט באַפרייט פון די דייטשמע־ רישקייטן, וואָס מיט זיי זיינען אַלע אַמעריקאַניש־ייִדישע שרייבערס, אַפילו די בעסטע, געווען געפּלאָגט ביז לפי ערך גאָר שפּעט. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז מען מוז אָנווענדן גאָר אַנדערע איבערזעץ־מעטאָדן.

געזאָגט און געטאָן. זיך אַוועקגעזעצט אַרבעטן פון סאַמע אָנהייב פון ס׳ניי.

איך געדענק, אַגב, גאַנץ גוט דעם דאָזיקן ערשטן פּרווו יהואָשעס. מען האָט וועגן דעם אַ סך פריִער גערעדט און דער טאָג איז געקומען, ווען מען האָט געלאָזט וויסן, אַז די גרויסע אַרבעט איז פאַרטיק. דאָס געשעעניש איז געפייערט געוואָרן מיט אַ פאַרזאַמלונג, מיט רעדעס און אָפּשאַצונגען.

די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין דעם קלינטאָל האָל — די סאַמע עפּסטע טריבונע אין יענע יאָרן פאַר וויכטיקע ייִדישע ליטעראַרישע אַרויס־ טריטן. דאָ האָט ד״ר חיים זשיטלאָווסקי געהאַט געלייענט אַ סעריע פון צען אָדער פופצן לעקציעס, וואָס האָבן אַרומגענומען אַלע זיינע אידייען און אַני מאַמינס — פון רעליגיע ביז פרייער ליבע. די יהואָש־פאַרזאַמלונג האָט געמוזט, מיין איך, פאָרקומען אין יאָר 1912. דאָ זיינען אויפגעטראָטן אַברהם רייזען, פּרץ הירשביין און נאָך.

הויפּטרעדנער און אפשר אויך פאָרזיצער ביים יהואָש־אָוונט איז געווען

ראובן ברייינין. ער האָט דעמאָלט גערעדט נאָך אַ מער פאַרדייטשמערישטן ייִדיש ווי שפּעטער. ווער שמועסט, ווען עס איז געגאַנגען אין אַזאַ ענין, ווי תנך, איז ער גאָר געווען פּייערלעך און דאָס האָט געמיינט, אַז זיין לשון מוז זיין ספּעציעל געהויבן, ממילא פול מיט „דיזן־דאַזן". ער האָט אומגעפּער געזאָגט:

„אָבוואָל איך גלויבע, דאָס יעדער יוד מוז און זאָל לעזען די ביבל אין דעם אומפאַרגלייכלעכן אָריגינאַל, דאָך מוז איך זאַגען צו יהואָשן, צו דיזען בראַווען, געלערנטן מאַן: „דו האַסט איינע גראָסע זאַכע געטאָן!"

און יהואָש?

פון דעם פּלאַץ, ווו איך בין געזעסן, האָט ער נישט אויסגעזען צו אימפּאָזאַנט. ער האָט כסדר געוואָרפן זיינע בליקן צו די טירן און פענצטערס, געהאַלטן אין איין אויפשטעלן און צוריקלייגן דעם קאָלנער פון זיין פּידזשאַק, אַלץ מורא געהאַט פאַר אַ פאַרקילונג — זיין שטענדיקע שרעק אַלע יאָרן, וואָס איך האָב אים געקענט — און דערביי אויך געלייענט מיט אַ מאָדנעם אַקצענט. ער האָט גערעדט אַ זאַמוטער ייִדיש. דער חולם איז ביי אים אַרויסגעקומען „אַו", אַזוי, אַז מען האָט געהערט „אַולאָם" (עולם), „מאַושע" (משה) וכדומה. אָבער די שטים איז ביי אים געווען אַ קלאָרע, אַן אויסדרוקפולע, און געלייענט האָט ער דייטלעך, מיט געהעריקער באַטאָנונג. מען איז אין גיכן געוואָרן פאַרכאַפּט און אַריינגעטאָן אין הערן בלויז. זיין געשטאַלט איז אויך ווי אויסגעוואָקסן.

ער האָט געלייענט פאַרשיידענע אויסצוגן. ווען ער האָט גענומען לייענען פון ישעיהן, איז באַזונדערס גרויס געווען דער איינדרוק פון דער שטעלע, ווו דער פּרינץ פון די נביאים באַשרייבט, ווי קראַנק דאָס ייִדישע פאָלק איז צוליב זיינע זינד:

דער גאַנצער קאָפּ איז קראַנק,
און דאָס גאַנצע האַרץ איז אין ווייטיק;
פון פוסטריט ביזן קאָפּ
איז אין אים קיין גאַנץ גליד נישטאָ,
נאָר אַ ריס און אַ בייל און אַן אייטערדיק ווונד.

מען האָט זיך איבערגעקוקט. ווי דער נביא האָט עס געקאָנט פּינקטלעך שילדערן פיזישע שלעק און ווי ריכטיק עס קלינגט אויף ייִדיש!

ווען יהואָש האָט פאַרענדיקט לייענען, האָט מען גאָר נישט געוואָלט אויפהערן פּאַטשן בראַוואָ. דער דיכטער האָט געלויכטן. יעדער אַנדערער וואָלט זיך מסתמא דערויף באַרויִקט. אָבער ווען יהואָש איז געקומען אַהיים און גענומען איבערקוקן דעם טעקסט, האָט ער איינגעזען, אַז עס איז נישט דאָס. אַן אומרו איז אים באַפאַלן. אַזוינס דאַרף מען באמת קאָנען.

דערביי פלעגט ער אָפט זיך ווינצלען:

— איר האָט גאָר קיין באַגריף נישט, ווי שלעכט יענער ערשטער פּרווו מיינער איז געווען. איך האָב געמיינט, אַז איך קען ייִדיש. ווייס איך וואָס! ערשט איצט, אין דער נייער איבערזעצונג, האָב איך אויסגעפונען, וואָס ייִדיש איז מיט אַן אמת, ווי ממזריש, ווי עס לאָזט זיך נישט נעמען אויף זיכער, ווי עס פאָדערט מען זאָל זיך אַריינלעבן אין יעדן קלאַנג, אין יעדן טייטש און קנייטש פון זין און מיין. הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן: ייִדיש איז די ווונ־דערלעכסטע, די חריפותדיקסטע, די חכמהדיקסטע, די גנבישסטע פון אַלע שבעים לשונות.

זיין התלהבות פאַר ייִדיש איז געווען אין לשער.

*

די צייט פון מיין גרעסטער דערנענטערונג מיט יהואָשן פאַלט־צונויף מיט יענע יאָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן פּיקן די פּאָעטישע ריכטונג אינטראָס־פּעקטיוויזם, וואָס איז אַריין אין דער ייִדישער ליטעראַרישער געשיכטע אונטערן נאָמען אינזיכיזם, לויט דעם טיטל פון דער אַנטאָלאָגיע אין זיך, און פון דעם זשורנאַל, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען יאַנואַר 1920.

יהואָש האָט געזען די לידער, געלייענט די דעקלאַראַציע פון דער נייער ריכטונג און זיך דערפרייט. ער איז נישט מער אַליין — דיכטעריש. נייע יונגע זיינען אויפגעקומען, נאָך ייִנגערע, ווי די געשווירענע רייסערס זיינע און זיי זיינען מיט אים. ער האָט אין דעם געזען די אמתע רעהאַביליטאַציע. ס׳אמתע יונגוואַרג האָט זיך געלאָזט דערהערן און אים אָנערקענט פאַר איר געזעצלעכן פאָרגייער.

די נייע לידער זיינען געקומען פון דער פען פון אייער קנעכט, דעם שריי־בער פון אָט די זכרונות, פון יעקב גלאַטשטיינען, נ. ב. מינקאָוון, ראובן לוד־וויגן, אַפּראַנעל, ב. אַלקוויטן, בערנאַרד לויִסן, יעקב סטאָדאָלסקין און שפּעטער נאָך אַנדערע. די איניציאַטאָרן זיינען געווען די ערשטע דריי. יהואָש האָט אָנ־געקוואָלן פון דער דעקלאַראַציע, וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן יעדן אייגעם. ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז מינקאָוו און גלאַטשטיין זיינען אוניווערסיטעט־סטודענטן, האָט ער זיך אָזש געריבן די הענט.

— איר פאַרשטייט אַ מעשה? פּרץ מיט פּינסקין האָבן אין וואַרשע מיט 30 יאָר פריִער געחלומט, אַז סטודענטן זאָלן ווערן לייענערס פון דער ייִדישער ליטעראַטור. היינט קומען דאָ אין אַמעריקע סטודענטן, וואָס זיינען אַליין די דיכטערס, די שאַפערס פון דער ייִדישער ליטעראַטור. „אַנטר גו" — ווי ער האָט ליב געהאַט אָפט צו זאָגן אין זיינע שמועסן — אַזוינס האָב איך גאָר אַליין נישט געוואַגט צו חלומען. עס איז דאָך מיט לייטן גלייך.

ער פלעגט פאַר זיינע געסט, צווישן זיי טאָקע יונגע מענטשן, סטודענטן פון פאַראייניקטע שטאַטן, פון קאַנאַדע, פון ארץ־ישראל און פון אייראָפּע, פאָרלייענען אונדזערע זאַכן און צוקנאַקן מיט דער צונג.

— וואָס זאָגט איר צו אַזוינע ייִדישע לידער? האָט איר דאָס געקאָנט זיך פאָרשטעלן?

און אין מיר פלעגט ער אַריינטענהן:

— זאָגט גלאַטשטיינען און מינקאָוון און די אַנדערע, אַז איך פאָלג זיי כסדר נאָך. זיי קענען אויסוואַקסן צו אַ גרויסן כוח אין דער ייִדישער ליטעראַ־טור. זאָלן זיי זיך נישט צעטרענצלען. אייער גאַנצע ריכטונג איז אַ דאַטע אין אונדזער ליטעראַטור. דאָס לייגט־אַרויף אַ ספּעציעלן חוב אויף אייך. געדענקט זשע!

יהואָש איז געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון אינזיך. ער האָט זעלטן פאַרמיטן אויסצוודריקן, וואָס ער איז שולדיק דעם פאַקט, אַז אין דער ייִדישער פּאָעזיע האָבן זיך באַוויזן נייע פייגל מיט לידער גאָר אַנדערשדיקע ווי מ׳איז געוווינט געווען צו הערן אויף לשון ייִדיש.

*

צווישן די שטענדיקע נאָענטע פריינד און אַריינגייערס צו יהואָשן זיינען צו יענער צייט געווען אויך אַפּאַטאָשו און שפּעטער לייוויק. זיי זיינען דווקא געווען, פון אָנהייב אָן, יהואָשעס אָנהענגערס. ביסלעכווייז האָבן מיר זיך אַלץ מער דערנענטערט און עס איז געוואָרן אַ מין רגילות צו גיין זאַלבענאַנד אָדער זאַלבעדריט צו יהואָשן. ער איז פון יעדן פון אונדז געווען מיט אַרום אָדער איבער צוואַנציק יאָר עלטער. דאָס האָט אים ווי געגעבן ספּעציעלע פּריווילעגיעס אין די שמועסן. און אין די שמועסן איז יהואָש געווען, ליב געהאַט צו זיין, אַ „מאָניסט״. זיין מיטשמועסער האָט זעלטן ווען געקאָנט אַריינשטעלן אַן אייגן וואָרט. זייער אָפט האָט אים זיין פרוי פלאָראַ געמוסרט:

— וואָס רעדסטו די גאַנצע צייט? לאָז זיי אויך! האָסט נאָר ליב צו הערן זיך.

יהואָש האָט זיך פאַרשעמט, תיכף מודה געווען זיין שולד און דערמונ־טערט אונדז צו ריידן. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי לייכט. באַלד האָט ער פאַרגעסן זיין צוזאָג און סוף־כל־סוף האָט עס נישט אויסגעמאַכט אויך.

יהואָש איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך אינטריגירנדיקער שמועסער. זיינע אינטערעסן זיינען געווען פילפאַכיק. זיין וואָרט האָט געבליצט. חוץ דעם האָט זיך ווי געפילט זיין מורא נישט צו באַווייזן עפּעס צו דערזאָגן. דער טויט, קען מען מיט רעכט באַהויפּטן, איז שטענדיק געזעסן אויבנאָן אין זיין באַוווּסטזיין.

זײַנע קראַנקײַטן זײַנען מיט אים געלעגן אויף זײַן קישן און באַגלייט אַלע זײַנע טעטיקײַטן פֿונעם טאָג.

איך דערמאָן זיך ווי אָפּאַטאָשו און איך זײַנען געקומען אים מנחם אָבל זײַן נאָכן טויט פֿון זײַן שוואָגער, דעם העברעיִשן שרײַבער און אַרויסגעבער בן־אַביגדור (שאַלקאָוויטש). ער איז אונדז אַנטקעגנגעגאַנגען און געזאָגט:

— איך האָב שוין געהאַט גענוג אבידות, פֿאַרלוירן אַ סך נאָענטע. אָבער דאָס — בן־אַביגדור — דאָס איז שוין אַ „נאַק בעטווין דהי איז״, דאָס מיינט מען שוין מיך. עס איז שוין נישט לאַנג, נישט ווײַט.

ער האָט כסדר מורא געהאַט, אַז ער וועט נישט דערלעבן צו פֿאַרענדיקן דעם תנך, אָדער אַ ליד וואָס ער האָט פֿאַרטראַכט, אָדער עפּעס אַן אַנדער טעטיקײַט. האָט ער זיך געאײַלט און כסדר געהאַט טענות, וואָס מיר קומען נישט אָפֿט גענוג צו אים. עס איז דאָך דאָ אַזוי פֿיל וועגן וואָס צו ריידן!

פֿון די באַגעגענישן צווישן אונדז דרײַ און אים איז אַרויסגעוואַקסן אײַן בשותּפֿותדיקע ליטעראַרישע אונטערנעמונג. דאָס איז דאָס זאַמלבוך „פֿון צײַט צו צײַט״, מאַרץ 1925, וואָס דעם ערשטן טשעק פֿאַר אים האָט טאַקע יהואָש געגעבן.

געפּלאַנט האָט יהואָש נאָך מער דירעקטע ממשותדיקע טאַטן פֿון אָט דער שותּפֿות. ס׳איז כדאַי צו דערציילן וועגן דעם, ווײַל טיילווײַז איז עס שוין סײַ ווי אַרויס אין דער עפֿנטלעכקייט. יהואָש האָט געוואָלט שאַפֿן אַ מין ליטעראַריש־עטישע פֿאַראייניקונג.

מיר אַליין איז אויסגעקומען וועגן דעם צו ריידן בײַ אַ יהואָש־יאָרצײַט. אָפּאַטאָשו האָט דירעקט געשריבן וועגן דעם. איך קאָן ניט זאָגן, אַז ביידע פּרוּוון זײַנען געווען אין גאַנצן מזלדיק אין אַרויסברענגען די אייגנטלעכע כּוונה פֿון יענעם פּלאַן. עס איז אויסגעקומען, ווי יהואָש וואָלט גערופֿן אָפּאַטאָשון, לייוויקן און לעיעלעסן צו שאַפֿן מיט אים אַ מין געזעלשאַפֿט פֿון צדיקים, וואָס זאָל צוציִען נאָך אַנדערע צדיקים־קאַנדידאַטן — אויב און אויף וויפֿל זיי וועלן זײַן.

ס׳איז ווײַט נישט דאָס געווען. דער גאַנצער פּלאַן איז אין תּוך געקומען פֿון דעם כאַראַקטער, וואָס עס האָט געטראָגן די ייִדישע ליטעראַרישע סביבה אין ניו־יאָרק און פֿון יהואָשעס חשק זי גובר צו זײַן. אין רעטראָספּעקט זע איך קלאָר אי די נאַיִווקייט אי די אוטאָפּישקייט דערפֿון.

אַז די ליטעראַרישע סביבה אונדזערע איז נישט געווען און איז נישט קיין אידעאַלע, קאָן ווינציק ווער לייקענען. נאָר איז מעגלעך געווען זי צו רעפֿאָרמירן? הײַנט ווייס איך גענוי, אַז נישט. וואָס איז געווען, האָט געמוזט זײַן און גאָר אַנדערש נישט געקאָנט זײַן. עס איז, אַגב, דאָס אייגענע נישט בלויז אין דער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר אין אַלע ליטעראַטורן.

## בען דוואָרקין

# יהואָש אין זיין היים־סביבה[1]

צו שאַפן זיך אַ באַגריף פון אַזאַ דיכטערישע פערזענלעכקייט ווי יהואָש, איז ניט גענוג צו פאָרשן זיין פּאָעטישע ירושה, נאָר ס'איז אויך נייטיק אַריינצוקוקן אין דער סביבה, וואָס אין איר האָט ער געאָטעמט און דורכגעלעבט זיינע מאָמענטן פון דערהייבונג. באַזונדערס וויכטיק איז עס אין פאַל יהואָש, וואָרעם אַחוץ זיינע טיף דורכגעטראַכטע, גראַניט בילדלעכע לידער האָט יהואָש געשאַפן דאָס מאָנומענטאַלע ווערק — די ביבל אויף יידיש. דאָס איז אַן אַרבעט, וואָס האָט געקענט דערגרייכט ווערן נאָר דורך שווערער, קאָנצענטרירטער מי און, דער עיקר, אין אַ היים־סביבה וואָס דערמוטיקט צו אַרבעט.

אין יהואָשעס שעפערישן לעבן, דער עיקר אין אַרבעטזאַמקייט, האָט פלאָראַ יהואָש פאַרנומען אַ וויכטיק פלאַץ. כמעט אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע, אין אַ טיפּיש אימיגראַנטישער יידישער פאַמיליע מיט אַלע קליינבירגערלעכע חלומות, האָט די יונגע פלאָראַ סמירנאָף זיך פאַרנומען אויף איר אייגענעם וועג: אַוועק אַרבעטן און באַטייליקט זיך אַקטיוו אין די אַנאַרכיסטישע גרופּעס פון יענער צייט.

מיט יהואָשן האָט זי זיך באַגעגנט אין דענווער, ווו דער דיכטער האָט זיך געהיילט. זי האָט געוווּסט, אַז יהואָש איז קראַנק. די גאַנצע פאַמיליע האָט זי שטאַרק אָפּגעראָטן פון דער פאַרבינדונג מיטן קראַנקן פּאָעט, אָבער זי האָט געהאַט איין ענטפער:

— בעסער איין טאָג מיט יהואָשן איידער אַ לעבן לאַנג אָן אים.

יהואָש האָט איבערגעבויט דעם מענטש פלאָראַ, זי באַקערט צו „יידישקייט“, אָבער שפּעטער איז דער איבערגעבויטער מענטש געוואָרן דעם דיכטערס זיכערסטער אָנשפּאַר, נישט בלויז אין מאָמענטן פון פאַרצווייפלונג, נאָר אין דער גאַנצער אַרבעט זיינער.

קיין איין שורה פון אַ ליד איז נישט אַריין אין דרוק איידער פלאָראַ האָט עס ניט געלייענט. קיין איין בריוו, סיי אַ ליטעראַרישער, סיי אַ געזעלשאַפטלעכער, איז ניט אַרויסגעשיקט געוואָרן אָן איר הסכמה. ווען די ליטעראַרישע וועלט וואָלט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען די אָנגעשריבענע און ניט־

[1] פון דער וואָכנשריפט יידיש, נ' 25, נ"י יאַנואַר 1933.

אַוועקגעשיקטע בריוו יהואָשעס, וואָלט עס געווען אַן אַנטפּלעקונג. זי, מיט איר צאַרטקייט, מיט איר ווונדערלעכער אינטויציע, האָט שטענדיק געוווּסט וואָס עס דאַרף און וואָס עס דאַרף ניט געזאָגט און געשריבן ווערן. און ווי וויכטיק אַ בריוו איז ניט געווען, אויב עס וואָלט עמעצן ווײ געטאָן, האָט די טאַקטיש־קייט אַריבערגעוווויגן און דער אימפּולסיווער דיכטער האָט שטענדיק נאָכגעגעבן דעם צאַרט מענטשלעכן.

ווען די אַרבעט פאַר דער ביבל האָט זיך אָנגעהויבן, איז פלאָראַ ווידער אויפן פּלאַץ ווי אַ געטרייע וועכטערין, לייענט קאָרעקטורן, גראָבט זיך אין פאַרשיידענע טעקסטן און רעפערענץ־ביכער און העלפט־מיט אין דער אַרבעט, ניט בלויז לויט אירע כוחות, נאָר אַ סך מער.

די גאַנצע אַרבעט מיט יהואָשן איז ניט נאָר אַ פראַגע פון קעגנזייטיקער הילף צווישן מאַן און פרוי. עס איז בפירוש די ליבע, וועלכע זי האָט געהאַט פאַר דער יידישער קולטור.

אַ ביישפּיל פון געטריישאַפט איז אַן עפּיזאָד אין דער דערשיינונג פונעם ערשטן קאַפּיטל חומש אין „טאָג״. ב. צ. גאָלדבערג האָט אַרויפגעבראַכט אין הויז שפּעט ביי נאַכט די קאָרעקטור. און עס איז געשען אַן אומגליק: אַ גרייז אין אַ וואָרט. איז פלאָראַ ניט פויל און פאָרט־אַראָפּ 4 אַ זייגער פאַר טאָג אין רעדאַקציע און שטייט אין קעלער ביי די מאַשינען ביז דער גרייז ווערט פאַרריכט.

נאָך יהואָשעס טויט ווערט פלאָראַ ניט פאַרלוירן. די הויפּטאַרבעט איז ניט פאַרענדיקט. די ביבל איז ניט אָפּגעדרוקט. און פלאָראַ ווייס, אַז אויב ניט זי — וועט עס קיינער ניט טאָן. זי נעמט זיך אויף ס׳ניי מיט יוגנטלעכן מוט צו פאַרענדיקן די אַרבעט.

די גאַנצע אַרבעט פון דער ביבל, אַחוץ קליינע אויסנאַמען, ווערט געטאָן אויסשליסלעך פון איר. זי גראָבט זיך ווידער אין דיקע פאָליאַנטן. און וויפל נעכט קאָן מען זען, ווי די שוואַכע, צאַרטע פרוי זיצט אין בעט מיט צוויי פאָר אויגן־גלעזער אָנגעזאָטלט אויף דער נאָז, מיט אַ פאַרגרעסער־גלאָז אין דער האַנט, נישטערנדיק ווערטערביכער, קאָנקאָרדאַנצן און פאַרשיידענע אַלטע, העבּ־רעיִשע ספרים. איר קנאַפּע באַהאַוונטקייט אין העברעיִש שטערט איר און זי העלפט זיך אַרויס מיט ענגליש, דייטש און יידיש. בלויז דער גרויסער כוח פון באַגייסטערונג, דער טיפער גלויבן אין אַן אמת, די גרויסע געטריישאַפט צו דער ירושה — מאַכן מעגלעך פאַר איר דורכצופירן די ריזיקע אַרבעט.

פלאָראַ יהואָש האָט מעגלעך געמאַכט, אַז יהואָשעס איבערזעצונג פון דער ביבל זאָל דערזען די ליכטיקע וועלט. ביים לעבן איז זי געווען יהואָשעס אָנ־שפּאַר און באַגייסטערונג און יאָרן נאָך זיין טויט טראָגט זי נאָך אין זיך דאָס גרויסע ליכט, וואָס ער האָט אין איר אָנגעצונדן.

## ל. פיינבערג

# יהואָש [1]

די זון פאַרגייט אויף זשאַוועררריטלעך
מיט אָוונט־שאָטנס אין געוועט.
ביים פענצטער זיצט דער גרייז פון וויטלאָק [2],
לעם אים אַ ייִנגערער פּאָעט.
ביים יונג אין האַלדז די ווערטער קרעלן:
— עס וועט אייך וווּנדערן מסתּם,
וואָס איך, אַ ייִנגל, וואַג אייך שטעלן
אַזאַ מין פראַגע, מעשה תּם.
— וואָס צווינגט אייך, רבי אָפּצוגעבן
שוין לאַנגע יאָרן, טאָג ווי נאַכט,
דעם לעצטן קריש פון אייער לעבן
אויף איבערזעצן דעם תּנך?
יהואָש שווייגט און קוקט פאַרטאַיעט
אויף שפּיל פון שאָטן מיט דער זון,
ווי ס׳וואָלט געזוכט אַ שוואַרצע חיה
די זון פאַרשלינגען מיט איין שפּרונג.
מיין יונגער פריינד — אים ענטפערט יהואָש —
מיך וווּנדערט אייער פראַגע ניט:
דאָס גאַנצע לעבן ווערט פאַרגויִשט
און מער פאַרגויִשט ווערט דער ייִד.
— עס רייסט זיך ייִד פון זיינע שטאַמען.
ס׳וועט זיין: פאַרגעסן וועט דער זון
די אַלטע שפּראַך פון טאַטע־מאַמע,
וואָס צאַנקט און גוססט אויף זיין צונג.
דער זין פון תּורה איז ניט דאַווענען,
ניט אומקום און ניט טויטגעשריי,
נאָר חלום פון אַ ייִדיש־יבנה
אין קעלערשטוב פון איסט־בראָדוויי [3].
— אין אַלע גזירות — אונדזער גורל
געווען איז תּורה קעגן מאַכט.
איך האָף: ס׳וועט אָפּשרייען די גזירה
מיין תּרגום־ייִדיש אויף תּנך.

---

[1] פון דער פּאָעמע ייִדיש, נ״י 1950, ז״ז 25—26. — [2] די גאַס אין בראָנקס, וווּ יהואָש האָט געוווינט. — [3] די אַלטע ניו־יאָרקער ייִדישע געגנט.

יעפים ישורין

# יהואש-ביבליאגראפיע

## וועגן יהואָשן אין ביכער

### אַדלער, צילי

1 צילי אַדלער דערציילט, **ב' 2, נ"י 1959, ז' 449.**

### אָלגין מ.

2 אין דער וועלט פון געזאַנגען, **נ"י 1919, זז' 186—218.** — אידישע לי־טעראַטור, **כרעסטאָמאַטיע**, קיִעוו **1928, זז' 287—290.**

### אַלמי, א.

3 מאָמענטן פון אַ לעבן, **בוענאָס־איירעס 1948, ז' 198, 215.**

4 חשבון און סך־הכל, **ב"א 1959, זז' 11, 118, 159, 288—292, 296.**

### באָטאָשאַנסקי, יעקבֿ

5 פּאָרטרעטן פון יידישע שרייבער, **וואַרשע 1933, ז' 166.**

### באַראָן, א. ל.

6 די יידישע בראָדוויי און אַנדערע לידער, **נ"י 1949, ז' 26.**

### ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.

7 לידער און עסייען, **ב' 2, נ"י 1932, ז' 104.**

8 עסייען, **נ"י 1932, זז' 157, 166, 233—236, 249.**

9 **פיר זיינען זיי געווען,** דוד עדעל־שטאַט געדענקבוך, **נ"י 1953, ז' 480, 517, 518.**

10 חלום און וואָר, **עסייען, נ"י 1956, ז' 42, 45, 77, 79, 121, 137, 138, 149, 189, 353, 435, 456, 484.**

### בירנבוים, ש. קאַסעל, ד.

11 מיין בוך, **וואַרשע 1920, זז' 67, 68, 72—73, 114, 121.**

### בעל־מחשבֿות

12 שריפטן **ב' 3, ווילנע 1923, ז' 36. — ב' 4, זז' 23, 36, 136—145.**

13 געקליבענע ווערק, **נ"י 1953, ז' 55, 68, 85, 105, 149.**

### בערקאָוויטש, י. ד.

14 דאָס שלום עליכם בוך, **נ"י 1958, ז' טז, 189.**

### בראָנשטיין, יחזקאל

15 אימפּרעסיעס פון אַ לייענער, **שיקאַגאָ 1941, זז' 15, 22—24, 31.**

**גאָלדבערג, אַב.**

16 יהואָש, געזאַמלטע שריפטן, נ״י 1913, זז׳ 188—200.

**גאָלדקאָרן, י.**

17 ליטעראַרישע סילועטן, מינכען 1949, זז׳ 25—29, 52, 62.

**גאָלדשמיד, א. י.**

18 **דאָס זאַמלבוך „ליטע“, העפט 2, ווילנע 1918, ז׳ 6.**

**גלאַטשטיין, יעקבֿ**

19 אין תוך גענומען, **נ״י 1947, ז׳ 101, 102, 105, 110.**

20 אין תוך גענומען, **נ״י 1956, זז׳ 30, 64—69, 269, 351.**

**גלאַנץ־לעיעלעס, א.**

21 **מיין באַגעגעניש** מיט יהואָשן, וועלט און וואָרט, **נ״י 1958, זז׳ 26—41. — דרייסיק יאָר נאָך יהואָשן, זז׳ 41—45. — נ. ב. מינקאָוו, זז׳ 111—121.**

**גלאַנץ, יעקבֿ**

22 ה. לייוויק אין סטיל פון דער עפּאָכע, **מעקסיקע 1943, ז׳ 21.**

**געלבאַרט, מיכל**

23 געזאַנגבוך, **נ״י, ז׳ 27.**

**גראָבאַרד, ב.**

24 אַ פערטל יאָרהונדערט, **נ״י 1935, ז׳ 11, 16, 26, 28, 31, 104.**

**גרין, בער**

25 **יהואָש (1810—1827),** יידישע שרייבער אין אַמעריקע, **נ״י 1963, זז׳ 75—85.**

**גרינבערג, אליעזר**

26 **די „יונגע“ און זייערע קרעדאָס,** משה לייב האַלפּערן אין ראַם פון זיין לעבן, **נ״י 1942, ז׳ 121.**

**הירשביין, פּרץ**

27 אין גאַנג פון לעבן, **ב׳ 1, נ״י 1948, ז׳ 56.**

**הערץ, י. ש.**

28 די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַמעריקע, **נ״י 1954, ז׳** 275.

**דוואָרקין, חוה (יהואָש)**

29 **ביאָגראַפישער נאָטיץ,** פינפטער יהואָש־יאָרצייט, **1932.**

30 **יהואָש, ביאָגראַפישע סקיצע,** פּראָגראַם פון דער פייערונג לכבוד דעם יהואָשעס תנך **איבערזעצונג אויף** ייִדיש, **שבת דעם 7טן מערץ 1936.**

**האָרן, י.**

31 אין אונדזער דור, **ב״א 1949, ז׳ 162.**

**וויט, בערנאַרד**

32 **פאָרוואָרט צו דער איבערזעצונג פון** כינעזישע לעגענדעס **פון לאַפקאַ־דיאָ־ראַיאָן, נ״י 1930.**

**וויטיעס, משה**

33 עסייען וועגן ליטעראַטור, **נ״י 1958, זז׳ 49, 93, 94, 103, 260, 263—264.**

**וויערניק, פּ.**

34 **יידישע ליטעראַטור, דראַמע און די פּרעסע,** געשיכטע פון די יידן אין אַמעריקע, **נ״י 1914, ז׳ 435.**

**ווײַנפּער, ז.**

35 יידישע שריפטשטעלער, **ב' 1, נ"י 1933, ז' 53, 76. — ב' 2, נ"י 1936, ז' 50, 75, 90, 118, 148.**

36 משה־לייב האַלפּערן, **נ"י 1940, ז' 70.**

37 **יהואָש,** שרייבער און קינסט־לער, **נ"י 1958, זז' 72—76, 140, 174, 352.**

**ווײַנרײַך, ד"ר מאַקס**

38 **וואָס מיר האָבן און וואָס אונדז פעלט,** שטאַפּלען, **בערלין 1923, ז' 23, 26.**

39 בילדער פון דער יידישער לי־טעראַטור־געשיכטע, **ווילנע 1928, ז' 283.**

40 די שוואַרצע פּינטעלעך, **ווילנע 1939, ז' 241.**

**וולאַדעק, ב.**

41 **יהואָש,** ב. וולאַדעק אין לעבן און שאַפן, **נ"י 1936, זז' 348—350.**

**זילבערצווײַג, זלמן**

42 **די וועלט פון יעקב גאָרדין, תל־אָביב 1964, ז' 137, 295, 391.**

**זלאָטניק, הרב יהודה־לייב**

43 דער מענטש און דאָס בוך, **מאָנטרעאָל 1929, ז' 140.**

**זרובבל, י.**

44 **בלעטער פון אַ לעבן, ב' 1, ת"אָ 1956, ז' 158. — ב' 2, ז' 155, 344, 349.**

**זשיטלאָווסקי, ד"ר חיים**

45 וויזיע און געדאַנק, **נ"י 1951, זז' 192, 195—208.**

**זשיטניצקי, ד"ר ל.**

46 מחשבות צום אַנטוויקלונגס־גאַנג פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, **ב"א 1952, ז' 26.**

**חײַקין, י.**

47 יידישע בלעטער אין אַמעריקע, **נ"י 1946, ז' 239, 296.**

**טאַבאַטשניק, א.**

48 דער מאַן פון ליד, **נ"י 1941, ז' 30.**

**טענענבוים, ש.**

49 **דריי דיכטער, (וועגן יהואָש, לייוויק און עדעלשטאַט),** ספּיוואַק־שפּיטאָל, **1936.**

50 **יהואָש דער פילאָסאָפישער פּאָ־עט,** שניט פון מיין פעלד, **נ"י 1949, זז' 304—312.**

51 דיכטער און דורות, **נ"י 1955, ז' 164, 165, 219.**

**טרונק, י. י.**

52 פוילן, **בוך 6, נ"י 1951, ז' 137.**

**טרונק, ישעיה**

53 געשטאַלטן און געשעענישן, **ב"א 1962, ז' 213.**

**יודסאָן, ש.**

54 פאַר יידיש, **נ"י דעצ' 1930, ז' 55.**

**יעפּרויקין, ז. — בעז, ח.**

55 דאָס לעבעדיקע וואָרט, **נ"י 1954, ז' 9, 213.**

**ליבמאַן, יצחק**

56 **יהואָש,** בויער און שאַפער פון

מיין דור. **ב׳ 1, נ״י 1953**, **זז׳ 110—122.**

57 בויער און שאַפער פון מיין דור, **ב׳ 2, נ״י 1955, ז׳ 33.**

## ליבערמאַן, חיים

58 **די דיכטונג פון יהואָש,** דיכטער און וועלטן **נ״י 1923, זז׳ 83—137. — אונדזער סטיל, ז׳ 168.**

59 **יהואָש און זיין צוואה,** ביכער און שרייבער, **נ״י 1933**, **זז׳ 34, 245, 268—282.**

60 **דער חומש פאַר קינדער** לויט **יהואָש,** אין קאַמף פאַר יידישער דערציִונג, **נ״י 1941, זז׳ 72—79.**

61 ד״ר ח. זשיטלאָווסקי און ש. ניגער, **זעקס בריוו, נ״י 1947**, **ז׳ 32.**

## לייוויק, ה.

62 **יהואָש,** עסייען און רעדעס, **נ״י 1963, זז׳ 251—253.**

## לעהרער, לייבוש

63 פסיכאָלאָגיע און דערציִונג, **נ״י 1937, ז׳ 477.**

## לעשצינסקי, ש.

64 ליטעראַרישע עסייען, **ב׳ 2, נ״י 1955, ז׳ 229, 233.**

## מאַנדעלמאַן, משה

65 ליטע, **בוך 1**, **נ״י 1951, שפּאַלט 1347.**

## מאַרינאָוו, יעקבֿ

66 **אין די טריט פון יהואָש,** שטאַרק און מונטער, **נ״י 1947, ז׳ 17.**

## מאַרק, בער

67 די אומגעקומענע שרייבער פון די געטאָס און לאַגערן, **וואַרשע 1954, ז׳ 34.**

## מאַרק, יודל

68 **דער באַשיידענער אַריסטאָקראַט יהואָש,** פון צייט צו צייט, **קאָוונע 1927.**

69 די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, **קאָנספּעקט**, **נ״י 1943, ז׳ 9, 51, 52.**

## מוקדוני, ד״ר א.

70 יעקב באָטאָשאַנסקי, **בוענאָס־איירעס 1955, ז׳ 60.**

## מילך, יעקבֿ

71 **צום 20יעריקן יובילײ פון „די צוקונפט"**, יידישע פּראָבלעמען, **ב׳ 2, נ״י 1920, ז׳ 18, 22.**

72 **אַנדערע אַוואַנטורעס,** די אַנטשטייאונג פון „פאָרווערטס", **נ״י 1936, ז׳ 87.**

73 **ווען מען נעמט שרייבן וועגן זיך אַליין,** אויטאָביאָגראַפישע סקיצן, **ב׳ 2, נ״י 1946, ז׳ 17.**

## מינקאָוו, נ. ב.

74 אידישע קלאַסיקער פּאָעטן, **נ״י 1937, ז׳ 53. — יהואָש, זז׳ 99—144.**

75 פּיאָנערן פון יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע, **ב׳ 2, נ״י 1956, זז׳ 146, 178—186.**

## מײַזיל, נחמן

76 דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראַטור, **נ״י, ז׳ 17, 55.**

77 נאָענטע און ווייטע, **ב׳ 1**, **וואַרשע 1924, ז׳ 21.**

78 אויף אונדזער קולטורפראָנט, **וואַרשע 1936, ז׳ 21.**

79 י. ל. פּרץ און יהואָש, יצחק לייבוש פּרץ און זיין דור שרייבער, נ״י 1951, זז׳ 368—382.

80 מוזיק צו ח. נ. ביאַליק, יהואָש, א. רייזען, ז. ווײַנפּער, יידישע טעמאַטיק, יידישע מעלאָדיעס ביי באַוווסטע מוזיקער, נ״י 1952, זז׳ 88—89.

81 אַמעריקע אין יידישן וואָרט. נ״י 1955, זז׳ 16, 31.

### מייזעל, א.

82 געשיכטע פון יידן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, נ״י 1929, ז׳ 126.

### מענדעלסאָן, יוסף

83 תנך אין יידיש, אַמאָל אין אַ האַלבן יובל, ב״א 1943, זז׳ 472—477.

### מרמר, קלמן

84 מאָריס ווינטשעווסקי, געזאַמלטע ווערק, ב׳ 1, נ״י 1927, ז׳ 234, 263, 265, 321, 400.

85 יוסף באָוושאָווער, נ״י 1952, ז׳ 69.

86 די ערשטע טריט אין אַמעריקע, יעקב גאָרדין, נ״י 1953, ז׳ 51.

87 מיינע ערשטע טעג אין פילאַדעלפיע, מיין לעבנס געשיכטע, ב׳ 2, נ״י 1959, ז׳ 744.

### נאַדיר, משה

88 בוך־איין, בוך־אויס, מיינע הענט האָבן פאַרגאָסן דאָס דאָזיקע בלוט, נ״י 1919, זז׳ 17—28. — נ״י 1928, זז׳ 17—29.

### נאַטאַנסאָן, וויליאַם

89 יהואָשעס דיכטונג אין ליכט פון פילאָסאָפיע, מענטש און קאָסמאָס, שיקאַגאָ 1953, זז׳ 79—92, 93—127.

### גאָמבערג, ה. ד.

90 מענטשן און ווערק, ב׳ 9, וואַרשע 1930.

### ניגער, ש.

91 ווייטער־בוך, ווילנע 1920, ז׳ 87, 88, 111.

92 לעזער, דיכטער, קריטיקער, ב׳ 1, אין נ״י 1928, ז׳ 289, 290, 400.

93 יהואָשעס בריוו, יאָרבוך פון אַמאָפּטייל, נ״י 1938, זז׳ 322—337.

94 פּרץ הירשביין (צו זיין 60סטן געבוירנטאָג) נ״י 1941, ז׳ 25.

95 די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור, דעטראָיט 1941, ז׳ 32, 137.

96 דערציילערס און ראָמאַניסטן, נ״י 1946, ז׳ 125, 135, 185.

### ספּיוואַק, ד״ר חיים

97 אַלטע און נייע ווערטער אין יהואָשעס יידישן חומש, פילאָלאָגישע שריפטן פון ייוואָ, ב׳ 2, ווילנע 1930, זז׳ 55—68.

### עמיאָט, ישׂראל

98 הייליק, הייליק, הייליק איז דער מענטש (דרייסיק יאָר נאָך יהואָשעס טויט), אין מיטעלע יאָרן, ראָטשעסטער 1963, זז׳ 143—146.

### ענטין, י.

99 וואָס איז ליטעראַטור?, נ״י 1919.

100 האַנטבוך פון יידישער דיכטונג, נ״י 1927, זז׳ 131—194.

**101** **יהואַש**, ייִדישע פּאָעטן, **נ״י 1927, 2טער טייל.**

**102** **וועגן יהואַשן, דער באַשאַפער פונעם ייִדישן ראָמאַנטיזם, פּאָעט און פילאָסאָף, יהואַשעס תנך־איבערזעצונג,** ייִדישע עסיי, **צונויפגעשטעלט פון שלמה ביקל, נ״י 1946, זז׳ 115—119.**

## פינסקי, דוד

**103** דאָס שלום עליכם־בוך, **2טע אויפלאַגע, נ״י 1958, ז׳ 370.**

## פען, אָשר

**104** פון צייט צו צייט, **נ״י 1925, זז׳ 70—78.**

## פּיכמאַן, יעקבֿ

**105** **די יודישע ליריק,** די יודישע מוזע, **וואַרשע 1911, זז׳ 14, 19, 20, 139—148.**

## פֿראַנק, ד״ר הערמאַן

**106** א. ש. זאַקס, קעמפער פאַר פאָלקס־אויפלעבונג, **נ״י 1945, ז׳ 154, 239, 245, 362.**

## פֿרידמאַן, לוי

**107** אין שטילן פאַרגיין, **נ״י 1929, זז׳ 125—128.**

## צייטלין, אלחנן

**108** ליטעראַרישע שטוב, **וואַרשע 1937, ז׳ 140.**

## קאַהאַן, סאַלאָמאָן

**109** **דאָס וועזנטלעכע אין יהואַשן,** ייִדיש־מעקסיקאַניש, **מעקסיקע 1945, זז׳ 49—51.**

## קאָנסטאַנטינאָווסקי, מנשה

**110** **גדולים וואָס האָבן אַ טעות,** יאָרבוך פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפטלעכקייט פון ייִדישן ישוב אין אַרגענטינע, **ב״א 1945—1946, זז׳ 178—179, 180.**

## קאַפּלאַן, ד.

**111** אַ יום־טוב לכבוד דער דער־שיינונג פון יהואַשס איבערזעצונג פון תנך.

## קאָראַלניק, ד״ר א.

**112** **יהואַש,** דאָס בוך פון וואָרצלען, **וואַרשע 1928, זז׳ 97—101.**

**113** **אַרום יהואַשן,** שריפטן, **ב׳ 1, נ״י 1938, זז׳ 143—149.**

## קעניג, לעאָ

**114** **פינף פסעוודאָנימען — יהואַש,** שרייבער און ווערק, **ווילנע 1929, זז׳ 133—134. — נאָמבערג און יהואַש, זז׳ 154—165.**

## ראָבאַק, א. א.

**115** די אימפעריע ייִדיש, **מעקסיקע 1958, ז׳ 71, 73, 77, 200, 201, 359.**

**116** דער פאָלקסגייסט אין דער ייִדישער שפּראַך, **פּאַריז 1964, ז׳ 75, 288, 425, 522.**

## ראָדאַק, יעקבֿ

**117** **יהואַש,** קונסט און קינסטלער, **נ״י 1955, זז׳ 40—46.**

## ראָזענפֿעלד, ד״ר י.

**118** וועלט איין וועלט אויס, **דוד איגנאַטאָוו, שיקאַגאָ 1935, ז׳ 14, 15.**

## ראָזשאַנסקי, שמואל

**119** יעקב דינעזאָן, **ב״א 1956, ז׳ 58.**

**ראַן, לייזער**

120 לייזער וואָלף, לידער, נ״י 1955, ז׳ 13.

**ראָנטש, יצחק־אלחנן**

121 אַמעריקע אין דער יידישער ליטעראַטור, נ״י 1945, ז׳ 225.

**ריבקינד, יצחק**

122 יודאַ א. יאָפע־בוך, נ״י 1958, ז׳ 257.

**ריווקין, ב.**

123 גרונט־טענדענצן אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, נ״י 1948.

**רייזען, אבֿרהם**

124 עפּיזאָדן פון מיין לעבן, ב׳ 1, ווילנע 1929, זז׳ 21—41, 90—93. — ב׳ 2, ז׳ 194.

**שאָמער־באַטשעליס, ראָוז**

125 סאַלאָמאָן בלומגאַרטען־יהואָש, פּאָרטרעטן פון באַוווּסטע יידישע פּערזענלעכקייטן, לאָס אַנדזשעלעס 1955, זז׳ 127—130.

**שאַצקי, ד״ר יעקבֿ**

126 יאָרבוך פון אַמאָפּטייל, נ״י 1938, ז׳ 28.

**שולמאַן, אליהו**

127 יונג־ווילנע, נ״י 1946, ז׳ 27, 53.

**שוסהיים, א. ל.**

128 פון קליינע און גרויסע זאַכן, ב״א 1949, זז׳ 34—35.

**שווייד, מאַרק**

129 טרייסט פון מיין פאָלק, דאָס לעבן פון י. ל. פּרץ, נ״י 1955, ז׳ 212, 259, 270.

**שטיינבערג, נח**

130 יהואָש, אַ בוך משה נאַדיר, נ״י 1925, זז׳ 141—142.

**שרעבעק־אויסגאַבע**

131 ספּעקטאָר־בוך, וואַרשע 1929, ב׳ 1, ז׳ 179.

**שלום עליכם**

132 צו יהואָש, דאָס שלום עליכם־בוך, נ״י 1926, ז׳ 256, 258.

## וועגן יהואָשן אין פּנקסים, אַנטאָלאָגיעס און אַלמאַנאַכן

**באַסין, מ.**

133 יהואָש, אַנטאָלאָגיע 500 יאָר יידישע פּאָעזיע, ב׳ 2, נ״י 1917, זז׳ 51—59.

134 יהואָש, אַמעריקאַנער יידישע פּאָעזיע, אַנטאָלאָגיע, נ״י 1940, זז׳ 29—48.

135 יידישע פּאָעזיע אויף אַמעריקאַנער מאָטיוון, נ״י 1955.

**גאָלדבערג, א.**

136 60 יאָר יידיש קולטור־לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נ״י 1961, ז׳ 378.

**גלאַטשטיין, יעקב — גלאַנץ־לעיעלעס, א. — מינקאָוו, נ. ב.**

137 אינטראָספּעקטיוויזם, אין זיך, אַנטאָלאָגיע, נ״י 1920, זז׳ 5—27.

**גרין, בער**

138 יידיש קולטור־שאַפן אין אַמעריקע ביזן יאָר 1900. איקוף־אַלמאַנאַך, נ״י 1951, ז׳ 31.

**(ל)אַנדוי, (ז)ישאָ**

139 אַנטאָלאָגיע, נ״י 1919, זז׳ V, VI, 67—70.

**ליטוואַק, א.**

140 די יידישע ליטעראַטור אין יאָר 1926, יידישער וועלט־אַלמאַנאַך, ב׳ 2, נ״י 1927, זז׳ 151—159.

**מאַרגאָלין, אַננאַ**

141 דאָס יידישע ליד אין אַמעריקע, אַנטאָלאָגיע, 1923.

**מייזיל, נחמן**

142 יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע פאַר די לעצטע דרייסיק יאָר, אין דינסט פון פאָלק, אַלמאַנאַך פון יידישן פאָלקס־אָרדן, נ״י 1947, ז׳ 302, 310.

143 יהואָש, אַמעריקע אין יידישן וואָרט, אַנטאָלאָגיע, נ״י 1955, זז׳ 149—157.

**ספיוואַק, ד״ר חיים**

144 יהואָש דער וויסנשאַפטסמאַן (זכרונות), פנקס, אַרויסגעגעבן פון דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, אַמעריקאַנער סעקציע, נ״י, ב׳ 1, העפט 1־2, יולי־דעצ׳ 1927, זז׳ 140—145.

**קאַזדאַן, ח. ש.**

145 35 יאָר יידישע קינדער־ליטעראַטור אין אַמעריקע, שול־פנקס, שלום עליכם־פאָלקס־אינסטיטוט, שיקאַגאָ 1946, ז׳ 372.

**קיסין, י.**

146 לידער פון דער מלחמה, אַנטאָלאָגיע, נ״י 1948, זז׳ 89—91.

## וועגן יהואָשן אין כרעסטאָמאַטיעס, ביבליאָגראַפישע פובליקאַציעס

**אָלגין, מ.**

150 דער אינטעלעקטועלער כאַראַקטער פון יעהויאָשעס ליד, דאָס פּראָגרעסיוו געזעלשאַפטלעכע און אָפּטימיסטישע בּאַ יעהויאָשן, יעהויאָשעס שפּראַך, יידישע ליטעראַטור, כרעסטאָמאַטיע פאַר ליטעראַטור און קריטיק, קיעוו 1928, זז׳ 287—290.

**אָסטראָווסקי, ב. — הורוויץ, ש.**

151 יידיש, כרעסטאָמאַטיע פאַרן דריטן און פערטן לערניאָר, נ״י 1927, ז׳ 81, 170.

**באַסטאָמסקי, ש. — חיימסאָן, מ.**

152 לעבעדיקע קלאַנגען, כרעסטאָמאַטיע פאַרן דריטן לערניאָר, ווילנע 1922, ז׳ 59.

**באַסטאָמסקי, ש.**

153 יהואָש (זאַמלהעפט) באַוועגליכע כרעסטאָמאַטיע, ווילנע 1930, 16 זייטן.

### האַרקאַווי, אלכסנדר

154 ביבליאָגראַפיע פון מקורים, נ״י 1928.

### וויטקעוויץ, בערטשי

155 יהואָש, אַ ביבליאָגראַפיע פון זיינע שריפטן, קליוולאַנד 1944.

### טקאַטש אַבֿרהם — צעסלער שמואל

156 יהואָש (ביאָגראַפיע), אונדזער המשך, כרעסטאָמאַטיע, ב״א 1953, זז׳ 319—320.

### ישורין, יעפֿים

157 פופציק יאָר „די צוקונפט״ (1892—1942), די צוקונפט, נ״י מײַ־יוני 1942, ז׳ 348. — ד״ז, אויגוסט 1942, ז׳ 505, — ד״ז, אָקטאָבער 1942, ז׳ 637. — זיבעציק יאָר „די צוקונפט״, (1892—1962), ד״ז נאָוו׳־דעצ׳ 1962, ז׳ 509.

158 ב. ריווקין־ביבליאָגראַפיע, ב. ריווקין — לעבן און שאַפן, נ״י 1953, ז׳ 309, 310, 327. סעפּאַראַטער אָפּדרוק, נ״י 1953, ז׳ 5, 6, 23.

159 רשימה פון ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונגען וועגן די ייִדישע שרייבערס אין י. ישורינס ביבליאָגראַפישן אַרכיוו, יעפים ישורין יובל־בוך, נ״י 1955, ז׳ 171.

### מרמר, ק.

160 יעהויאָשעס שטעלונג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן, אידישע ליטעראַטור, כרעסטאָמאַטיע, 1טער טייל, קיִעוו 1928, זז׳ 290—296.

### ספּיוואַק, אליהו

161 ייִדיש, ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע פאַרן דריטן לערניאָר, וואַרשע 1922, זז׳ 13—14.

### ענטין, יואל

162 פון ייִדישן קוואַל, אַ ייִדיש לערבוך און כרעסטאָמאַטיע, נ״י 1916, זז׳ 39—40, 41—42, 55, 66, 92, 103—104, 137—138, 156—158, 165—167, 177—178, 182—184, 192—193, 204—205, 221—223, 264—265, 277—278.

### צעסלער, שמואל

163 יהואָש (ביאָגראַפיע), אונדזער המשך, כרעסטאָמאַטיע, ב״א 1953, זז׳ 319—320.

### קאָסאָווער, מרדכי — אונגער מנשה

164 יעקב שאַצקי־ביבליאָגראַפיע, נ״י 1939, ז׳ 20—32.

### רייזען, אַבֿרהם

165 פאַבלען פון יהואָש, די ליטעראַרישע וועלט, נ״י 13 דעצ׳ 1912. — שלמה סלוצקי — אַברהם רייזען־ביבליאָגראַפיע, נ״י 1956, ז׳ 228.

### BARON, SALO

166. **Bibliography of Jewish Social Studies,** New York 1941, P. 45.

### SENDEREY, ALFRED

167. **Bibliography of Jewish Music,** Columbia University Press., New York 1951, P. 286, 291, 292, 294, 305, 306, 334.

## וועגן יהואָשן אין זאַמלביכער, ייוואָ־בלעטער און געזאַנג־ביכער

### אָפּאַטאָשו, י.

168 50 יאָר יידישע ליטעראַטור אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, ייוואָ־בלעטער, ב׳ 38, נ״י 1954, זז׳ 47—48, 49.

### גאָטעספֿעלד, חנא

169 די הומאָריסטישע זשורנאַלן „דער קיבעצער״ און „גרויסער קונדס״, 75 יאָר יידישע פרעסע אין אַמעריקע, י. ל. פּרץ שרייבער־פֿאַראיין, נ״י 1945, ז׳ 98.

### גלאַנץ־לעיעלעס, א.

170 די יידישע ליטעראַטור און די יידישע פרעסע, 75 יאָר יידישע פרע־סע אין אַמעריקע, 1870—1944, נ״י 1945, ז׳ 87, 89.

### געלבאַרט, מיכל

171 זינגט מיט מיר, נ״י 1945, זז׳ 127—128. — מיר זינגען, נ״י 1957, זז׳ 68—69.

172 אַ נייע הגדה של פסח, נ״י 1956, זז׳ 12, 32—33, 36.

### גרייזעל, שלום

173 צוויי דורות ענגליש־יידישע לייענערס, ייוואָ־בלעטער, ב׳ 38, נ״י 1954, ז׳ 124, 127.

### עדלין, וויליאַם

174 דער „טאָג״, די צייטונג, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ נייעם טאָן אין דער יידישער פרעסע, 75 יאָר יידישע פרעסע אין אַמעריקע, י. ל. פרץ שריי־בער־פֿאַראיין, נ״י 1945, ז׳ 69.

### קיסין, י.

175 זישאַ לאַנדויס זאַמלבוך, נ״י 1938, ז׳ 95.

### שטאַרקמאַן, משה

176 וויכטיקסטע מאָמענטן אין דער געשיכטע פון דער יידישער פרעסע אין אַמעריקע, 75 יאָר יידישע פרעסע אין אַמעריקע, י. ל. פרץ שרייבער־פֿאַראיין, נ״י 1945, ז׳ 41.

177 יהואָש, רשימות ביוגראפיות על נהרות, ירושלים 1956, ז, 432.

### שטיינבערג, נח

178 יהואָש (1871—1927), יידיש־אַמעריקע, זאַמלבוך, נ״י 1929, זז׳ 307—308.

179 פאַרלאַנגט קריטיקערס וואָס לייענען, יידיש אַמעריקע, זאַמלבוך, נ״י 1929, ז׳ 302.

# וועגן יהואָשן אין לעקסיקאָנען און ענציקלאָפּעדיעס

**זילבערצווייַג, זלמן**

180 **יהואָש,** לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער, **ב׳ 2. וואַרשע 1934, זז׳ 931—932.**

**ניגער, ש.**

181 **יידישע ליטעראַטור פון 1900 ביז 1942,** אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, **יידן—ג, נ״י 1942, שפּאַלט 142, 168, 169.**

182 **יידיש־קולטור אין אַמעריקע פון אָנהייב ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה,** אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, **יידן — ה, נ״י 1957, ז׳ 113, 115.**

סטוטשקאָוו, נ.

183 יידישער גראַמען־לעקסיקאָן, **1931, זז׳ 16—18.**

**פּיעטרושקאַ, שמחה**

184 יידישע פאָלקס־ענציקלאָפּעדיע, **ב׳ 2, מאָנטרעאָל 1943, שפּאַלט 12.**

רייזען, זלמן

185 **יהואָש,** לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע, **וואַרשע 1914, שפּאַלטן 301—306.**

186 **יהואָש, לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, ב׳ 1, ווילנע 1928, שפּאַלטן 1244—1253.**

שטאַרקמאַן, משה

187 **יידישע ליטעראַטור אין די פאַראייניקטע שטאַטן (1942־1955)** אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, **יידן — ה, נ״י 1957. ז׳ 138, 140.**

פֿוקס, (ח)יים־לייב

188 **יהואָש, לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, ב׳ 4, נ״י 1961, שפּאַלטן 233—244.**

# וועגן יהואָשן אין פרעמדע שפּראַכן

**BLOCH, JOSHUA**

191. Solomon Bloomgarrden Yehoash, **The Universal Jewish Encyclopedia**, Vol. 2, N.Y. 1940, Pp. 413-414.

**F[INKELSTEIN], Z. F.**

192. Jehoasch (Salomon Blumengarten), **Judisches Lexicon**, Berlin 1929, Band 11, Seiten 169-170.

**BEN ASHER, MAOMI**
**LEAF, HAYIM**

189. Yehoash, **The Junior Jewish Encyclopedia**, N. Y. 1957, P. 335.

**BIRNBAUM, SALOMO**

190. The Flowering of Yiddish Literature, **The Universal Jewish Encyclopedia**, Vol. 7, N. Y. 1942, P. 129.

**GLASSMAN, LEO M.**

193. **Biographical Encyclopedia of American Jews,** N.Y. 1935, P. 52.

**HAAS, JACOB DE**

194. **The Encyclopedia of Jewish Knowledge,** N.Y. 1946, P. 79.

**NIGER, SAMUEL**

195. Yiddish Literature, **Jewish Encyclopedic Handbooks,** Vol. III, N. Y. 1952, P. 193, 195, 200, 202, 204, 215.

196. Yiddish Culture, **Jewish Encyclopedic Handbooks,** Vol. IV, N. Y. 1955, P. 290. 295, 296, 297, 300.

**(S)ONTAG, (J.)**

197. Shloime Bloomgarten - Yehoash, **Cassell's Encyclopedia of World Literature,** N. Y. Vol. II, 1953, P. 208.

**ZUFRIEDEN, CLAUDE**

198. Litterature Yiddish, **Encyclopedie de la Pleiade,** II, P. 1180, 1187.

**PHILO-LEXICON**

199. Salomo Blumgarten Yehoasch, **Philo,** Berlin 1935, Seite 309.

**THE TWENTIETH CENTURY ENCYCLOPEDIA**

200. **Yehoash,** Cleveland 1935, Vol. X.

**VALENTINE JEWISH ENCYCLOPEDIA**

201. London 1938, P. 106, Solomon Bloomgarten.

**WHO'S WHO IN AMERICAN JEWRY**

202. **Sol Bloomgarten** (Yehoash), New York 1926, P. 66-67.

**Гордон, Ш.**

203. Иегоаш, **Литературная Энциклопедия,** Том. 4, Москва 1930, стр. 431-433.

**Н(усинов), И.**

204. Иегоаш, **Большая Советская Энциклопедия,** Том. 27, Москва 1933, стр. 479.

## וועגן יהואָשן אין העברעיש

**ב. א.**

205 **מניו־יורק ועד רחובות,** התקופה, מוסקוה 1918, ספר שלישי, ז״ז 707—708.

**איזענשטאַדט, בן ציון**

206 **בלומגאַרטען הר״ר שלמה,** דורות האחרונים, ניו־יאָרק תרע״ג. ספר ראשון, ז׳ 54.

**אייזנשטיין, יהודה דוד**

207 **אוצר זכרונות,** נ״י תר״ץ, חלק ראשון, עמוד׳ 72—73.

**ביאַליק, ח. נ.**

208 אזכרה פאַר יהואָשן, אָפּגעהאַלטן אויף דער שרייבער־קאָנפערענץ אין תל־אָביב, ניסן תרפ״ז, כתובים, תל־אָביב, 27 אפּר׳ 1927. — דברים שבעל פה, תל־אָביב, תרצ״ה, ספר ראשון, עמוד קר״ז.

**ביסקאָ, א. ל.**

209 היש תקוה לספרותנו היהודית, לונדון 1911, עמוד 31.

**ברינד, משה**

210 יהואָש, משלש לשונות, ניו־יורק תש״ג, עמוד׳ קט—קיא.

**ברענער, י. ח. (צלאל, ח. ב.)**

211 פון ניו־יאָרק ביז רחובות און צוריק, האדמה, תל־אָביב 1919, זז׳ 136—137. — כל כתבי י. ח. ברנר, תל־אָביב, תר״ץ כרך שמיני, ספר ב, עמוד׳ 406—408.

**גולדברג, אַב.**

212 יהואָש, ספרות ואמנות, נ״י 1929, עמוד׳ 238—252.

**חיות, שאול**

213 אוצר בדיי השם, ווילנאָ, תרצ״ג (1933).

**טבּרסקי, יוחנן**

214 פרופ׳ אברהם־שלום יהודה ז״ל, גליונות, תל־אָביב, תשרי 1952, עמ׳ 179.

**לשצינסקי, שמואל**

215 פּרקים בספרות־יידיש באמריקה, מצודה, ספר שביעי, וואַלטאַם, מאס. 1954, זז׳ 537—538.

**מלצר, שמשון**

216 יהואָש, על נהרות, ירושלים 1956, עמ׳ 43—45.

**סדן, דבֿ**

217 אבני שפה, תל־אָביב תשט״ז, עמ׳ 113, 174, 236, 293, 364.

218 אבני מפתן, כרך ראשון, ישראל 1961, עמוד׳ 65—80, 106, 118.

**פרסקי, דניאל**

219 עברי אָנכי, נ״י תש״ח, עמוד 127, 203.

**פֿיכמאַן, יעקבֿ**

220 יהואָש, ספר הארץ, אנטולוגיה של ארץ־ישראל, ת״אָ תרפ״ז, עמוד שע״ג.

**רבינוביץ, צבֿי יהודה**

221 יהואָש ז״ל, ילקוט־המועדים, ב׳ 2, ב״א 1943, זז׳ 174—175.

**ריבולוב, מנחם**

222 השירה העברית באמריקה, ספר השנה ליהודי אמריקה, נ״י 1937, עמוד 267.

**ריידר, יוסף**

223 תרגום התורה ליהואָש, שבילי החנוך, כסלו־טבת תרפ״ח, עמודים שי״ד—שט״ז.

**שזר, זלמן**

224 אור אישים, ת״אָ 1955, עמוד 195.

**שטיינבערג, יעקבֿ**

225 יהואָש, רשומות, ת״אָ 1928, עמודים 197—199.

**שטיינמאַן, א.**

226 יהואָש כתבים ת״אָ 1927, עמוד 1.

**שפּיראָ, ישׂראל**

227 מניו־יורק עד רחובות, התורן 27 אַפּריל 1917, ה׳ אייר תרע״ז, גליון ח, עמוד׳ 11—12.

## וועגן יהואָשן אין פרעמדע שפּראַכן

**AUSUBEL, NATHAN**

228. Yehoash, **A Treasury of Jewish Humor,** Garden City, N. Y. 1951.

229. Yehoash, **Pictorial History of The Jewish People,** N.Y. 1953, P. 240, 288.

**AUSUBEL, NATHAN & MARYNN**

230. **A Treasury of Jewish Poetry,** N. Y 1957, P. 31, 76, 129-130, 145, 155-156, 171, 195-197, 233-234, 315-316, 363-365, 391-392.

231. Yiddish Poetry, **A Treasury of Jewish Poetry,** 1957, Pp. XVIII, XIX, 31, 76, 129-130, 145, 153-156, 171, 195-197, 233-234, 315-316, 363-365, 391-392.

**BAYON, LEIB**

232. La Literatura Idish, **Tesoros del Judaísmo Literatura Idish,** Enciclopedia Judaica Castellana, México D.F. 1957, P. 18.

233. Yehoash, **Literatura Idish,** Enciclopedia Castellana, México D.F. 1957, Pp. 174-184.

**BETSKY, SARAH ZWEIG**

234. Introduction, Detroit 1958, P. XVIII, 87.

**HOWE, WILL D.**
**BURKE, W. I.**

235. Solomon Bloomgarden, **American Authors and Books,** 1640-1940, N. Y. 1943, P. 70,

**CREEKMORE, HUBERT**

236. Yehoash (Solomon Blumgarten), **A Little Treasury of World Poetry,** N.Y. 1952, Pp. 87-88.

**DANZIS, MORDECAI**

237. **The Yiddish Press, Literature and Theatre in America,** Vol. I, N. Y. 1947, P. IV.

**DWORKIN, YEHOASH, EVLIN**

238. Yehoash at His Work, **Jewish Book Annual**, Vol. II, N. Y., Pp. 186-188.

**ELBOGEN, ISMAR**

239. **A Century of Jewish Life,** Phila. 5704 - 1944, P. 448.

**EPSTEIN, MELECH**

240. Jewish Labor in USA 1882-1914, N. Y. 1950, P. 352, 435.

**FEUR, LEON L.**

241. Solomon Bloomgarden (Yehoash), **Post Biblical Jewish Literature,** Cleveland, Ohio, Pp. 107-111.

**GOLDBERG, ISAAC**

242. **Great Yiddish Poetry,** 1923, Pp. 6, 8, 12, 31-36.

**GOLDIN, HYMAN E.**

243. The Growth of Yiddish Literature, **Universal History of**

**Israel,** N.Y. 1935, Vol. 4, Pp. 304-305, 306.

**GRAYZEL, SOLOMON**

244. A History of the Jews, Philadelphia 1847, P. 695.

**GREENBERG, ELIEZER**

**HOWE, IRVING**

245. **A Treasury of Yiddish Stories,** N. Y. 1954, P. 69.

**IMBER, SAMUEL J.**

246. **Modern Jewish Poetry,** Anthology, N. Y. 1927, P. XXII.

**I[SAACS], E[DITH] J. R.**

247. Bloomgarden, Solomon, **Dictionary of America Biography,** N.Y. 1929, II, P. 388.

**LEVINGER, RABBI LEE J.**

248. Yiddish Literature, **A History of the Jews in the United States, Cincinn**ati 1935, P. 489.

**LIEBERMAN, HERMAN**

249. Yiddish Literature, **The Columbia University Course of Literature,** The Great Literature of Small Nations, Vol. 8, Pp. 617-640.

**LIPTZIN, SOL**

250. **Poems of the New World,** Eliakum Zunser, Poet of His People, N. Y. 1959, P. 227.

**MARK, YUDEL**

251. Yiddish Literature **The Jews, Their History, Culture and Religion,** N. Y. 1949.

252. A Study of the Frequency of Hebraism in Yiddish, **The Field of Yiddish,** N.Y. 1954, P. 30.

**MASSERMAN, PAUL**

**BAKER, MAX**

253. **The Jews Come to America,** N. Y. 1932, P. 311, 417.

**MILBAUER, JOSEPH**

254. Avant Propos, **Poetes Yiddish d'Aujourd'hui,** Paris 1936, P. 7.

**OPATOSHU, JOSEPH**

255. Fifty Years of Yiddish Literature in the United States, **Yivo Annual of Jewish Social Science,** Vol. IX, N. Y. 1954, P. 76, 80, 81.

**PERELMAN, SAMUEL**

256. **La Science Universelle,** Tome Premier, Paris 1948, P. 64, 129.

**PERKINS, P. D. & IONE**

257. **Lafcadio Hearn,** A Bibliography of His Writings, Boston and New York 1932, P. 197.

**PINSKI, DAVID**

258. **Sholem Aleichem Panorama,** London, Canada 1948, P. 176.

**RABINOVITCH, ISRAEL**

259. Joseph Achron, **Of Jewish Music,** Montreal 1952, P. 193.

260. **Labor Temple and Reform Temple,** Of Jewish Music, Montreal 1952, P. 257.

**RAISIN, MAX**

261. **A. History of the Jews in Modern Times,** N. Y. 1919, P. 323.

262. **Great Jews I Have Known,** N. Y. 1952, P. 99.

**RESNICK, SALOMON**

263. **Esquema de la Literatura Judía,** Bs. Aires 1933, Pp. 63-66.

**RICH, JACOB C.**

264. Yiddish Literature, **American Writers on American Literature,** N. Y. 1931, P. 460.

**ROBACK, A. A.**

265. **Curiosities of Yiddish Literature,** Mass. MCMXXXIII, P. 13, 15, 55, 57, 58, 60, 153, 167, 185, 192, 197, 200, 201, 203.

266. **I. L. Peretz Psychologist of Literature,** Cambridge, Mass. 1935, P. 41, 228, 234, 265.

267. Preface, **A Story of Yiddish Literature,** Yiddish Scientific Institute, N. Y. 1940, Pp. 18, 27, 67, 132, 148, 194, 201-208, 246, 250, 258, 259, 266, 279, 285, 292, 380, 395, 412.

268. **Contemporary Yiddish Literature,** London 1957, P. 25, 88.

**SAPIRO, DAVID**

269. **Lieder by Solomon Golub,** N. Y. 1932, P. 7.

**SHAW, ABRAHAM D.**

270. **Jehoash: Artist-Aristocrat of Yiddish, Hebrew Union College,** N. Y. 1 June 1931, Pp. 15-18.

**SOKOLOW, NAHUM**

271. **History of Zionism,** London 1919, Vol. 2, P. 318.

**WAXMAN, MEYER**

272. **A History of Jewish Literature,** Vol. IV, N. Y. 1947, Pp. 1021-1023.

**WIERNIK, PETER**

273. Yiddish Literature, Drama and the Press, **History of the Jews in America,** N. Y. 1912, P. 418.

**Вертель, С. С.**

274. Соломонъ Блюмгартенъ (Іегоашъ) въ дополненіе к авторизованному переводу съ французскаго: М. Я. Пинесъ. **Исторія Еврейской Литературы** (на еврейско-нѣмецкомъ діалектѣ) Москва 1913, глава XII, стр. 276-285.

**Лазарсонъ, М.**

275. **Изъ поэзіи американскаго гетто.** Іегоашъ. Разсвѣтъ. С. Петербургъ, 12 янв. 1908, стр. 42-43.

**Цинбергъ, С.**

276. Пѣвцы молодой Іудеи, Иегоашъ, Еврейскій Міръ. СПБ. 21 окт. 1910, стр. 45-48.

# נאָכבאַמערקונגען

◈ **25 !** דאָס איז דער 25סטער באַנד **מוסטערווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור,** אַרויסגעגעבן דורכן יוסף ליפּשיץ־פאָנד.

◈ די ערשטע **10 בענד** זיינען געווען פּאַטראָניזירט דורכן **אַרגענטינער אָפּטייל** פון אַלוועלטלעכן ייִדישן **קולטור־קאָנגרעס** און האָבן געטראָגן זיין עמבלעם. פון נאָוועמבער 1957 ביזן 15טן מיי 1961 זיינען דערשינען די ערשטע 10. דער לעצטער באַנד, הגם מיטן זיגל פון קו״ק, איז שוין דערשינען מיט די פינאַנציעלע מיטלען פון דער **ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייִוואָ.**

◈ די אַרבעט און די צייט האָט געוויזן, אַז די **מוסטערווערק פון דער ייִדישער ליטעראַטור** נייטיקן זיך אין אַ קערפּערשאַפט, פאַר וועלכער די דאָזיקע פאַרמעסטונג זאָל ניט זיין קיין בייזאַך, נאָר דער עיקר, די איינציקע זאָרג. פאַר דעם צוועק איז דעם 23סטן סעפּטעמבער 1961 געגרינדעט געוואָרן די **ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייִוואָ.** אַ זעלבשטענדיקע קערפּערשאַפט, אַן אומאָפּהענגיקע.

◈ דער **ייִוואָ** אין בוענאָס־איירעס האָט ברייטהאַרציק אויפגענומען די איניציאַטיוו פאַר דער **ליטעראַטור־געזעלשאַפט** מיט איר גאַנצן סטאַטוס פון אַבסאָלוטער אומאָפּהענגיקייט און געשטעלט צו איר דיספּאָזיציע אָרט פאַר דעם ביכער־לאַגער און ביוראָ, ווי אויך דעם אַדרעס. **אויפן יסוד פון וואָלונטאַריזם,** בעיקר אַבאָנענטן, איז געשאַפן געוואָרן אַ **קאָמיטעט פון 25 פערזאָן,** ס׳רוב שרייבערס און שולפירערס.

◈ אין דעם ערשטן פעריאָד פון 4 יאָר זיינען דערשינען, אויב מ׳וויל זיין פּינקטלעך, 9 בענד. אין דעם צווייטן פעריאָד פון 4 יאָר (חוצן פינאַנצירן דעם 10טן באַנד) ווערן אַרויסגעגעבן פון דער **ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייִוואָ** דורכן **יוסף ליפּשיץ־פאָנד,** רעגולער, 4 בענד **מוסטערווערק** אַ יאָר, בכן, 16 בענד. אין 1965 איז געמאַכט געוואָרן נאָך אַ גרעסערע פאַרמעסטונג: אַזוי ווי די בענד 1 און 2 זיינען פון לאַנג שוין אויסגעשעפּט (מ׳האָט פאַר נויט אַרויסגעגעבן די לעצטע געפעלערטע עקזעמפּליאַרן), זיינען אַרויסגעגעבן 2טע אויפלאַגעס פון ביידע בענד (זע: דאָס פירוואָרט פון מיטפאַרזיצער **אַברהם זאַק** און סעקרעטאַר **שמחה סנה** צו דער 2טער אויפלאַגע פון **שלמה עטינגער**).

◈ די **שבת־צו־נאַכטסן** אין ב״א וועגן די **מוסטערווערק** און די **טורן** איבער די אַמעריקאַנער לענדער, צו ווערבירן אַבאָנענטן, און די **פערמאַנענטע קאָאָפּעראַציע** פון ברייטהאַרציקן בעל הפאָנד **יוסף ליפּשיץ,** ווי דער וואַרעמער אָפּרוף פון **קריטיקערס,** היכשולן, לערער־סעמינאַרן, מיטלשולן, **לערערס און לייענערס,** האָבן געשאַפן אַ זעלטענעם קלימאַט **ביים אַריינטרעטן אין 26סטן באַנד** מוסטערווערק.

ש. ר.

**Joseph Lifshitz Fund**

**ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק**

## מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (264 זייטן)
**2טע אויפֿלאַגע** (312 זייטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יידישע פֿאָלקסלידער מיט נאָטן** (216 זייטן)
**2טע אויפֿלאַגע**
3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (256 זייטן)
4) מענדעלע מוכר ספֿרים — **מסעות בנימין השלישי** (256 זייטן)
5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (208 זייטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע און דער קריזיס** (256 זייטן)
7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (272 זייטן)
8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך** (256 זייטן)
9) דוד פינסקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זייטן)
10) שמעון פֿרוג — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (216 זייטן)
11) י. ל. פרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט** (272 זייטן)
12) י. ל. פרץ — **אין 20סטן יאָרהונדערט** (272 זייטן)
13) מאָריס ראָזענפֿעלד — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (240 זייטן)
14) דוד האָפֿשטיין — איזי כאַריק — איציק פֿעפֿער
**אויסגעקליבענע שריפֿטן** (272 זייטן)
15) מרדכי ספעקטאָר — **דער יידישער מוזשיק**, ראָמאַן (272 זייטן)
16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (352 זייטן)
17) שלום עליכם — **מנחם־מענדל** (272 זייטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זייטן)
19) י. י. שוואַרץ — **קענטאָקי**, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאַרג**
(פּיאָנערן אין אַמעריקע) (312 זייטן)
20) חיים־נחמן ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (384 זייטן)
21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (296 זייטן)
22) מענדעלע מוכר ספֿרים — **פֿישקע דער קרומער** (256 זייטן)
23) **יוסף אָפּאַטאָשו — אין פּוילישע וועלדער** (416 זייטן)
24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (304 זייטן)
25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זייטן)

**אין 1965 דערשײַנט נאָך:**

**26) גליקל האָמיל — זכרונות**

IEHOIOSH

# POETRY, ESSAYS, FABLES

AND STUDIES ON THE JEWISH LITERATURE

★

1965

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires

IEHOIOSH

# POESIA, ENSAYOS, FABULAS

## Y ESTUDIOS LITERARIOS SOBRE SU APORTE A LA LITERATURA IDISH

Director: SAMUEL ROLLANSKY

•

1965

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires